ז. סעגאלאוויטש

# די ברידער נעמזאר

ראמאַן

ווארשע 1929

א מתנה מיין פריינד —
יהושע ווערטהיים
ז. סעגאַלאָוויטש

I.

# אין דאָמבראָווקע

מיט אַן אָוונט פריער איידער בעלאַ איז געקומען קיין דאָמבראָווקע, איז קובאַ נעמזאַר געזעסן מיט זיין „מענטש“, מיט דעם שווייגיקן קנישינסקי. זיי זענען ביידע געזעסן אויף די קלעצער, וואָס ליגן באַם טויער פון גרויסן טאַרטאַק פּלאַץ. ביידע האָבן געשוויגן. געקוקט נישט ווייט און נישט נאָענט. מען וואָלט נישט געקאָנט באַגרייפן, צי זיי הערן זיך צו צום לעבן, וואָס אַרום זיי, לעבן זיי... דער טאַרטאַק, די שנייד־מעסערס פון די גאַטאַרס האָבן, ווי שטענדיק, געשניטן די לופט, דער בייזער עכאָ פון מעסער־שאַרפקייט האָט זיך געפּאַליעט אין שטילן, רויקן אָוונט און נישט דערלאָזט, אַז די שטילקייט זאָל אינגאַנצן באַהערשן די וועלט...

נעמזאַר האָט פאַררייכערט אַ סיגאַר...

קנישינסקי האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס... און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי זענען ביידע צופרידן, וואָס זיי האָבן זיך איצט פאַרנומען מיט דעם רייכערן, כאָטש עס האָט זיך געוואָלט פון עפּעס רעדן, אַנדערש וואָלטן די מענטשן זיך נישט געזעצט אַזוי נאָענט איינער לעבן צווייטן. דאָך האָבן זיי געשוויגן, פּונקט ווי זיי וואָלטן קאַרגן די ווערטער און וואָס לענגער געוואָלט די ערשטע פראַזע פאַרשליסן אין זיך...

דער טאָג איז אַוועק. דער טאָג איז היינט אַוועק אַזוי, ווי אַלעמאָל. מען האָט געשלעפּט קלעצער און געשניטן ברעטער, מען

האָט געפירט פון וואַלד און מען האָט געפירט צו דער באַן. זיבן אַ זייגער האָט דאָס שמאָלע פייפל איבערן דאַך פון טאַרטאַק סיגנאַליזירט און די אַרבעטער זענען אַוועק אַהיים, עס זענען געבליבן בלויז די, וואָס אַרבעטן באַנאַכט. דער טאַרטאַק אַרבעט פיר און צוואַנציק שעה... גישט אומזיסט: הונדערטער יאָרן זענען די ביימער געוואַקסן, מען מוז עס צעשניידן. בערלינער און לאָנדאָנער פירמעס וואַרטן אויף די ברעטער.

איצט איז שוין געווען באַלד נאַכט און איבער אַלץ ליגט אַ גרויסער, אָפענער הימל. שוין, דאַכט זיך, נאַכט און אַ שטיק וואָלקן איז נאָך רויט מיט פלאַם און עס וואַרפט אַראָפּ אַ פורפורשאָטן אויף די סימעטריש אויסגעלייגטע ברעטער, אַ סך הויפנס ברעטער, ווייס-קרעמע בערגלעך, איצט זענען זיי רויט, אַ מינוט, עטלעכע מינוט און דער לעצטער וואָלקן לעשט זיך אויס.

צוויי מענטשן רייכערן און שווייגן. ביז איינער געמט רעדן. נעמזאַר רופט זיך אָפּ:

— מאָרגן קומען זיי שוין...

— אייער פרוי מיט די קינדער? — פרעגט קנישינסקי.

— יאָ, מאָרגן קומען זיי און איך בין זייער צופרידן, וואָס דאָס הויז פאַר זיי איז שוין פאַרטיק... אַ פיין הייזל! וואָס זאָגט איר, קנישינסקי? ווי גיך און פלינק עס איז אויפגעבויט געוואָרן. מען דאַרף נאָר וועלן און איך האָב געוואָלט, אַז דאָס הויז זאָל ביז היינט פאַרטיק זיין, עס איז נאָך דער פרילינג נישט געענדיקט, עס קומט אַ לאַנגער זומער און זיי וועלן דאָ זיין מיט מיר, מיין פרוי מיט מיר, מיינע צוויי יאַטלעך מיט מיר, איך וועל זיי דאָ לאָזן וואַקסן פריי מיט דער נאַטור. זאָלן זיי קריכן אויף די ברעטער, זאָלן זיי קריכן אונטער די ברעטער, זאָלן זיי לויפן אין וואַלד אַריין מיט די דאָרפישע קינדער, זיך שפילן מיט די הינט מיינע, זאָלן זיי וואַקסן געזונטע, דרייסטע...

— און אַז דער זומער וועט אַוועקגיין?

מער האָט קנישינסקי נישט געפרעגט. נאָר נעמזאַר איז פלוצלינג שטיל געוואָרן. ער האָט זיך פאַרטראַכט און קנישינסקי האָט ווייטער גערעדט.

— און אז דער זומער וועט אַוועקגיין, וועלן די קינדער צוריקגיין אין שטאָט און ווידער אָנטון די ענגע שיכלעך, דערנאָך אין די שולן אַריין, און אַלעמען וועט מען זיי לערנען דאָס זעלבע, מיטן זעלבן נוסח. אַלץ איינס נעמזאַרס קינדער צי זאַלקינדס קינדער, איין שאַבלאָן, איין לערער לערנט אַלעמען, פון איין ביכל...

אַזוי ווי נעמזאַר האָט גאַרנישט געענטפערט איז אויך קני־שינסקי פלוצלינג שטיל געוואָרן.

אַרום האָבן זיך אָנגעצונדן עלעקטרישע לאָמפּן, וועלכע זע־נען געהאָנגען אויף הויכע סלופּעס, דער גאַנצער טאַרטאַק־פּלאַץ איז באַלויכטן געוואָרן. עס האָבן זיך נישט געזען קיין מענטשן, נאָר ברעטער און ברעטער, גאַנצע גאַסן פון ברעטער. קנישינסקי איז געזעסן לעבן נעמזאַרן און מיט די אויגן אַרומגעצוימען דעם גרויסן באַלויכטענעם פּלאַץ, ער האָט אַ קוק געטון אין דער נאַענ־טער ווייסקייט, גאַרנישט געזען, ווייל דאָס עלעקטרישע ליכט האָט געשטערט צו קוקן אין דער פינצטערניש, נאָר ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אַרום און אַרום שטייען אַלטע וועלדער און וואַרטן אויף נעמזאַרס האַנט...

נעמזאַר איז דאָ דער באַלעבאָס. זיין חילק האָט אַוועקגע־לייגט אַזוי פיל ביימער. ער האָט אים מקנא געווען פאַר אַזאַ חילק, פאַר אַזוי פיל עקשנות דורכצופירן זיינס, ער האָט גוט געקענט דעמ־דאָזיקן מענטש פון באַטאָג, ער האָט אים געזען אין וואַלד און בײַ דער מאַשין אין טאַרטאַק, ער האָט אים גערדאַנקלעך געזען אויף די באַנען פון גאַנץ פוילן און פון אויסלאַנד. אַ דעפּעש רופט און נעמזאַר פאָרט מיט אַ קליין וואַליזקעלע.

עס האָט זיך געלאָזט וועגן אים טראַכטן, נאָר נעמזאַר אַליין האָט אים ווידער איבערגעריסן זיינע מחשבות:

— איר האָט פריער געזאָגט: „און אַז דער זומער וועט אַוועקגיין?“ יאָ, וועגן דעם וואָלט איך וועלן מיט אייך רעדן, איך וואָלט אייך וועלן עפּעס פאַרטרויען, ס'איז אַ סוד, קיינער ווייסט דאָס נישט, קיינער דאַרף עס נישט וויסן, נאָר מיט אייך ווילט זיך רעדן, ווייל איר זענט אַ גוטער שוויגער.

— איך שווייג פאַר דיר...

— וועט איר אויך שווייגן פאַר מיר אַ ביסל, איך בין היינט
אַ ביסל יום־טובדיק געשטימט, צוליב דעם, וואָס די שטוב איז
פאַרענדיקט און צוליב דעם, וואָס זי קומט מאָרגן מיט די קינדער.
איך האָב זיי ליב, דאָס ווייב מיט די קינדער, מיר דאַכט זיך, אַז
מיט זיי בין איך אַלץ. אָן זיי — גאָרנישט... און איצט הערט מיין
סוד: דאָס הויז, וואָס איז דאָ אויסגעבויט איז אויסגערעכנט נישט
נאָר אויפן זומער. מיין פּלאַן גייט ווייטער: איך וויל זיך דאָ באַ־
זעצן אויף שטענדיק מיט מיין משפּחה, מיין בעלאַ ווייסט וועגן
דעם נישט. דערווייל איז דאָס בלויז מיין ווילן, איך וויל אָבער,
אַז דאָס זאָל אויך ווערן איר ווילן...

— און איר האָט מורא, אַז זי וועט נישט וועלן? — האָט
קנישינסקי געפרעגט.

— איך האָב שטאַרק מורא, אַז זי איז צופיל צוגעבונדן צו
דער שטאָט, זי האָט דאָרט, אין וואַרשע, אַזוי פיל קרובים, באַ־
קאַנטע, זי איז צופיל איינגעבירגערט אין שטאָטישן לעבן, טעאַטער,
פאַרוויילונג, געסט... יאָ, איר זאָלט נישט טראַכטן, אַז זי איז אינ־
גאַנצן פון היינטיקע, זי האָט ליב דעם רויש פון לעבן, נאָר זי
מיידט אויס ביליקייט, זי איז אַ פרוי מיט טאַקט און געשמאַק, איך
מוז אייך זאָגן, אַז מיך האָט נאָך אָפּגעגליקט מיט מיין ווייב, זי
איז... ווי אַזוי זאָל איך דאָס אָנרופן? זי איז... אַלטער ווין, עכ־
טער ווין, נישט קיין געפעלשטער. אַ וואָרט איז אַ וואָרט און טריי־
הייט איז טרייהייט און דאָס, וואָס מיר ביידע האָבן דורכגעלעבט
אין רוסלאַנד, איז נישט קיין קלייניקייט: צרות האָבן אונז צונויפגע־
שמידט אויף אייביק... אין מיר איז אָבער פאָרגעקומען אַ גרויסע
איבערקערעניש. די וועלט, די גרויסע וועלט האָט מיך אויפגעהערט
צו אינטערעסירן, די שטאָט שרעקט מיך, איך פיל זיך, ווי אַ פרעמ־
דער צווישן יעדן טומל פון מענטשן... עס איז מיר געבליבן מיין
אַרבעט. אין דאָמבראָווקע בין איך אינדערהיים און איך וויל, אַז
זי זאָל אויך דאָ זיין, זי מיט די קינדער צוזאַמען מיט מיר. איך
בין, ווי אַ רייכער קמצן, וועלכער געטרויט קיינעם נישט זיין פאַר־

מעגן, נאָר ער טראָגט עס אויף זיין לייב, שטענדיק, אייביק מיט זיך...

ער איז נישט איינגעזעסן, געמזאַר, אויף די ברעטער. אַראָפּגעשפּרונגען און גענומען אַרומשפּרייזן, גערעדט און געשפּרייזט אַרום קנישינסקין. יענער האָט געהערט און געשוויגן... ווי אַ לפֿי־בעדיקער פּונקט פֿון דער נאַכט איז דער מענטש געזעסן און אויסגעהערט דעם צווייטן.

— מיט מיר וויל איך זאָל זי זיין, זי מיט די קינדער לעבן מיר און איך וועל אַרבעטן, אויסהאַקן בראַניצקיס און פּאָטאָצקיס וועלדער, צען גאַטאָרס וועל איך דאָ אַוועקשטעלן, צוואַנציק גאַטאָרס, מיין טאַרטאַק וועט זיין דער גרעסטער און דער בעסטער אין פּוילן... און וואָס איז מיין אַרבעט? אַ ביסל פֿאַרמאָג איך מיין טאַטנס אַמביציעס, מיין טאַטע האָט געהאַט אַ גרויסן פּאַרנעס, אין די וואַלדאָגדער וועלדער האָט ער געלאָזט שפּורן פֿון זיין פּאַרנעס. ער איז שוין געגאַנגען צו די ווילדע, אוראַלטע אַלאַנעצקער וועלדער, איז אויסגעבראָכן די מלחמה און די רעוואָלוציע און דער טאַטע איז געשטאָרבן... איך בין זיין יורש, אָבער מיין ירושה איז אַ קליינע: פּוילן האָט נישט אַזעלכע וועלדער, ווי רוסלאַנד, נאָר דאָ איז אויך פֿאַראַן אויף יאָרן צו האַקן. איך האָב געמאַכט אַ חשבון, ווען מיין טאַרטאַק זאָל דרייפֿאַכיק פֿאַרגרעסערט ווערן, וועלן די שניידמעסערס האָבן צו שניידן אויף אַ פֿופֿציק יאָר... פֿאַר מיר וועט סטייען, פֿאַר מיינע קינדער אויך... וואָס זאָגט איר, קנישינסקי?

— סטייען, וועט סטייען, אָבער מיט וואָס זענט איר זיכער, אַז פּאָטאָצקי אָדער בראַניצקי וועלן די וועלדער אייך שטענדיק פֿאַרקויפֿן? עס קאָן דאָך קומען אַ צווייטער,

געמזאַר האָט זיך קורץ צעלאַכט:

— אָ, איר רעדט שוין, ווי אַ פֿאַכמאַן, דאָס געפֿעלט מיר... יאָ, דאָס איז אַ פֿראַגע. טאָ ווייסט, אַז קויפֿן אַ וואַלד איז אויך קאַמף, אַ ביטערער קאַמף מיטן גראַף און מיט אַלע קאָנקורענטן, אייבעריקנס, קיינער וועט מיט מיר נישט קאָנען קאָנקורירן. קיין איינער פֿון די וואַלד־סוחרים וועט נישט געבן אַזעלכע פּרייזן, ווי איך

וועל געבן, ווייל איך האָב דאָ אַוועקגעשטעלט מיין טאַרטאַק אין סאַמע האַרץ פון די וועלדער, מען האַקט די וועלדער, מען לייגט די ביימער און מען שלעפּט די ביימער גלייך צום מעסער... איר האָט דאָך געזען, ווי מען אַרבעט בא מיר... ניין! דידאָזיקע וועלדער וועלן שוין דורכגיין דורך מיינע הענט, דער טאַרטאַק וועט מיר צוהעלפן. דאָס איז געווען בא מיר באַלד פון אָנהויב אַזאַ סטראַטעגישער פּלאַן: אַוועקשטעלן אָט דאָ דעם טאַרטאַק און דערמיט אָפּהאַקן די פליגל בא מיינע קאָנקורענטן... עס וועט גיין, עס וועט זיין אַזוי ווי איך וויל...

קנישינסקי האָט זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אָנגערופן, ער האָט געקוקט אויף דעם פעסטן שאָטן, וואָס האָט כסדר געשפּרייזט הין און צוריק. אַ באַוועגלעכער און זיך אָנגעצונדענער שאָטן, עס האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז אָט דער נעמזאַר וועט זיך באַלד אַ לאָז טון צו די וועלדער און צולייגן זיין שטאַרקע, זיכערע האַנט צו די ביימער, ער און נישט קיין אַנדערער וועט די וועלדער אויסהאַקן...

— וואָס איז מיין אַרבעט? — נעמזאַר האָט די פראַגע כמעט ווי אויסגעשריגן... — וואָס איז מיין אַרבעט? רייך ווערן וויל איך? איך טראַכט נישט פון קיין רייכקייט, בעת איך נעם זיך עפּעס אונטער. מיין אַרבעט איז מיין באַרוף, מיין פאַך, מיט מיין אַרבעט טו איך עפּעס אויף: איך קויף וועלדער, איך שנייד ביימער און פאַרקויף ברעטער. „אַ הענדלער!“ זאָגן אַנדערע און אין רוסלאַנד האָבן זיי מיך גערופן „בלוט-זייגער“. גיט אַ קוק, קנישינסקי! אָט דאָ און דאָרט, הייזלעך און הייזלעך, זעט דאָס קליינע באַלויכטענע וואָקזאַלכל. צוליב מיר האָט מען אויסגעבויט דאָס וואָקזאַלכל, ווייל איך האָב גענומען האַקן די וועלדער, די הייזלעך האָט מען צוליב מיר געבויט. איך האָב די ערדלאָזע פויערים אַרויסגערופן פון די דערפער, זיי געגעבן אַרבעט, זיי האָבן זיך הייזלעך אויסגעבויט און איצט ווערט דאָ אַ ישוב, כמעט אַ שטעטל. מיר קומט קיין דאַנק נישט דערפאַר, אָבער פאַרוואָס טאַדלט מען אַזוי דעם אייגנעם? די איניציאַטיוו פון דעם אייגנעם? אויסער דער שטרעבונג צו רייכקייט איז פאַראַן: פאַרלאַנג, פאַרנעם, עקשנות, איך האָב

ליב צו שאַפן פּלענער און איך האָב ליב די פּלענער דורכצופירן, איך האָב קיינמאָל נישט געלעבט מיט מיין רייכקייט, מיט מיין אַרבעט לעב איך...

שטיל אַרום, נאַכט! די ברעטער שמעקן מיט פרישקייט, דער גאַטאַר שניידט און שלינגט איין אַלץ מער קלעצער... נאָר דאָס גערויש פון די שניידמעסערס הערט זיך נישט איצט... די שטילקייט שלינגט עס איין.

דער נעמזאַר וואָלט זיין מאָנאָלאָג נישט איבערגעריסן, ווען קנישינסקי וואָלט זיך כאַטש מיט איין וואָרט אָנגערופן, נאָר יענער האָט געשוויגן...

נעמזאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— איך רעד, דאַכט זיך, צופיל, איך רעד און איר שווייגט...

— דאָס מאַכט נישט אויס, איך וועל אפשר אַמאָל אייך אָפּדינגען מיט דעם זעלבן: איך וועל רעדן און איר וועט שווייגן.

— אדרבה...

— ניין! נישט היינט, פּאַניע נעמזאַר! היינט איז אייער אָוונט...

— יאָ, ס'איז מיין אָוונט, ווייל מאָרגן וועט זיין מיין טאָג, מאָרגן קומט זי מיט די קינדער, אויף דעמדאָזיקן שטיק פּלאַץ וועט זיך געפינען מאָרגן מיין גאַנץ פאַרמעגן, איר וועט זען מיינע יאַטלעך, זוי וועלן זיי דאָס האָבן צו קלעטערן אויף די ברעטער, ס'וועט זיין לצנעדיק...

---

צו מיטאָג־צייט איז געקומען בעלאַ מיט די קינדער. אין טאַרטאַק האָט מען איבערגעריסן די אַרבעט, די אַרבעטער זענען געשטאַנען באַם טויער און אָפּגעוואַרט. דאָס גאַנצע טויער האָט מען אויסגעפּוצט מיט גרינס, מען האָט אָפּגערייניקט די שטעגלעך צווישן

די ברעטער, צונויפגעשאַרט די שפּענער און דער אָרקעסטער פון די פייערלעשער איז געשטאַנען גרייט. די אָנגעשטעלטע, דער בוכ-האַלטער ראַבינאָוויטש מיט די איבעריקע, זענען אַרויס מיט נעמזאַרן צום וואָקזאַל. בלויז איינער האָט זיך נישט געזען, דאָס איז געווען קבישינסקי, ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלע איבעריקע „מענטשן" און היינט אין דער יום-טובדיקער מינוט פון בעלאַס אַראָפּקומען קיין דאָמבראָווקע, איז ער אויך נישט געווען אויפן פּלאַץ צוזאַמען מיט אַלעמען...

דער צוג איז מיט רעש אָנגעלאָפן, געבליבן שטיין אַ רגע אין דעם גרויסן, ברייטן וואַלד-קאָרידאָר, געבליבן שטיין, אַ פייף געטון און באַלד ווידער זיך אָוועקגעלאָזט צווישן וועלדער און פעלדער... איבער די רעלסן, אויפן וועג צום טאַרטאַק, איז גע-גאַנגען נעמזאַר מיט זיין פרוי...

אַ דאַמע, אַ יחסנטע האָט זי אויסגעזען. און נעמזאַר האָט אַזוי ווי עפּעס פאַרלוירן פון איר נאָענטקייט, קלענער געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיין די גרעפין, די אינהאַבערין פון אַ גרויסן מאַיאָנטעק און ער, נעמזאַר, איז נישט מער, ווי דער פאַרוואַלטער. אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק, די שטאָטישע בלייכקייט איז געלעגן אויף די האַלב-רונדע, האַלב-לענגלעכע באַקן, טונקל די האָר, די אויגן פיגוס-גרין, הויך, שלאַנק, אַ לייכטער גרויער מאַנטל האָט געפּאַליעט אויף דעם פרויען-קערפּער, בײַ יעדער טריט אירן, האָט דאָס מאַנטל זיך געקנייטשט אין דער טאַליע און געוויגט זיך אויף אירע אַקסלען. אַ שטאָלץ פּנים, אָבער פול מיט גוטמוטי-קייט, דער שמייכל איז געלעגן אויף אַזאַ פּנים, ווי אַ נישט-זעעוו-דיקער וואַל פון דינסטן וועב. זי איז געגאַנגען מיט איר מאַן פאַ-רויס, כסדר גערעדט און דערציילט פון וואַרשע, פון פריינט און באַקאַנטע, כסדר גערעדט און געלאַכט און גאַנץ אָפט זיך אומגע-קוקט אויף די קינדער, וועלכע זענען נאָכגעגאַנגען מיט דער פריי-לין. צוויי ייִנגלעך איינער פון זיבן דער צווייטער פון פינף יאָר, זייער ענלעך איינער צום צווייטן. זיי זענען געגאַנגען און די פריילין האָט זיי געהאַלטן פאַר די הענט. די צוויי ייִנגלעך אין די זעלבע העל-גרויע ספּאָרט-מאַנטעלעך. זיי זענען געווען אַ ביסל אי-

בערראַשט פון דער גייער געגנט און אַ ביסל זיך געשראָקן פאַר די גרויסע וואָלף-הינט, וועלכע זענען יעדער רגע צוגעלאָפן צו אָן אַנדערן פון זיי און אויפן הינטישן אויפן זיך געפריינדלט.

נאָך די באַלעבאַטים זענען געגאַנגען פון וואָקזאַל די אָנגעשטעלטע מיט פּעלעכע אַרבעטער פון טאַרטאַק, וועלכע האָבן געטראָגן דעם באַגאַזש. אויך וואַסיל, דער באַדינער, דער וועכטער און דער גערטנער... וואָס איז ער נישט, וואַסיל? אויך וואַסיל איז דאָ געווען, ער האָט געטראָגן די קלענערע וואַליזקעס און געקוקט מיט שמחה אויף אַלעמען: די פּאַני איז געקומען...

ווען אַלע האָבן זיך דערנענטערט צום טויער פון טאַרטאַק, האָט דער אָרקעסטער גענומען שפּילן: „הונדערט יאָר". פריילעכע, לאַכעדיקע פּנימער האָבן זיך באַגריסט מיט בעלאַן. זי איז געווען איבערראַשט.

זי האָט זיך אָפּגערופן צו איר מאַן:

— דו ביסט דאָ אַזוי ווי אַ קעניג...

— אַ קעניג פון קלעצער און ברעטער, — האָט נעמזאַר לאַכנדיק געענטפערט און דערביי געוואָרפן אַ בליק אויף דעם גרויסן צנדלאָזן פּלאַץ, וועלכער איז געווען פאַרשאָטן מיט געהילץ.

צוליב זיין בליק, האָט זיך אויך בעלאַ פאַרהאַלטן אויף אַ קורצע צייט און באַטראַכטנדיק אַלץ וואָס אַרום איר, האָט זי זיך אָפּגערופן:

— אָט דאָס זענען דאָס דיינע ברעטער און אָט דאָס איז דאָס דיין טאַרטאַק, שוין אַזויפיל יאָר, ווי איך הער: ברעטער, קלעצער, טאַרטאַק, וואַלד און וואַלד און קיינמאָל דאָס נאָך נישט געזען.

זי איז געווען אויפגעמונטערט און פּלוצלינג פרעגט זי:

— און וואָס שרייט עס אַזוי? וואָס סקריפּעט עס?

נעמזאַר האָט געענטפערט:

— דאָס איז דאָך דער טאַרטאַק, די מעסערס שניידן די קלעצער.

— אַ גאַנצן טאָג שניידט עס אַזוי?

— אַ גאַנצן טאָג, בעלאַ! און באַנאַכט... אויך...

— און שלאָפן ? ווי אַזוי קאָן מען שלאָפן אונטער אַזאַ מוזיק ?

— מען שלאָפט... און ווי געשמאַק מען שלאָפט דאָ... צו די שנייד-מעסערס געוווינט מען זיך צו, דאָס סקריפּען ווערט איינגעזאַפּט אין דער נאַכט, וועסט זען, בעלאַ !

מען איז אַריין אין דער ניי-אויסגעבויטער שטוב. אַלץ איז דאָ געווען צוגעגרייט ביז דער קלענסטער קלייניקייט : טישן, בעטן, אַ קיך מיט אַ דינסט.

בעלאַ איז געווען איבערראַשט און דערביי זאָגט זי :

— האָסט זיך דאָ אַזוי איינגעפונדעוועט, ווי דו וואָלסט זיך קלויבן אויף שטענדיק פאַרבלייבן אין דאָמבראָווקע.

נעמזאַ'ן האָט באַ די ווערטער אַ שטיק האַרץ זיך אָפּגעריסן, ער האָט געוואָלט זאָגן : „דו האָסט געטראָפן, בעלאַ ! איך וויל דאָ בלייבן אויף שטענדיק", נאָר ער האָט גענומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש און פאַררעדט בעלאַס ווערטער.

די קינדער זענען געבליבן שטיין אין קאָרידאָר און מען האָט זיי נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דאָרטן, ווייל די ווענט זענען געווען אַרום באַהאָנגען מיט הירשן-הערנער, שפּיציקע ברוינע הערנער, קלענערע און גרעסערע, און אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַן אָנגעשטאָפּטער הירש, אַ גרויסער, אַזוי ווי אַ לעבעדיקער, מיט אומעטיקע אויגן...

די קינדער נעמזאַרס האָבן געקוקט אויפן הירש און געפרעגט ביים פאָטער :

— פּאַפּאַ, ס'איז אַ לעבעדיקער ?

ניין ! קינדער, איר זעט דאָך, ער איז טויט...

— פאַרוואָס איז ער טויט ?

— ווייל מען האָט אים דערשאָסן.

— ווער האָט אים דערשאָסן ?

— אַ יעגער...

— פאַרוואָס ?

ווען נעמזאַר האָט שוין נישט געהאַט קיין ענטפער פאַר די קינדער, האָט מען זיך באַמיט מיט אַלע איינרעדענישן זיי אַריינצו-

פירן אין די חדרים, ארומוואַשן און געבן צו עסן. דערנאָך אינ־
אָוונט פאַרן שלאָף, האָבן די קליינע ווידער געבעטן, מען זאָל זיי
ווייזן דעם הירש. אין די ווייסע, לאַנגע העמדלעך, האָט מען זיי
אַריינגעפירט אין קאָרידאָר און צוויי פּאָר אייגלעך האָבן נייגיריק
געקוקט אויף דעם ברוינעם הירש, וועלכער איז געשטאַנען אין זיין
ווינקל אין אַ פאַרגליווערטער פאַרקלערעניש. . .

---

שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, ווען וואַסיל איז געשטאַ־
נען באַם טאַרטאַק און גערעדט מיט עטלעכע נאַכט־אַרבעטער:
— אַ שיין ווייב האָט דער באַלעבאָס אונזערער, איר האָט גע־
זען, ווי זי שפּרייזט? שלאַנק, מיט ווירדע... איך האָב ליב מענטשן
מיט ווירדע. ווען איך בין נאָך אַ מאַטראָז געווען, איז באַ אונז
געווען אַ קאַפּיטאַן...
און עס איז אַוועק אַ געשיכטע, איינע פון וואַסילס געשיכ־
טעס וועגן ים, שיף, קאַפּיטאַן. דער אַלטער האָט ליב געהאַט צו
רעדן פון דער פאַרגאַנגענהייט. רעדן פלעגט ער שטענדיק באַנאַכט.
באַטאָג האָט מען געמעגט טראַכטן, אַז דער מענטש איז אַ שטו־
מער...
איצט אויך. מיט דער ליולקע אין מויל איז ער נאָכגעגאַנ־
גען די אַרבעטער, וועלכע האָבן געשלעפּט די קלעצער אין דער
גרויסער שאָפּע אַריין. ער איז זיי נאָכגעגאַנגען טריט באַ טריט און
דערציילט מעשיות פון ימען, פון מאָדנע מענטשן מיט מאָדנע זיטן.
די אַרבעטער האָבן געאַרבעט און געשוויגן, זיי האָבן אויסגעזען,
ווי שאָטנס אין דעם עלעקטרישן ליכט פון נעמזאַרס טאַרטאַק, זיי
האָבן געהערט וואַסילס ווערטער, ווי שאָטנס און ביסט געענטפערט
ווי שאָטנס...
דאָס איבעריקע אין דאָמבראָווקע איז געשלאָפן.
עס האָט אויסגעזען, אַז די נאַכט אַליין פאַרטראַכט זיך, וואָס
דאָ איז פאַרגעקומען און וואָס דאָ קומט פאָר. מיט עטלעכע יאָר

צוריק איז דאָ געווען געדיכטער וואַלד. געציילטע גאַיאָווס, וואַלדוועכטער, האָבן דאָ געלעבט. אין די ווינטער-חדשים פלעגן זיך דאָ אַמאָל ווייזן מענטשן פון וואַרשע. יחסנים, הויכע גענעראַלן, ערשטראַנגיקע באַאַמטע פלעגן אַראָפּקומען אויף יאַגד, זיי פלעגן צעטרעטן דעם אומשולדיקן שניי. אָוועקלייגן עטלעכע ווילדע חזירים... דער וואַלד פלעגט פאַרפלעקט ווערן פון שנייאיקן בלוט. דערנאָך פלעגט ווערן שטיל. אַ פרישער שניי פלעגט דאָס בלוט פאַרדעקן און טעג און נעכט — און וואַלד איז געווען שטיל...

איז געקומען נעמזאַר.

האָט מען אויסגעהאַקט אַ שטיק אַלטן וואַלד און אויף דעם זעלבן אָרט, ווו די ביימער זענען געשטאַנען, שטייען איצט אַ סך הייזער, עס ווערט אַ ישוב, דער טאַרטאַק צעוואַקסט זיך, עס טיילט זיך דאָ אויס מיט נייקייט און גרויסקייט נעמזאַרס הויז, וועלכעס ער האָט אויסגעבויט פאַר זיין משפחה. דזאַסאַזיקע הויז פון די בעסטע קלעצער, האָט נעמזאַר געבויט מיט ליבע און פלייס...

עס אָטעמט מיט פרישקייט, די זון צעוואַרעמט די ווענט — און עס רינט פון זיי קלעביקער פעך. די שינדלען פון דאַך זענען שוין אַ ביסל טונקל געוואָרן פון רעגן. אָבער דאָס הויז אַליין רופט מיט זיין נייקייט, עס רופן צו זיך די פענצטער מיט געקרויזטע פאָרהאַנגען, די ברייטע וואַרענדע, וועלכע איז באַפּוצט מיט בלומען-קעסטלעך און אויפגעהאָנגענע בלומען-טעלערס. אַרום הויז אַ ליבע אומאָרדנונג. נישטאָ קיין פלויט, אַן אויסגעשפּאַנטע בריטשקע שטייט דאָ שטענדיק, דאָ וואַלגערן זיך עטלעכע צעבראָכענע מאַשינען פון טאַרטאַק, אַ שטיקל ערד איז צעגראָבן, ווייזט אויס, מען וויל דאָ אַ גאָרטן שאַפן.

דזאַמבראָווקע...

די קליינע סטאַציע איז אַ וואַלד-סטאַציע. עס זעען זיך דאָ אַ סך ברעטער און קלעצער. עס זעען זיך די קוימענס פון טאַרטאַק און אַ ביסל ווייטער, אין הינטערגרונט, שטייען ענדלאָזע וועלדער, וועלכע שפּייזן דעם טאַרטאַק. וועלדער, וועלכע שפּייזן דעם וואָקזאַל. מען ברענגט כסדר צו רויטע וואַגאָנען. די וואַגאָנען ווערן דאָס

אָנגעלאָדן מיט די ברעטער, מיט די קלעצער און מיט די שינדלען. עס אַרבעטן דאָ אַ סך מענטשן.

נאָר ווען מען זאָל אַ קוק געבן פון אויבן, זעט מען דעמאָלט, ווי דער גאַנצער ישוב ווערט ווי פאַרשלונגען פון די וועלדער, אַזוי געדיכט און ווייט ציען זיי זיך. אין אַ זונטיקדיקן טאָג, ווען דער טאַרטאַק אַרבעט ניט, הערט מען עס דעמאָלט, ווי די וועלדער צעזינגען זיך, אַ גליקלעך פויגל־פלאַפלעריי פלעכט זיך און קייטלט זיך איבער מענטש און חיה, איבערן טאַרטאַק און איבער נעמזאַרס הויז, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן בײַ נעמזאַרן:

— האַק ניט אויס די וועלדער! ס'איז אַזוי גוט אין די וועלדער.

מענטשן לעבן פון דעם וואַלד. מען אַרבעט דאָ כסדר. מענטשן קריכן אַרום אַהין און אַהער. מען זעגט. מען הובלט. עס קלאַפּן העק און דער פאַבריק־קוימען פײַפט און שיט מיט רויך. מען אַרבעט דאָ און די אַרבעט איז אַ פרייל́עכע. אין זון־טעג און אין רעגן־טעג. שטענדיק איז דאָ ליכטיקער ווי ערגעץ אַנדערש, די באַוועגונג אַרום דער מיקראָסקאָפּישער באַן־סטאַציע איז דאָ אַ מונטערע. די לופט אָנגעזאַפּט מיט פעך און מיט דעם ריח פון פרישצעשניטענעם בוים. שטעלט זיך דאָ אָפּ אויף עטלעכע רגעס דער צוג, רוקן די פּאַסאַזשירן אַרויס די קעפּ פון די פענצטער, די אויגן דערפרייען זיך אָן אַ פאַרוואָס, ניט איינעם גיט עס אַ ציִ אַהער. עס ווילט זיך אַרונטערגיין... ווער ווייסט! אפשר אַוועקגיין אין די טיפענישן פון דעם ענדלאָזן וואַלד. אין יעדן וואַלד לעבט עפּעס פון אונזער בענקשאַפט, לעבט עפּעס פון פאַרלוירענעם, גרינעם, אוראַלטן.

יעדער צוג אויף דערדאָזיקער סטאַציע ווערט באַגעגנט פון עטלעכע וואַלד־מענטשן ייִדן און קריסטן, זיי שטייען דאָ מיט זייערע ברייטע פלייצעס און גלאָצן מיט די אויגן, ווי אויפגעוועקטע פון שלאָף, בײַ זיי אין די אויגן, און אין זייערע מידע און דאָך געזונטע באַוועגונגען פילט זיך דער רויקער האַלב־דרעמל פון דער אייביקער נאַטור, צו וועלכער זיי זענען אַזוי נאָענט. יעדן טאָג קומט דער צוג און יעדעס מאָל קוקן אויף אים אַזעלכע נײַגיריקע

אויגן, ווייל די אמתע רויקייט פון דער נאַטור רייסט באמת אָפּ דעם מענטש פון דער גרויסער וועלט, פון די מאַשינען, וואָס פאַר־פּאַרטויבן איצט מיט אַ תּליִנישער אכזריות די אוראַלטע אינ־סטינקטן אונזערע.

דער צוג קומט און לויפט אַוועק, עפּעס אַ פויער אויפן וואָק־זאַל שפּייט אויס, פאַררייכערט מאַכאָרקע און שפּייט ווידער... ער הייבט אויף די אויגן און זעט אין דער נאָענטער ווייטקייט בלוי־וואַלד און וואַלד, עס דאַכט זיך דעמאָלט, אַז ער רייסט זיך באַלד אָפּ און אַנטלויפט אַהין אין דער געדיכטעניש פון ביימער, אַזוי טיף פאַרקוקט ער זיך דער מענטש, וועמען דער רויש פון לאָקאָ־מאָטיוו האָט דערשראָקן.

פון די, וועלכע שטייען אויפן קליינעם וואָקזאַל אַזוי אָפּט, צייכנט זיך אויס נעמזאַר, אַ ברייטפּלייציקער, פון מיטעלען וואוקס, אַ מאַן פון גענויע פּערציק. אַ פאַררונדלט בערדל, גרויע אויגן, אָפּ־געבערנט פון דער זון. אַ יידיש אינטעליגענט פּנים, אָבער זיין אָנטון דערמאָנט עפּעס אַ שליאַכטשיץ, אַ פּריץ, אָדער אַ פאַרוואַל־טער פון אַ רייכן פּריץ... געקעסטלטע הויזן און לעדערנע געטרעס אַ ספּאָרט־מאַרינאַרקע, מעשה יעגער. אויב מען באַגעגנט אים צום פאַרנאַכטיקן צוג, האַלט ער דעמאָלט אַ ציגאַר אין מויל.

זיינע באַוועגונגען זענען פּשוטע, ער רעדט מיט די יידן, מיט די אָרים־געקליידעטע. ער רעדט מיט די קריסטן.

אויף דעם רויקן וואָקזאַל פילן זיי זיך דאָ אַלע היימיש, ס'איז זייער שפּאַציר־פּלאַץ, עס איז אַ צוגאָב צום וואַלד, צום טאַרטאַק, צו זייערע וואַלד־ישובים און וואָס גייט זיי אָן, וועלכע פרימער עס קוקן אויף זיי, זיי קומען דאָ אַרויס שפּאַצירן אויף דעם שטיקל אַספאַלט, דאָ איז פאַראַן אַ באַנק, צוויי בענק. ווען דער צוג גייט אַוועק, הערט ווידער ליידיק זייער וועלט און זיי לעבן זייער לעבן.

דער ייד מיט די ברוינע לעדערנע געטרעס און מיט די געקעסטלטע גאַליפע־הויזן — קובאַ נעמזאַר, דער וואַלד־הענדלער. פון דער אַלטער משפּחה נעמזאַר. שוין זיין עלטער־זיידע האָט גע־יאָגט האָלץ אויף אַ סך טייכן פון רוסלאַנד און פּוילן און דער

טאטע זיינער איז געווען אַ באַוווסטער גביר. אַ ייד, אַ יחסן, אַ שטאָלצער מיט יענעם שטאָלץ פון אַן אָרנטלעכן מענטש, פון די, וואָס פאָדערן הארץ און גערעכטיקייט נישט נאָר פון צווייטן, נאָר אויך פון זיך. ער איז אומגעקומען אין דער איבערקערעניש אין רוסלאַנד און עס זענען געבליבן דריי קינדער.

דריי זין. . .

איינער איז געבליבן אין רוסלאַנד, האָט איבערגעריסן מיט דער משפחה און מיט אַלע טראַדיציעס. געוואָרן אַ טרייער קאָמוניסט. דער צווייטער ברודער, דער ייִנגסטער, וווינט אין פּאַריז, ער איז דאָרטן אַ קינסטלער, אַ מאָלער, אָדער ער וויל זיין אַ קינסטלער. פון ביידע ברידער האָט קובאַ קיין נחת נישט. דער עלטערער, איסאַק, שווייגט און רופט זיך נישט אָפּ. און פּאַלק פייניקט בסדר: געלט...

אויף קיינעם טראָגט קובאַ נעמזאַר נישט אַזאַ כּעס, ווי אויף זיין ברידערל פּאַלק:

— אָט אַזאַ, זאָגט ער, מוז מען אָפּשמייסן. אָבער סוף־כּל־סוף פירט אויס פּאַלק. ער באַקומט אַ סומעלע און לאָזט זיך צוריק אוועק קיין פּאַריז. עס גייען אַריבער וואָכן, חדשים, נישטאָ קיין בריוול פון אים. מיטאַמאָל נעמען זיך שיטן בריוו: פּאַלק דערציילט וועגן זיינע גליקן, וועגן גליקן, וועלכע דאַרפן באַלד קומען...

מען וועט קויפן בא אים בילדער פּאַר גרויס געלט. די גרעסטע קריטיקער האָבן זיך פּאַראינטערעסירט מיט אים... אָט באַלד, אָט באַלד, ער איז שוין אַ מיליאָנער.

קובאַ לייענט די בריוולעך און שמייכלט:

— וויפיל וועט עס מיך קאָסטן?

אינגיכן טאַקע קומט דער ייִנגערער ברודער אַראָפּ אהער, צום וואַלד, צום טאַ־טאַק... דער ציל פון זיין קומען איז ווידער געלט. וואָס מער געלט אַרויסצובאַקומען ביי זיין ברודער, און דעמאָלט, ווען פּאַלק קומט פון פּאַריז, דעמאָלט קומט אַ ברוגז אין שטילן לעבן פון וואַלד.

פּאַלק נעמזאַר קומט אַראָפּ, ווי אַ יחסן, ער וויל אַלעמען איבערראַשן מיט זיין פּאַריז, אָבער קובאַ דער עלטערער ברודער,

איז אויף אים א מבין. די ערשטע צייטן האָט ער געפּרוּווט איס צוּ איבערצייגן אויף זיין זייט:

— הער אויף דאָרטן מיט דיין מאַלעריי, קיין געוואַלטיקע זאַכן וועסטו נישט אויפטון, קיין לעאָנאַרדי וועסטו נישט זיין... קום אין וואַלד און נעם זיך צוּ דער אַרבעט.

שמייכלט פאַלק פון זיין קליינבירגערלעכן ברודער און מאַנט בא אים בסדר.

ס׳איז אַ געשיכטע מיט דער ירושה. פאַלק האָט זיין מיינונג, אַז אַלץ וואָס דאָ איז אַרום: דער וואַלד, דער טאַרטאַק, עטלעכע הייזער אין שטאָט, געלט אין באַנק, — אַז פון דעם אַלץ קומט איס אַ העלפט: דער טאַטע האָט איבערגעלאָזט.

נאָר קובאַ האָט אים שוין איינמאָל אָפּגעענטפערט:

— שלאָג זיך אַרויס פון קאָפּ... דער טאַטע האָט איבערגעלאָזט אַ סך, גאָר אַ סך... אָבער דאָס איז אַלץ געבליבן אין רוסלאַנד, בא די באָלשעוויקעס געבליבן, אין וועלדער. גיי נעם זיי די וועלדער, אויב דו קאָנסט. דאָ אין פּוילן האָט דער טאַטע פאַרמאָגט אַ ביסל און איך האָב דאָס מיט מיין אַרבעט צען מאָל פאַרגרעסערט... וואָס ווילסטו? אַ העלפט פון מיין אַרבעט? פאַרוואָס? פאַר דיין זיצן אין די פּאַריזער קאַפעען, פאַר דיינע בילדלעך, וואָס דו מאָלסט, וועלכע קיינער קויפט נישט...

באַליידיקט זיך פאַלק און קריכט דעם ברודער אין האַרץ אַריין:

— ביסט שוין אַ מבין אויף בילדער אויך? כ׳האָב געמיינט, אַז נאָר אויף קלעצער...

— ווי רעכנסטו, פאַלק! אַ קלענערער מבין פאַר דיר? וואָס איך האָב ווייניקער געלערנט פון דיר, ווייניקער געררייזט פאַר דיר? אויף צו ליב האָבן שיינקייט, מוז מען אַרומגיין ליידיק און שטענדיק הוליען אין פּאַריז?

זיי קוקן זיך ביידע אָן מיט דער גרעסטער בייזקייט. באַלד וועט מען זיך וואַרפן איינער אויפן צווייטן. אָבער ברידער בלייבן

ברידער, מען רוקט זיך צוועק אין פארשידענע זייטן און מען שווייגט.

דער אלטער וואסיל גייט ארום און שעלט דעם לײדיקגײער, וואס קומט ציען געלט באם ברודער:

— איך קאטארגע וואלט איך אים פארשיקט... דעם פוסט און פאסטניק!

II.

# בעלאַ נעמזאַר

שמעון קנישינסקי איז געווען מער פֿון אַלעמען איבערראַשט פֿון בעלאַס אַראָפּקומען קיין דאָמבראָווקע. אים האָט עס געטראָפֿן ווי אַ בליץ. זי האָט אים דערמאַנט די שטאָט, די וועלט... ער... ער האָט דאָ געזוכט רו אין די וועלדער. צווישן די פּשוטע מענטשן איז ער אַליין געוואָרן איינפֿאַכער, איינגעהאַלטענער און דער עיקר: ער האָט אויפֿגעהערט צו פֿאַרלאַנגען גרויסע זאַכן פֿון לעבן...

און ווען בעלאַ איז אַראָפּגעקומען, ווען זי איז געגאַנגען פֿון וואָקזאַל אַרומגערינגלט מיט אייגענע און פֿרעמדע, איז דעמאָלט קנישינסקי געשטאַנען באַהאַלטן הינטער די ברעטער און זי נאָכגעפֿאָרשט...

— אָט אַזאַ איז נעמזאַרס פֿרוי... אָט אַזאַ!... ער האָט צו זיך אַליין געמורמלט און די ליפּן האָבן בײַ אים געציטערט, עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס לעבן אַליין איז דאָ אַראָפּגעקומען און איצט שפּרייזט עס מיט האַלב-וויגנדיקע טריט צו נעמזאַרס טאַרטאַק, צו די ברעטער, צו דעם נייעם הויז, וואָס מען האָט אויסגעבויט, עס שפּרייזט צו אַלעמען און אפֿשר מער ווי צו אַלעמען שפּרייזט עס צו אים, צו שמעון קנישינסקי, כּדי זיך צו רייצן מיט אים, פּייניקן אים, אויפֿוועקן אים פֿון זײַן פֿאַרגעסונג, דערמאַנען פֿון אַ גרויסער וועלט, פֿון אַ סך דערגרייכונגען, וועלכע ער האָט פֿאַרשלאָפֿן און פֿון וועלכע ער איז אַנטלאָפֿן. יאָ, ער האָט זיך

דערשראָקן פאַר דער דאָזיקער פרוי. האָט נאָך מיט איר קיין וואָרט נישט גערעדט, ער האָט אויסגעמיטן נעמזאַרס הויז און אפילו נעמ-זאַרן אַליין... האָט עפּעס פאַרגעפילט און שוין געטראָגן אומרויִקייט אין זיך צוליב אַ פרוי, מיט וועלכער ער האָט נאָך קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט...

און נאָך אַ געפיל: ער האָט איצט גענומען מקנא זיין נעמ-זאַרן, יאָ, פריער האָט ער דאָך אויך געזען, אַז יענער איז רייך מיט געלט און מיט ענערגיע, נאָר איצט איז די קנאה געקומען צום אויסדרוק.

ס'איז אפשר נישט געווען די ברוטאַלע קנאה פון נישט פאַר-גינען, נאָר ער האָט צופיל געטראַכט פון נעמזאַרן, געהאַלטן אים פאַר דעם גליקלעכסטן. ער, קנישינסקי, האָט איצט דערזען זיין אייגענע אָרימקייט און פאַרלאָזטקייט. וואָס מער ער האָט געטראַכט פון נעמזאַרן און זיין פרוי בעלאַ, אַלץ קלענער איז ער בא זיך געוואָרן.

נעמזאַר האָט אים שוין עטלעכע מאָל גערופן צו זיך און ער האָט זיך אַלץ אַרויסגעדרייט. איינמאָל האָט אים נעמזאַר גענו-מען אונטערן אָרעם:

— קומט צו מיר אויף מיטאָג! איז ער געגאַנגען. און געווען איבערראַשט פון די קלייניקייטן, ווי פיין דער טיש איז געווען צו-געגרייט, ווי געשמאַק און ראַפינירט יעדער ביסן איז געווען. עס האָט זיך אים נישט געגלייבט, אַז דאָ אין „ווילדן וואַלד" קאָן מען אַזאַ טיש צוגרייטן.

ער האָט געגעסן און געשוויגן. אָפּגעקומען מיט געציילטע ווערטער און איז שוין געווען צופרידן, ווען די סעודה האָט זיך געענדיקט.

ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט בעלאַ געפרעגט:

— ווער איז ער און וואָס איז ער?

— מיינס אַ „מענטש", ער אַרבעט אין קאָנטאָר.

— גאָרנישט ענלעך צו דיינע „מענטשן".

— האָ! מיט אים איז אַ גאַנצע געשיכטע. ער איז אַ באַ-חוסטער שרייבער. קנישינסקי איז זיין נאָמען. דו לייענסט נישט

קיין יידישע ביכער, דעריבער ווייסטו נישט ווער ער איז. מיט אים דאָרטן, אין וואַרשע, איז עפּעס פאָרגעקומען. ער האָט זיך צעקריגט מיט זיינע חברים... ווער ווייסט אים צוליב וואָס, ער האָט מיר יאָ עפּעס דערציילט און איך האָב נישט אַלץ פאַרשטאַנען, ער אין מיינע ברעטער פאַרשטייט אויך נישט אַלץ. בײַ זיי דאָרט, בײַ די שרייבערס, איז אויך פאַראַן קאָנקורענץ, נאָך ערגער, ווי בײַ די וואַלד־סוחרים און דער קנישינסקי... אים איז אין שטאָט דאָס לעבן מיאוס געוואָרן, איצט איז ער בײַ מיר אַ „מענטש".

בעלאַ האָט זיך פאַרטראַכט.

און נעמזאַר האָט צוגעגעבן:

— מעגסט זיך מיט אים נענטער באַקענען, מיט אים לאָזט זיך רעדן.

ווען נעמזאַר איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, איז בעלאַ צו אַם פענצטער, פונקט ווי זי וואָלט עמעצן געזוכט...

זי איז דאָ געוועזן מיט אירע קינדער, מיט איר מאַן. זי איז דאָ איצט אין די ליכטיקסטע טעג פון זומער. אינדערפרי, ווי זי עפנט נאָר די אויגן, רייסט זיך שוין די זון דורך די שפּאַרעס פון די לאָדנס. זי איז רויק. דאַכט זיך, אַז עס איז איר גוט און עס באַדאַרף איר זיין גוט... און דאָך פילט זי זיך אַזוי ווי געפאַנגען. זי פילט זיך נישט אין איר סביבה... זי בענקט נישט, נאָר עפּעס ריגט זי אָן צו בענקען, זי באַקומט בריוו פון וואַרשע און זי שרייבט בריוו צו אירע קרובים און באַקאַנטע. זי שרייבט זיי, אַז אַרום איר איז אַ סך זון, אַ סך גרינס, אָבער זי וואָלט אויך וועלן צוגעבן, אַז אַרום איר איז אַ סך ברעטער און אַלע רעדן פון ברעטער...

קובאַ, איר מאַן, רעדט אויך אַ גאַנצן טאָג פון ברעטער און דער טאַרטאַק סקריפּעט טאָג און נאַכט. זי שרייבט נישט וועגן דעם. זי פילט, אַז מיט דעם וואָלט זי באַליידיקט איר מאַן. ער האָט עס ליב, דאָס איז זיין לעבן...

זי שווייגט און דאַכט זיך, אַז זי הייבט אָן צו ליידן אין זיך.

בעלאַ נעמזאַר...

וועגן איר קאָן מען זאָגן, אַז זי איז אַ פרוי מיט אַ שטאָל־צער אונטערטעניקייט. זי פאָלגט, און דאָך האָסטו פאַר איר דרך ארץ.

זי האָט געוווּסט, אַז דער טייערסטער מענטש פאַר איר איז קובאַ, איר מאַן, זי האָט אויך געוווּסט, אַז דרך־ארץ פאַר איר האָט ער געגנוג, אָבער אין דער זעלבער צייט באַמערקט ער אַליין נישט, ווי ער רוקט זיך אַלץ מער אָפּ פון איר...

זי איז געקומען צו איר מאַן, ווי צו אַ גלייכן, און זאָך איז אַ ביסלעכווייז פאַרשלונגען געוואָרן מיט אַלע אירע קאַפּריזן. מיט איר גאַנצער אייגנאַרטיקייט. זי איז איינגעשלונגען געוואָרן פון קובאַ׳ס נעמזאַרס ענערגיע. צוערשט האָט זי אים באַוווּנדערט, דערנאָך געגומען נאָכגעבן אין גרעסערע און אין קלענערע ענינים, ביז זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו רעאַגירן אויף אַ סך זאַכן, זי האָט אויך אויפגעהערט צו פּראָטעסטירן, ווען איר רעכט איז באַגרענעצט געוואָרן. אַ סך מאָל האָט זי דאָס נישט באַמערקט און אַ סך מאָל נישט געוואָלט באַמערקן צוליב שלום בית. זי איז געבליבן אַ גוטע פרוי און אַ טרייע מוטער און אין די צוויי געפילן פון פרוי און מוטער איז געלעגן באַהאַלטן אַ דריט געפיל, אַ געפיל פון זעלבשטענדיקייט, פון אייגענע פאַרלאַנגען, פון אַן אייגענער מיינונג... פאַר זיך אַליין האָט עס געלעבט אין איר, געלעבט אין פּאַסיוויטעט, געדרימלט און נישט געוואָלט זיך באַווייזן פאַר קיינעם... ערגעץ טיף אין איר נשמה איז געווען אַ ביסל פאַרדרוס.

קובאַ נעמזאַר איז געווען צופיל פאַרנומען מיט זיך און מיט זיינע געשעפטן. קובאַ האָט בלויז געזען ז יי ן פרוי און די מוטער פון ז יי נ ע קינדער.

ער איז נישט געווען קיין דעספּאָט, נישט געווען קיין באַגרענעצטער מענטש. שולדיק איז אפשר געווען בעלאַ אַליין. זי האָט אויפגעהערט צו פאָדערן, זי האָט אויפגעהערט צו דערמאַנען וועגן זיך, און אַז מען הערט אויף צו פאָדערן רעכט, פאַרגעסט דער צווייטער, אַז אַ מענטש קומט די רעכט.

אמת, זי האָט געהאַט רעכט צו דערמאַנען, זי האָט געהאַט

מוט צו פֿאָדערן. ער וועט נישט אָפּזאָגן, אפילו דאָן, ווען ער וועט האָבן באַרעכטיקונג אויף צו ענטפֿערן: „ניין!“ נאָר זי האָט שטענדיק אויסגעפֿירט אירס, ווען ער אַליין פֿלעגט זיך כאַפּן און דערמאָנען.

איצט איז אַנדערש. ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק, אָדער ער פֿאַרגעסט אויף אַן אמת.

עס זענען געווען קלייניקייטן:

ווען מען האָט אַריבערגעפֿירט פֿון שטאָט אַ סך שטוב־זאַכן אין וואַלד אַריין, האָט קובאַ נישט אָנגעזאָגט, מען זאָל ברענגען דעם קלאַוויר אין וואַלד און ער האָט דאָך געוווּסט, געמוזט וויסן, וואָס פֿאַר בעלאַן איז דער קלאַוויר. זי איז געווען אַ טובֿטעלע פּיאַניסטין, איר שפּילן האָבן פֿאַר־קענער באַוווּנדערט. ווען זי וואָלט אין די מיידלשע יאָרן געווען אָרים, וואָלט זי באַשטימט מיט איר שפּילן אַ קאַריערע געמאַכט, און איצט... ווען דער קלאַוויר איז נישט געבראַכט געוואָרן, האָט עס זי באַליידיקט... ער ווייסט נישט... ער פֿילט נישט, אַז אין שפּילן לעבט אויף איר נשמה, אַז דער קלאַוויר איז די צווייטע העלפֿט פֿון איר נשמה. ער האָט עס געלאָזט אין שטאָט, אין די פּוסטע צימערן, ווי אַ טויטע זאַך, ווי עפּעס איבעריקס.

האַלב אומעטיק, האַלב מיט איראָניע, האָט זי אים איינמאָל אַ פֿרעג געטון:

— דו פֿילסט נישט, קובאַ... דאָ פֿעלט עפּעס...

— וואָס מיינסטו, טייערע!

— פֿאַר מיר, פֿאַר מיר פֿעלט עפּעס...

ער האָט זיך נישט געכאַפּט און יעדע רגע פֿון זיין נאָכקלערן האָט זי געשניטן, ווי מיט אַ מעסער, ביז זי האָט אַרויסגערעדט:

— דער קלאַוויר... האָסט עס אין שטאָט געלאָזט...

ער האָט זיך אַ פּאַטש געטון און איז באמת פֿאַרזאָרגט געווען פֿון דעם. אין עטלעכע טעג שפּעטער איז שוין דער קלאַוויר געשטאַנען אין איינעם פֿון די גרויסע און ליכטיקע צימערן, די פֿענצטער זענען אָפֿן און די וועלדער אַרום הערן צאַרטע קלאַנ־

גען, קלאַנגען, אין וועלכע עס ווידערהאָלט זיך דאָס לעבן פון די אַלטע וועלדער, קלאַנגען פון דער נאַטור, בעטהאָווענס און וואַגנערס העראָישע מעלאָדיען... זי האָט געשפּילט פאַר זיך, איינגאַנצן פאַר זיך. דאָ זענען נישט געווען קיין מבינים, דאָ האָט זי נישט געהערט קיין לויב-געזאַנג, קיין בראַוואָ... און זי האָט עס נישט באַדאַרפט. זי האָט דאָס שפּילן איצט אויסגענוצט, ווי עפּעס אַ שמועס מיט זיך אַליין...

געזוכט האָט זי אין די קלאַנגען אַ פאַרגיטיקונג...

גליקלעך, רייך, מאַן און צוויי ליכטיקע קינדער, און דאָך איז זי אַ ביסל איינזאַם. ווי געטריי דער מאַן אירער זאָל נישט זיין, דאָס, וואָס ער גיט אָפּ זיינע געשעפטן, לאָזט שוין פאַר איר גאָרנישט איבער... זי... זי וואָלט נישט געוואָלט דאָ בלייבן, זי וויל אַ גרויסע שטאָט, זי וויל האָבן אירע מענטשן אַרום זיך, חדשים גייען פאַרביי און זי הערט קיין איין קאָמפּלימענט נישט... אפשר? אפשר זאָל זי זיך באַגנוגענען מיט די לויב-ווערטער פון אָרימצן באַן-באַאַמטן, וואָס קומט אַריין צו זיי טיי טרינקען? זי שמייכלט צו זיך אַליין און שפּילט ווייטער, אירע נאַקעטע הענט שפּרינגען איבער די קלאַווישן און ביסלעכווייז נעמט זי מער קוקן אויף די הענט, ווי אין די נאָטן... אירע הענט, זיי זענען פון קינסטלער געצייכנט געוואָרן און דעמאָלט, ווען זי האָט פאַר קובאַן געשפּילט, ווי אונטערטעניק, ווי אָנגעשראָקן ער פלעגט זיך צראָפּבייגן איר אַ קוש אין האַנט צו געבן...

היינט איז דאָס אַנדערש.

זי איז זיין ווייב. דער גוטער, קלוגער קובאַ. ער ווייסט, אַז זי איז אים געטריי, איבערגעגעבן, אָבער ער רעדט זיך צופיל איין, זי וואָלט וועלן גלייכהייט און טאַקע אַמאָל נישט קיין גלייכהייט, זאָל ער פאָלגן אירס אַ קאַפּריז... אַ גרויסן קאַפּריז:

— נעמוזאַר! קובאַ מיין מאַן... נעם און פאַרברען דעם טאַרטאַק! כאַ, כאַ... זי לאַכט צו זיך אַליין און נעמט האַסטיק קלאַפּן איבער די קלאַווישן, אַז דער וואַלד ציטערט אויף.

פאַראַן קלענערע קאַפּריזן, וואָס זי פירט נישט אויס: זי האָט געוואָלט אַרויספאָרן מיט די קינדער קיין אויסלאַנד. זי האָט

עס נישט פאַרלאַנגט, נאָר פאַרגעלייגט גאַנץ איידל, כדי עס זאָל נישט אויסזען, ווי אַ פאַרלאַנג, נאָר ווי אַ פאָרשלאַג, האָט קובא געמאַכט אין זיך אַ חשבון און געענטפערט, ווי אַ סוחר:

— ניין! טייערע... היינטיקן זומער נישט.

זי האָט נישט געפרעגט, פאַרוואָס נישט. זי איז געווען שטיל, ווי אַ טויב, אָבער זי האָט געפילט אַ גרויסע באַליידיקונג.

דערנאָך האָט ער זיך געכאַפּט:

— נאָר אויב דו ווילסט שטאַרק, בעלאַ...

זי האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— זאָל שוין זיין, ווי דו ווילסט.

— וועלן מיר איבער אַ יאָר פאָרן צוזאַמען.

און ער האָט זי איבערגעלאָזט אַליין. זי האָט געטראַכט... שוין נישט געטראַכט, נאָר ווייטיקלעך געפילט, אַז זי איז בא אים אין די הענט.

זי איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון זיין ווילן און זיינע מעגלעכ-קייטן, אינגאַנצן פון אים אָפּהענגיק.

ער דעצידירט...

זי איז אַזוי ווי אַ צוגאַב.

צי דען איז זי שוין אַלט, אָפּגעלעבט?..

זאָל רעדן דער גרויסער שפּיגל.

און זי קוקט אין שפּיגל. דאָס פּנים איז פריש, די ליפּן פריש, די אויגן יונג און שמייכלענדיק, עפּעס צוגעקומען אין טאַליע, אָבער דאָס איז נישט געפערלעך.

זי האָט נישט איצט א י ר ק ע ג נ ו ו א ר ט: דאָמבראָווקע איז נישט פאַר איר, זי ווייסט אויך נישט, וואָס צו טראַכטן פון איר צוקונפט, נעמט זי גאָר טראַכטן פון איר פאַרגאַנגענהייט:

נישט אַזוי איז איר לעבן געגאַנגען אין אַמאָליקע טעג. זי דערמאַנט זיך, בעלאַ, אירע יונגע יאָרן אין מאָסקווע. טעג אין זייער רייכע אַריסטאָקראַטישע חדרים. און טעג אין רוישיקער גע-זעלשאַפט. אַן אָפּגעזונדערט פּאַלאַצל אויף אַרבאַט אַרום לעבן די מאָסקווער רייכע פאַבריקאַנטן, נאָר בא אַלעמען זענען די טירן צוגעמאַכט. יעדעס הויז אַ באַזונדערע וועלט, כמעט אַ געהיימע

וועלט. גייסט פאַרביי און פילסט אַ דרך-ארץ פאַר דעם שווייגנדיקן הויז. אָט אַזוי האָבן געדאַרפט לעבן אַלע מענטשן, דעמאָלט וואָלטן זיי שענער געווען און אינטערעסאַנטער... בײַ זיי זענען אויך געווען די טירן צוגעמאַכט, די פענצטער פאַרהאָנגען און אין די שטילע צימערן האָט זיך געהאָדעוועט די יונגע בעלאַ, איין איינציקע טאָכטער געווען.

איר פאָטער, אַ רײַכער דירעקטאָר פון אַ גרויסער פאַבריק, האָט נישט געקאַרגט קיין געלט אויף דערציִונג און שפּעטער ווען זי איז אויסגעוואַקסן, האָט בעלאַ גענומען שפּילן קלאַוויר. געשפּילט האָט זי בלויז פאַר זיך און פאַר אייגענע מענטשן, נאָר זי איז דאָך באַרימט געוואָרן אין מאָסקווע.

צו זיי פלעגן אַרײַנקומען די בעסטע מבינים אויף מוזיק, מוזיקער, דיכטער. ראַכמאַנינאָוו, דער קאָמפּאָזיטאָר און דער צאַרטער פּיאַניסט, האָט זיך געבעטן בײַ איר, זי זאָל כאָטש איין קאָנצערט געבן אַן עפנטלעכן.

נישט געוואָלט.

אַ ביסל האָט זי מורא געהאַט פאַר די טויזנטער אויגן, וואָס וועלן קוקן אויף איר, און אַ ביסל פון שטאָלץ:

— איך האָב עס פאַר זיך, דאָס איז מײַנס, איך וויל נישט צעטראָגן מײַן נשמה פאַר דער גאַס.

קיין נויט האָט זי נישט געהאַט, קיין קאַריערע נישט בעדאַרפט פון דעם מאַכן און זי איז אַזוי געבליבן אַ באַרימטע אין איר קרייז.

אַ שלאַנקע, מיט אַ רויקן, גוטמוטיקן בליק, אַ רײַכע, אַ פאַרזאָרגטע, און שטאָלץ האָט זי געהאַט גענוג... עס איז אַ גרויסער כבוד געווען צו האָבן בעלאַן אין געזעלשאַפט. יונגע לײַט פלעגן זיך אויפריכטיק פאַרנייגן פאַר איר. אַלטע, אויסגעפּרוּווטע דאָן-זשואַנען פלעגן באַהאַלטן זייערע פרעכע בליקן, מען פלעגט שטענדיק שטיין אַ טריט ווײַטער פון איר... אין אַמאָליקע צײַטן, פלעגט מען אַזוי שטיין פאַר אַ בת-מלכה. זי איז געווען די איינע, אַרום וועלכער אַלע קאָנצענטרירן זיך... אין דער אָפּערע, אין טעאַטער, אויף אַ קאָנצערט, די לאָרנעטקעס צילן אין איר לאָזשע.

צו איר... מיט דער צייט ווערט עס אויך אַ געוויינלעכע זאַך. אַזוי באַדאַרף עס זיין.

זי איז נישט געלאָפן נאָך כבוד און דער פּאָלג, נאָר, אַז דאָס איז געקומען אַליין פון זיך, האָט זי עס צוגענומען מיט איינגעהאַלטענער ווירדע. זי האָט נישט געפּאַרבט די באַקן, כדי עמעצן צו געפעלן ווערן. זי איז געווען שיין, מאַיעסטעטיש, דערביי געניג באַשיידן... און אָט אַזוי האָט זי געשוועבט אין רייכן לעבן פון מאָסקווע:

בילדער-אויסשטעלונגען, קאָנצערטן, בעלער, אויף פערד-געיעגן. אומעטום איז זי געווען, אומעטום זיך באַוויזן, כאָטש זי וואָלט זיך געקאָנט לייכט אָפּזאָגן פון די אַלע זאַכן, נאָר אין קרייז פון אירע באַקאַנטע, האָט מען זיך אַזוי געפירט, איז זי נישט אָפּגעשטאַנען.

אירע ווייסע הענט האָבן דעמאָלט געהאַט איין אַרבעט: שפּילן, מען טאָר נישט פאַרגעסן, וואָס מען קאָן שוין, דעריבער יעדן טאָג, אַ שעה, צוויי שעה... און פון איר צימער טראָגן זיך קלאַנגען, פון איר צימער אין די איבעריקע האַלב פרעמדע צימערן, אַ סך צימערן פון זייער אייגענער שטוב זענען פאַר איר פרעמד געווען. געווען דאָרט אַ ביבליאָטעק-צימער, וווּ איר טאַטע האָט אָנגעזאַמלט אַלטע ספרים, גריכיש, העברעיש... זי פלעגט זוכן נייע ביכער.

געווען דאָרט אַ צימער פון... פּאָרצעליי. אַלטע כינעזישע און יאַפּאַנישע אַנטיקען. דער פאָטער אירער איז אויך געווען פון דעם אַ זאַמלער... איצט פאַרשטייט זי, אַז קיין גרויסע ליידנשאַפט צו די טעפּעלעך מיט געמאָלעכץ, האָט ער נישט געהאַט, נאָר מאַראַזאָוו, טרעטיאַקאָוו, זיי זאַמלען אַזעלכע זאַכן, פאַרוואָס זאָל ער, דער לוריע, פון דער ליטע אַ געבוירענער, פאַרוואָס זאָל ער אויך נישט זאַמלען אַזעלכע שפּילצייגן...

זי האָט געהאַט איר וועלט. זי האָט ליב געהאַט געזעלשאַפט. זי האָט שוין ליב געהאַט מען זאָל זי באַמערקן, און דאָס פלעגט זי האָבן אין אירע קרייזן...

זי האָט געלעבט פיין, עלעגאַנט, האָט ליבגעהאַט דאָס ביסל

טומל פון די מענטשן, נאָר אַליין פלעגט זי נישט טומלען, נישט גערעדט צו הויך... טומלען באַדאַרפן אַנדערע און זי באַדאַרף זיך בלויז צוקוקן, צוהערן... און דערנאָך, ווען זי פלעגט צוועקגיין, פלעגט איר אַוועקגיין זיך פילן שטאַרקער. ווייל זי האָט אָנגערעגט צום פײַנעם שפּאַס, צום גוטן הומאָר, צו בעסערע דערינערונגען און צו אַ העכערער געפײַנערטער געמיינזאַמקייט. זי האָט געוווסט, אַז זי ווירקט און דאָס האָט זי געצויגן צו מענטשן.

באַווייזן זיך און ווירקן.

און אַוועקגיין מיט אַ גוטמוטיקן צו להכעיס. אַוועקפליען ווי אַ קאָלירטער שמעטערלינג און איבערלאָזן אין יענעמס בליק אַ געמיש פון פילקאָלירטקייט. דערנאָך ווידער קומען... יאָ, דעמאָלט האָט זי געלעבט.

•

נישט איינמאָל כאַפּט זי זיך אויף איצט פון אַמאָליקע חלומות, כאַפּט זיך אויף פון שלאָף און דערזעט זיך אין דאָמבראָווקע. ניין! זי דערזעט זיך נישט באַלד. פריער דערהערט זי דאָס גערויש פון טאַרטאַק. די שאַרפע מעסערס דאָרטן שניידן זיך איין אין די רונדע קלעצער און פּונווייטנס דאַכט זיך אויס, אַז דאָס רוישט וואַסער.

זי כאַפּט זיך אויף און דערהערט קלאַנגען פון טאָג-טעגלעכן לעבן, עס איז נאָך אַזוי פרי און אַלץ רוישט שוין און טומלט. זי וואָלט נאָך געקאָנט שלאָפן, צײַט האָט זי גענוג. קיין אַרבעט פאַר איר איז דאָ נישט אָנגעגרייט. שטוב-זאַכן? איר דינסט פאַרשטייט עס און מאַכט עס בעסער פאַר איר. די קינדער? די באָנע פאַרזאָרגט זיי שוין. דער מאַן אירער? איר קובאַ? ער גנבעט זיך אַרויס באַגינען און... זי שמייכלט: דער גאַטאָר, די מאַשין פון טאַרטאַק אינטערעסירט אים שטאַרקער ווי זי. טאָמער איז אַ שרײַבעלע קאַליע געוואָרן, טאָמער שניידט מען נישט די ברעטער לויט דעם פּלאַן, ווי ער האָט אָנגעגעבן... אָ, דאָרט וועט ער זיך באַלד אָפּשטעלן און אויספאָרשן און הייסן אַלץ מאַכן אין אָרדנונג.

בעת ער איז געגאַנגען חתונה האָבן, האָט ער צו איר איינ־מאָל געזאָגט:

— זאָלסט וויסן, אַז מיין לעבן, מיין אָטעם... דאָס איז גע־שעפט, אונטערנעמונג...

— און איך? — האָט זי דאַן געפרעגט מיט אַ זאָרגלאָזיקייט פון אַ פאַרליבטער...

— דו ביסט מער, ווי מיין לעבן, דו ביסט מיין נשמה, און נשמה לעבט מען נישט.

זי האָט זיך נישט זייער שטאַרק צוגעהערט, וואָס ער רעדט דאָרט וועגן זיינע געשעפטן.

זי איז געווען פאַרליבט...

פאַר איר איז געשטאַנען איר קובא. אַ יונגער מיטיקער ברו־נעט, אַ זון פון אַ רייכן טאַטן, אַ מענטש מיט אוניווערזיטעט־ביל־דונג, אַ מענטש פון געזעלשאַפט און זאָל ער דאָרט רעדן: „איך בין אַ מענטש פון געשעפט".

וואָס פאַר אַ געשעפטן?

ווען חדשים פאַר דער חתונה און חדשים נאָך דער חתונה האָט ער זיך געהאַלטן אין איין קושן מיט איר און נישט אָפגע־טרעטן פון איר און גערעדט דאָס שענסטע... דעמאָלט האָט זי געווירקט אויף אים און איצט...

די געוויינלעכקייט.

און דאָ בא דעם געדאַנק, ווילט זיך איר אַ געשריי געבן פון ווייטיק, זאָל דאָס אַרומיקע ווערן געוויינלעכער, ווי געוויינלעך, זאָל די טאָג־טעגלעכקייט אויפפרעסן יעדן קאָנטראַסט, יעדן אָנבליק פון נייקייט... אַ נשמה, איר נשמה, וויל פון דעם נישט וויסן...

אינדערפרי האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון זיין בעט און אוועק צו זיינע ברעטער און קלעצער...

און פאַר דעם אוועקגיין האָט ער זי נישט געקושט. פריער פלעגט עס נישט זיין. אין שלאָף אפילו פלעגט זי פילן זיין פרי־מאָרגן־קוש.

איצט איילט ער זיך, אַ שאָד אַ רגע, און אין די רגעס

וואָס ער קאַרגט אַזוי, ווערט באַגראָבן זייער פאַרגאַנגענהייט, דייער ליבע.

זיין ווילן איז דאָס געווען, אַז זי זאָל זיין אין וואַלד מיט אים. זי אין וואַלד, די קינדער אין וואַלד, ער וואָלט דאָ די גאַנצע וועלט אַראָפּגעשלעפּט.

— קוקט זיך איין, ווי איך, קובאַ נעמזאַר, האַק אויס די ביימער!

זי בייזערט זיך און בייסט פון בייזקייט די ליפּן... נו, און זי נעמט זיך אָ.טון. זי גייט צו צום פענצטער און זעט דאָס זעלבע, וואָס יעדן טאָג: ברעטער און ברעטער... אַ ווייסע ליכטיקייט שלאָגט פון די ברעטער און די זון פלאַכט זיך אויס אויף די ברייטע און לאַנגע שטאָסן פון צעשניטענעם געהילץ.

זי שטייט אין פענצטער און קוקט, זי זעט ווי די מענטשן פּויזען דאָ אַרום אויפן גרויסן טאַרטאַק פּלאַץ, יעדער איינער מיט זיין דראַבנעם ציל... זי איז זיי מקנא. זי האָט דאָ קיין ציל נישט... וואָס? אפשר זיך שוין אַוועקזעצן באַם קלאַוויר און נעמען שפּילן...

אַזוי פריי...

דאָרטן אין מאָסקווע, האָט זי קיינמאָל אַזוי פריי נישט געשפּילט.

שפּעטער שפּרייזט זי אַרום אויף דעם גרויסן הויף, זי קוקט זיך איין צו די עופות, זי קוקט אויף אַלץ און אויף גאָרנישט, עס איז אַ ליכטיקער פרימאָרגן, נאָר איר דאַכט זיך אויס, אַז די ליכטיקייט איז אַ ליידיקע...

זי האָט נישט וואָס צו טון מיט אַזאַ העלע פרימאָרגן-זון, זי האָט נישט וואָס צו טון מיט אַזאַ גרויסן הויף ברעטער... און ווו זענען די קינדער, זיי זענען שוין אויף יענער זייט פון וואָקזאַלעכל, זי הערט זייערע קוויטשערייען און זי דערפרייט זיך, די יונגע קולעכלעך וועקן אויף אין איר לעבן, זי פאַרשנעלערט די טריט, זי אײַלט צו די קינדער.

זי שפּרייזט און די אַרבעטער קוקן איר נאָך מיט איבער-

ראַשונג, ווי קומט זי אַזאַ יום־טובדיקע אויף דעם גרויסן פּלאַץ פון וואָכעדיקער אַרבעט.

זי שפּרייזט צו די קינדער און זי באַגעגנט זיך מיט וואַסיליען.

— גוט מאָרגן, פאַני!

— גוט מאָרגן, וואַסיל... איך גיי צו די קינדער.

— איך וועל די פאַני באַגלייטן. דער וואַסיל איז געטריי. זיין אַלט צעקנייטשט פּנים לייכט אים, ווען ער רעדט מיט דער „פאַני נעמזאַר".

זיין באַלעבאָס נעמזאַר און זיין פאַני נעמזאַר...

ווען וואַסיל האָט עפּעס אַ נייעס מיט וואָס צו איבערראַשן, קומט ער באַלד צו צו נעמזאַרס שטוב, ער דרייט זיך אַזוי לאַנג אַרום די פענצטער, ביז מען באַמערקט אים...

אַנומלט האָט ער געבראַכט פון וואַלד צוויי יונגע סאַרנעלעך. צוויי, אונטערביידע אָרעמס האָט ער זיי געהאַלטן, דאָס זענען צוויי שוואַכענקע נפשות, זיי האָבן זיך אפילו נישט געראַנגלט אונטער וואַסילס אָרעם...

אַ מחנה קינדער פון די האָלץ־העקערס זענען אים נאָכגעלאָפן, די הינט זענען אים נאָכגעלאָפן, און געקוקט האָבן די כּלבים אויף די צוויי יונגע קרבנות מיט דורשטיק הינטישע אויגן... אַזעלכע צאַרטע צוויי יונגע סאַרנעס, מיט דינע פיס, מיט דינע העלזער און גרויסע שאָטן־אויגן, מיט אַ פעל פון סאָסנע־קאָליר, פונקט ווי וואַסיל וואָלט צוויי שטיקלעך וואַלד אָפּגעריסן...

דאָס איז געווען אַ מתּנה פאַר בעלאַ נעמזאַר, אָדער גיכער פאַר אירע צוויי שטיפערישע יאַטלעך... האָט זיך דאָס דאָרטן אָפּגעטון. אַלע האָבן זיך געשפּילט מיט די סאַרנעס, געגלעט זיי און די קינדער האָבן פון פרייד געקוויטשעט. מיט פלעשלעך מילך האָט מען זיי געשפּייזט, מען האָט זיי געלייגט שלאָפן אויף ווייכע קישעלעך. אַ סך אַ בעסערן געלעגער, ווי אין נאַסן וואַלד, און דאָך זענען די צוויי געפאַנגענע וואַלד־לעבנס געווען אומעטיק און געוואָרן אַלץ אומעטיקער. איינס האָט שוין די ערשטע טעג נישט אויסגעהאַלטן און איז ווי אַ ליכטל אויסגעגאַנגען — דאָס צווייטע

האָט זיך ווי עס איז אויסגעהאָדעוועט און נישקשהדיק געוואַקסן.

האָט וואַסיל געמאַכט אַ פאַרצוימונג אונטער בעלאַס פענצ-טער און דאָרט אָוועקגעשטעלט פאַר דער יונגער סאַרנע אַביידל פון ברעטער, מיט פריש שטרוי. די יונגע, דינפיסיקע חיה איז אַרומגעלאָפן אין דערדאָזיקער פאַרצוימונג און געקוקט דורך די שטאַכעטן ערגעץ ווייט, ווייט, אוודאי צו איר וואַלד.

בעלאַ פלעגט אָפט שטיין אין פענצטער און קוקן אויף דער סאַרנע און טראַכטן דערביי:

— אונז איז ביידע דאָ לאַנגווייליק, אָבער מיט איין אונ-טערשיד, די ווילסט אַנטלויפן אין וואַלד און איך וויל אַנטלויפן פון וואַלד.

ווען בעלאַ פלעגט אַמאָל צוגיין צום קלאַוויר און נעמען שפּילן, פלעגט די סאַרנע נעמען ווילד און דערשראָקן שפּרינגען. אַזוי אַז בײַ אַלעמען פלעגט עס אַרויסרופן גרויס געלעכטער און דער קליינער באָריאַ האָט שוין געהאַט פאַר זיך אַ נייע שטי-פעריי. ער פלעגט צולויפן צום קלאַוויר און מיט אַלע כוחות פון זיינע פויסטעלעך נעמען זעצן איבער די קלאַווישן. דערביי פלעגן די יאַטלעך פון טאַרטאַק-פלאַץ שטיין בײַם פאַרקאַן און זיך צוקוקן ווי די סאַרנע שפּרינגט פון שרעק...

יאָ, אין וואַלד דאָרט בײַ די סאַרנעס, פאַרשטייט מען זיך נישט אויף לישטס ראַפּסאָדיעס און אויף דעם קליינעם באָריאַס מוזיק אוודאי נישט...

די סאַרנע איז געשפּרונגען, די קינדער האָבן געלאַכט און בעלאַ פלעגט דאָסדאָזיקע שפּיל נישט דולדן. פונקט ווי די סאַרנע וואָלט איר דאָ נענטער געווען פאַר אַלעמען, זי פלעגט די קינדער אָוועקטרייבן.

די סאַרנע איז געוואַקסן, נאָר קיינער האָט נישט געוווּסט און קיינער האָט נישט באַמערקט, ווי דאָסדאָזיקע וואַלד-באַשעפעניש נייט אינערלעך אויס פון בענקשאַפט צום וואַלד, פון וועלכן מען האָט עס אַרויסגעגנבעט... איינמאָל האָט מען באַמערקט, ווי זי ליגט אין פאַרצוימעניש אויסגעצויגן און טרייסלט זיך און וואַרפט מיט די פיסלעך...

אַלע זענען צוגעלאָפן זי ראַטעווען, מען האָט געשפּריצט אויף איר מיט קאַלט וואַסער... און אַ נפש איז געלעגן אויף דער ערד מיט גרויסע שאָטן־אויגן, פייכטע אויגן און געקוקט אויף די מענטשן, איר בליק האָט געשניטן הערצער...

ראַטעווען?

ווי אַזוי ראַטעווען?

מאַדאַם נעמזאַר איז אַריינגעלאָפן אין שטוב און איז באַלד צוריק אַרויסגעקומען מיט אַ פלאַש אָדעקאָלאָן און גענומען מיט דעם רייבן און באַשפּריצן די סאַרנע... ביז דאָס נפש איז אויסגעגאַנגען.

דערנאָך האָבן די האָלץ־העקער אַ צייט געהאַט צו לאַכן פון דער פּאַני, וועלכע איז געקומען מיט שמעקעדיק וואַסער ראַטעווען אַ סאַרנע פון וואַלד...

זי אַליין האָט אויך געשמייכלט פון דער געשיכטע... געשמייכלט און געווען אין זיך טרויעריק: „דאָ איז נישט מיין פּלאַץ", האָט זי געטראַכט, אָבער נישט מער, ווי געטראַכט. קובאַ נעמזאַר האָט פון איר קיין פּראָטעסט נישט געהערט.

ער האָט שוין עטלעכע מאָל אַריינגעוואָרפן אַ פראַזע:

— ווי רעכנסטו, בעלאַ! דו וואָלסט דאָ געקאָנט איבערווינטערן?

זי האָט אויף אים שטענדיק בײַ אַזעלכע פראַגן געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג... ווי קומט עס צו אים? ווי קאָן ער גאָר טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן. ער ווייסט דאָך, אַז זי איז געוווינט צו אַן אַנדער לעבן.

און זי ענטפערט.

— אויב דאָס וועט זיין נייטיק, וועל איך דאָ זיין זומער און ווינטער, אייביק וועל איך דאָ זיין. צי האָט ער נישט געפילט, ווי איר קול ציטערט בײַ אירע ווערטער, צי ער האָט זיך געמאַכט נישט פאַרשטיין...

זי האָט שוין אַ ביסעלע געליטן, נאָר זי האָט פאַרשוויגן און אפילו געשמייכלט, ווי שטענדיק. עס וואָלט דאָך שווער גע־

ווען אין געמזאַרס הויז, ווען בעלאַ, זיין פרוי, וואָלט אויפגעהערט צו שמייכלען.

פאַראַן איין מאָמענט אין איר טאָג, ווען זי איז אינגאַנצן צופרידן און גליקלעך. דאָס איז פאַרנאַכט־צייט, ווען מען גייט די קינדער לייגן שלאָפן. עס געדויערט לאַנג ביז מען געפינט זיי, די צוויי שטיפערס. די מאַמע שטייט אויף דער וועראַנדע און שרייט אויס:

— באָריאַ!

— יאַשקאַ... יאַשעק! באָרעק!

און די צוויי יידישע יאַטלעך מיט די גויש־יידישע נעמען באַווייזן זיך, ווי צוויי קליינע נעגערלעך. מען פירט זיי מיט פאַראַד, די דינסט, דאָס פריילין, נאָך עטלעכע אָפגעריסענע קינדער פון די שכנים...

אין צימער איז שוין אָנגעגרייט א גרויסער צעבער מיט וואַסער, מיט ריינע העמדלעך. מען נעמט זיי וואַשן און צוואָגן. דאָס וואַסער ווערט שוואַרץ. ברענגט מען פריש וואַסער. דער צעבער איז א נייער, דאָס וואַסער שפּיגלט זיך אין אים און די יאַטלעך שפּרינגען און שפּריצן מיטן וואַסער.

בעלאַ איז אַרום זיי, זי וואַשט זיי. צוויי ליכטיקע יונגע לייבער, ווי פון צוויי מלאכימלעך. זי ווישט זיי אויס און איינציקוויַיז פאַלן זיי דערנאָך צו צו איר שלאַנקן קערפּער, זי טראָגט זיי צו זייערע געלעגערס.

פאַראַן אין דער רגע אַזוי פיל ליבע פון קינד צו מוטער, פון מוטער צו קינד. די גאַנצע צערעמאָניע פון קינדערישן שלאָפן גיין, זעט עפּעס אויס, ווי אַ גאָטעס־דינסט.

די שטוב איז פול מיט אַ פריילעכער הייליקייט און די, וואָס שיקט דורך די פענצטער רויטע פלעקן, די זון, זעט אויך אויס הייליק.

די קינדער ליגן שוין אויף זייערע געלעגערס. עס איז שטיל אַרום, שטיל אין וואַלד. אין פענצטער קוקט אַריין אַ רויט שטיק הימל, וואָס ליגט איבערן קליינעם וואָקזאַל...

— מאַמאַ! וואָס איז דאָרט אַזוי רויט? — פרעגט דאָס עלטערע יאַטל, באַריאַ.

— די זון פאַרגייט.

— פאַרוואָס פאַרגייט זי?

— ווייל עס דאַרף זיין נאַכט.

— פאַרוואָס דאַרף זיין נאַכט?

און זי קאָן זיך נישט אָפּפּטרן מיט אירע ענטפערס אויף די אַלע קינדערישע פאַרוואָסן, זי גייט נאָך לאַנג נישט אַרויס פון דעם קינדערישן צימער. וואַרעמקייט, היימלעכקייט מאַכט פול איר נשמה, בעת זי איז מיט די קינדער.

שפּעטער זיצט זי אויף דער וועראַנדע אַ צייט אַליין. דערנאָך רוקט זיך פון די נאַכט־שאָטנס אַרויס קובאַ. ער קומט אַרויף אויף דער וועראַנדע, ווי אַ קאַפּיטאַן אויף זיין בריקל. דאַנקען גאָט! דער ים איז שטיל, די שיף גייט רויק, מען קאָן כאַפּן אַ ביסל לופט. זי נעמט דערציילן וועגן די קינדער, דער טאַטע פאַראינטערעסירט זיך און נעמט לאַכן גוטמוטיק און זאַרגלאָז. דערווייל רוקן זיך אַרויס פון דער פינצטערניש אַנדערע שאָטנס. עס קומט דער מייסטער פון טאַרטאַק, עס קומט דער בוכהאַלטער, מען רעדט פון וועלדער, פון פּאָטאָצקיס וועלדער, פון רעגירונגס־וועלדער, פון אַלע וועלט־וועלדער. בעלאַ בלייבט אַליין אַזוי ווי אָפּגעזונדערט, זי פאַרטראַכט זיך אין אירע געדאַנקען און זי באַמערקט נישט, ווי די וועראַנדע בלייבט ליידיק. זי באַמערקט נישט, ווי קובאַ גנבעט זיך צו צו איר און דערלאַנגט איר אַ שטאַרקן קוש, כמעט אַ ווילדן קוש. זי ציטערט אויף... פאַראַן אין דער רגע אַ סעקונדע־טייל, ווען זי פאַרשטייט נישט, וואָס דאָ קומט פאָר, אַלץ זעט אויס פרעמד פאַר איר. פריער פלעגט קובאַ צו איר קיינמאָל אַזוי האַסטיק נישט צוגיין און אַזוי ווילד נישט קושן... אַ רגע פון באַליידיקונג. זי דערפילט און פאַרשטייט, אַז אַזאַ באַנעמען זיך מיט איר, האָט ער זיך אויסגעלערנט דאָ צווישן די פּראָסטע מענטשן. נאָר זי טראַכט נישט קיין סך...

דאַכט זיך, אַז ער האָט געזאָגט:

— שוין צייט צו גיין שלאָפן, טייערע!

זי איז אַליין שווער און מיד פון טאָג, שיכּור אַ ביסל פון די טרוקענע סאָסנעס, אויסגעבענקט און דורשטיק נאָך צערטלעכ־קייטן...

זי הייבט זיך אויף און איידער זיי גייען נאָך אַריין אין שטוב, צעקושן זיי זיך הייס, שטאַרק, פול מיט געזונטער ליידנשאַפט...

*

אין אַ רעגן קלייבן זיך אַלע צונויף אויף דער וועראַנדע. פון די וואַלד־ווינקלען קומען די צוויי קינדער, נעמזאַר, דאָס מיידל, וואָס גייט אַרום די קינדער, נעמזאַרס פרוי, בעלאַ. עס קומען אויך פרעמדע מענטשן, דער מייסטער פון טאַרטאַק, דער בוכהאַלטער, אַמאָל קומט דער באַאַמטער פון דער קליינער באַן־סטאַציע.

אויף דער וועראַנדע באַווייזט זיך אַ גלאַנציקער סאַמאָוואַר...

באַם בּרעג פון וואַלד, אין אַ רעגן־טאָג. עס איז אומעטיק און פריילעך אין קליינעם מענטשן־קרייז.

די לופט שמעקט — פון די דורכגענעצטע סכך־נאָדלען, די גרינקייט פון וואַלד גלאַנצט פון דער נאַסקייט. עס ווערט אָפּט ענג דאָס לעבן אין די רעגן־טעג, די קינדער, די צוויי אומרויקע יאַטלעך פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס, שטיפן, שרייען און וויינען און דעמאָלט גייט בעלאַ צו צום קלאַוויר. אין דער שטילקייט אַרום דערהערן זיך מוזיק־קלאַנגען, די נאַסע, אויסגעצוואָגענע פייגל העלפן אונטער. ביז דער צוג רייסט זיך אַריין מיט זיין פייף און גערויש, עס פאַרהילכט די גאַנצע גרינע וועלט...

דערנאָך ווערט ווידער שטיל. די נאַטור אַליין האָט אַ סך אומעט אין זיך, איבערהויפּט דאַן, ווען די וואָלקנס פאַרדעקן די זון. דעם מענטשס קליינע האַרץ דאַרף גענוג פאַרפאַנצערט זיין, עס זאָל זיך דעמדאָזיקן אומעט נישט אונטערגעבן...

זיצט מען איינער לעבן צווייטן, מען דערמאָנט זיך מונטערע געשיכטעס, מען דערציילט אַנעקדאָטן, מענטשן אַליין העלפן זיך אַרויס אין די פאַרוואָלקנטע שעהן.

דערפאַר אין די זוניקע ליכטיקע זומער־טעג, ווען עס שיינט די זון, ווערט ליידיק נעמזאַרס גרויסע שטוב. קובאַ נעמזאַר האָט

א סך צרבעט: דאָ אין טאַרטאַק, דאָרט בא די טערפּענטין-גרובן, בא די שינדלען, אויפן וואָקזאַל. א ביסל ווייטער פון דעם קליינעם וואָקזאַל-בנין, אויף די זייטיקע רעלסן, שטייט כמעט שטענדיק א שלאַנג פון רויטע פראַכט-וואַגאָנעס, דאָס וואַרטן זיי אויף די קלעצער, אויף די ברעטער, אויף שפּאַלן, אויף דער צרבעט, וואָס גייט פון נעמזאַרס טאַרטאַק.

אין די זוניקע זומער-טעג גייט עס א פריילעך לעבן אין וואַלד. די קינדער ווערן פאַרשוואונדן מיט די איבעריקע קינדער פון די שכנים. באָרוויסע, פאַרשוויצטע קריכן זיי ארום אין וואַלד, זיי רייטן אויף די אָפּגעזעגטעביימער, שפּרינגען און קלעטערן. דערנאָך קומען זיי אַהיים פאַרגאַכט, צעביילטע און צעקיילטע, מיט צעריסענע הייזלעך, מיט פאַרשטאָכענע פינגער. די מוטער זיירע. בעלא, איז אָבער רויק. זי איז איינשטימיק מיט איר מאַן, אז די קינדער דאַרף מען לאָזן וואַקסן. מען דאַרף זיי לאָזן וואַקסן און נישט צופיל זיך אריינמישן אין זייערע קינדישע ענינים...

בשעת מען האָט צוגענומען צו די קינדער א פריילין, האָט נעמזאַר מיט איר זיך פריער דורכגערעדט:

— פריילין, איר באַדאַרפט אויף מיינע קינדער אכטונג געבן, אָבער נישט זיי דרעסירן, וואַרפט זיי נישט אָן אייער כאַראַקטער. זייט פאַר זיי א נאָענטער מענטש און נישט מער... כאַראַקטער... דאָס איז א סוד, א געהיימניש — פונוואַנען ווייס איך, צי אייער כאַראַקטער איז צוגעפּאַסט פאַר מיינע קינדער? אָט האָב איך א ברודער, ער איז איצט אין פּאַריז, א ברודער פון איין טאַטן און מאַמען, אין איין שטוב דערצויגן געוואָרן, אין די זעלבע באַדינגונגען און אָט: מיר זענען צוויי קאָנטראַסטן. איך האָב ליב צו אַרבעטן, ער לאַכט פון מיר, פון מיין אַרבעט, ער לאַכט פון אלע, וואָס אַרבעטן, איך האַלט וואָרט, ער זאָגט ליגן כסדר, שטענדיק, אומעטום... וואָס ווייזט מיר, פונוואַנען עס נעמט זיך כאַראַקטער...

אָט האָב איך א צווייטן ברודער, יענער איז פאַרבליבן אין רוסלאַנד, ער האָט מיך פיינט, ווייל ער האָט פיינט אלע אייגנטימער. איך בין בא אים א בלוט-זויגער מיט א פאַרשאָלטענע פּסיכאָלאָגיע... ער איז א ריינער, כמעט א הייליקער און איך בין א

פֿאַרשאָלטענער... איר פֿאַרשטייט, אין די זעלבע באַדינגונגען דערצויגן געוואָרן און אַזעלכע קאָנטראַסטן. איך זאָג אייך, פֿריילין, אַז מיר ווייסן נישט פֿונוואַנען עס נעמט זיך כאַראַקטער.

דאָס פֿריילין איז געווען אַ ביסל איבערראַשט פֿון נעמזאַרס רעדן:

— אָבער אַ קינד מוז מען אָנווייזן, וואָס שלעכטס און וואָס גוט...

— יאָ... אָבער נישט קאַטעגאָריש, אָנווייזן, אָבער נישט אָנוואַרפֿן, רעדן, דערציילן, אָבער נישט באַפֿעלן... איר זעט? וואַלד, וועלדער, דאָס אַלץ זעען מיינע קינדער, מיינע יונגע צוויי יאָטלעך, אָט איז אַ שטיק פֿעלד, דאָרטן ליגן שטיינער, דאָ קלעצער. דאָרט איז אַ וואַסער און אַ ביסל ווייטער אַ פֿאַרברענטע כאַטע... זאָלן זיי לויפֿן, וווּ זיי ווילן מיינע קינדער, אין וואַלד אַריין, אין דער טיפֿעניש, ווּ דער עכאָ ווידערהאָלט זיך אַליין, זאָלן זיי גיין צו די שטיינער, צו די קלעצער, זאָלן זיי דאָ אין דער האַלבער ווילדקייט קריגן כאַראַקטער. איר פֿאַרשטייט?

זי האָט געמוזט פֿאַרשטיין, זי האָט זיך געמוזט צופּאַסן.

עס פֿלעגט לאַנג געדויערן ביז מען פֿלעגט די קינדער מיט די גרויסע צונויפֿרופֿן און אויפֿזאַמלען צו מיטאָג, עס איז געווען אָן אָרדענונג, אָבער אַ סך שיינע זאַרגלאָזיקייט איז געווען אין דערדאָזיקער אומאָרדנונג...

און נעמזאַר האָט געטראַכט:

— דאָס שאַדט נישט, אַבי אין מיין אַרבעט, אין מיינע געשעפֿטן זאָל קיין כאַאָס נישט זיין. פֿאַר אים איז דאָס סיסטעמאַטישע געווען אַ נויטווענדיקייט, אַ מוז, אַ דיסציפּלין... אָבער אָפֿט האָט זיך געפּילט אין זיינע ערנסטע טונקעלע אויגן אַ מידקייט, אַ בענקשאַפֿט פֿויל צו זיין ביז צו דער גרעסטער זאָרגלאָזיקייט. אַוועקגיין פֿון אַלץ...

אָט בײַ דעם כהן פֿון אַרבעט, פֿלעגן אויך די אויגן אָפֿט אומעטיק ווערן און די הענט פֿלעגן, ווי פּאַראַליזירט אַראָפּהענגען. מען פֿלעגט אים דעמאָלט נישט דערקענען, גאָר אַן אַנדערער נעמזאַר, אַ דערדריקטער...

דער מענטש האָט אַ סך געאַרבעט, געבויט און געשאַפן, געקויפט און פאַרקויפט, ער האָט שטענדיק געלעבט מיט גרויסע פּלענער. איינער פון די מענטשן, וואָס פילן אומבאַוווסטערהייט, אַז די וועלט איז אַ גרויסע שיף און אַ גרויסע שיף באַדאַרף אַן ענער־גישן קאַפּיטאַן... קיינער באַשטימט זיי נישט, זיי מעלדן זיך אַליין, ער איז געווען אַזאַ איינער, אָבער פּונוואַנען האָט זיך בײַ דעמדאָ־זיקן מענטש גענומען דער אָפּטער אומעט אין די אויגן, די נישט אַרויסגעזאָגטע רעזיגנאַציע...

די סיבה איז געווען: „רוסלאַנד".

בעת ער פלעגט רעדן מיט זיינע נאָענטע, פלעגן זיך בײַ אים אַמאָל אַרויסרייסן אַזעלכע ווערטער:

— רוסלאַנד האָט מיך אויסגעלערנט.

ער איז געווען אַן עדות, ער איז געשטאַנען דערבײַ, ווי זיינע שיפן זענען דאָרט אונטערגעגאַנגען, אַ קאָלאָסאַלער פאַרמעגן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון עטלעכע דורות, גענומען איז צו גרונד געגאַנגען. ווען מען זאָל גוט אַרײַנקוקן אין זיין נשמה, וואָלט יעדערער דערקענט, אַז אים איז די אַרבעט טייערער געווען, ווי דאָס פאַרמעגן, די אַרבעט פון זיין זיידן, פון זיין טאַטן, פון אים אַליין. זיי זענען געווען שטאַרק רייך פאַר דער מלחמה און דאָס וועלן פאַרגרעסערן די רייכקייט, איז שוין געווען אין זייער בלוט און נשמה, ווי אַ מין אַזאַרד, אַ ספּאָרט, ס'איז געווען אַ ליבע בײַ זיי צו גרויסע געשעפטן, צו ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען...

אָבער עס איז געקומען דער גרויסער שטורם און האָט אַלע זייערע פּלענער צו נישט געמאַכט, די זיכערקייט פון אייזערנער בריק האָט זיך אַ וואַקל געטון...

איצט איז קובאַ אין פוילן. ער מאַכט ווידער געשעפטן, אָבער דער געשפּענסט פון רוסלאַנד טרעט פון אים נישט אָפּ:

— רוסלאַנד האָט מיך שוין אויסגעלערנט נישט גלייבן אין זיך, נישט זיין איינגאַנצן זיכער מיט זיך, עס האָט זיך אַרײַנגע־כאַפּט אַ ספק אין אים. דער מענטש, וואָס האָט שטענדיק געאַרבעט פאַר זיך, אַזעלכער, וואָס האָט אויף אַלץ געוואָלט אַרויפשטעלן זיין

נאָמען, זיין פירמע, איז מיטאַמאָל געוואָרן אָנגעשראָקן, האָט גענומען צווייפלען, אַז זיין אייגנטום איז נישט קיין אייגנטום.

נישט נאָר אין זיין פאַרמעגן, די שפּיז האָט געטראָפן אויך אין זיינע באַגריפן: וואָס הייסט עס? „מיינס איז נישט מיינס?"

בשעת אין רוסלאַנד איז געשעען די קאַטאַסטראָפע, בשעת זייער רייכקייט איז קאָנפיסקירט געוואָרן, פאַרבערענט און פאַרניכטעט געוואָרן, דעמאָלט האָט ער מיט קיין איין וואָרט זיך נישט באַקלאָגט. מיט קיין איין וואָרט נישט באַליידיקט די נייע הערשער. ער האָט גענומען ראַטעווען דאָס, וואָס עס האָט זיך געלאָזט ראַטעווען... די וואַלד-הענדלערס זענען געווינט צו קאַטאַסטראָפעס. זיין זיידע האָט אים נאָך דערציילט, ווי מען פלעגט אַמאָל ראַטעווען אַ ריזיקע פאַרטיע געהילץ, ווען עס פלעגט קומען אַ פאַרפלייצונג פּלוצלינג.

דער ברודער זיינער, פּאַלעק, האָט געשטורעמט פון כּעס, פון צאָרן. ער האָט געזידלט די קאָמוניסטן און געשריגן פון נקמה, ער האָט אפילו געוואָלט אַריבערגיין צו די ווייסע. אָבער נישט מער ווי געהאַלט, ווייל ער איז געווען אַ העלד מיטן מויל...

דער צווייטער ברודער, איסאַק, איז גלייך אַריבער צו די „נייע מענטשן", און אַ שיין ביסל צרות האָט ער געהאַט אויסצושטיין פון אים אַליין.

ער, קובאַ נעמוצאַר, האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון: די וועלט ווערט אַ ביסל אַנדערש. אייגנטום וועט בלייבן נישט אין איין יאָר גייט עס אונטער. דאָס, וואָס טויזנטער יאָרן האָבן לאַנגזאַם געשאַפן און איינגעוואָרצלט פּריוואַטע איניציאַטיוו וועט בלייבן, דער קלוגער וועט אָפּנאַרן דעם, וואָס לאָזט זיך נאַרן, דער שטאַרקער וועט דריקן דעם שוואַכן, אָבער עס וועט דאָך ווערן אַנדערש, איבערהויפּט אין אונזער דור, אונזער דור וועט שוין קיין זיכערקייט נישט האָבן, אונזער דור איז נישט מער, ווי אַ כּרעפּל... דאָס האָט אים געפּייניקט. ער האָט געוואָלט זיין זיכער מיט זיין אַרבעט, נישט האָבן יעדן טאָג דאָס געפיל, אַז מאָרגן קאָן אַלץ ווערן אויס. אין רוסלאַנד האָט ער נאָך געפּרוווט צונויפשטעלן, צונויפזאַמלען דאָס, וואָס האָט זיך געלאָזט צונויפזאַמלען פון זייער פאַרמעגן. האָט מען

אים איינמאָל אַרעסטירט. אין די געשפּרעכן, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיינע אויספאָרשער, איז ער געווען זייער אָפנהאַרציק:

— דירעקט טו איך אייך קיין שלעכטס נישט. איר מאַכט רעוואָלוציעס. איך מאַך געשעפטן. איך אין אייערע רעוואָליציעס מיש זיך נישט, איר אין מיינע געשעפטן מישט זיך יאָ...

— איינמאָל האָט מען אים פאָרגעלייגט:

— איר זענט אַן ענערגישער מענטש, אַ מענטש מיט דערפאַרונג, אַרבעט פאַר אונז! מיר וועלן אייך צאָלן פאַר אייער אַרבעט.

קיין ברירה נישט געווען. געווען דאָך פאַרמשפּט צום טויט און דאָס האָט אים געראַטעוועט פון טויט...

ער איז געוואָרן אַ פאַרוואַלטער פון וועלדער, פון טאַרטאַקן. ער האָט געבראַכט נוצן, נאָר יעדן טאָג פלעגט מען אים שטערן מיט אַנדערע צירקולאַרן, מיט אַנדערע חשדים. אַזאַ אייַנעם, וואָס האָט געהאַנדלט, געקויפט און פאַרקויפט אויף אייגענע הענט, אַזאַ איינעם האָט מען קיין סך נישט געטרויט און דאָס האָט אים טאָג־טעגלעך געסמט...

איז ער אַנטלאָפן און געקומען קיין פּוילן. געפינען רעשטלעך פון טאַטנס פאַרמעגן און גענומען אַרבעטן.

אַלע באַוווּנדערן זיין ענערגיע, זיינע פּלענער, וועלכע גיבן זיך כמעט שטענדיק איין און ער אַליין ווערט אָפט אַריינגעכאַפּט אין ברען פון גלויבן און זיכערקייט אין זיך, אָבער גאַנץ אָפט קומט אויך דער ספק... נישט אין זיך, נאָר אין דער וועלט, מיט וואָס איז ער זיכער, אַז מאָרגן וועט ווידער נישט אויסברעכן אַזאַ קאַטאַסטראָפע, וועלכע וועט צו נישט מאַכן זיין גאַנצע אַרבעט?...

— וואָס זאָגסטו, בעלאַ?

און די פרוי זיינע ענטפערט:

— איך ווייס נאָך ווייניקער פון דיר... מען דאַרף אַרבעטן. — דאָס ביסטו גערעכט: מען דאַרף אַרבעטן, מען מוז אַרבעטן...

— אָבער מיין טאַטע, מיין זיידע, מיין עלטער זיידע, זיי האָבן פון אַזעלכע ספקות נישט געוווּסט. אַוועקגעפאָרן צום פריץ, אָפּגעקויפט אַ וואַלד, באַצאָלט מיט גאָלד און אַרויסבאַקומען אייזער־

בע פאַפּירן. דער וואַלד געהערט צו ברוך געמזאַר. צו משה געמ-זאַר... היינט אָבער איז דאָס מיינס און נישט מיינס...

בעלאַ שמייכלט. זי ווייסט, אַז מאָרגן וועט עס קובאַ פאַר-געסן די אַלע ספקות. ער וועט קיין נעכט נישט שלאָפן, אויף די באַנען וועט ער זיך וואַלגערן. ער וועט ווערן אַריינגעריסן אין דער אַרבעט, ווי שטענדיק. מאָרגן, איבערמאָרגן, ער וועט קומען צו זיך, ער וועט אויפהערן צו איבערחזרן די פראַזע.

— רוסלאַנד האָט מיך אויסגעלערנט.

ער איז געווען אַ וואַלד-הענדלער און וועט בלייבן אַ וואַלד-הענדלער...

III

## טאָג-טעגלעכע טעג

די צווייטע העלפט פון זומער איז אוועק אַ ביסל רוישיקער און מונטערער פאַר בעלאַן. עס זענען אַראָפּגעקומען פון ווארשע קרובים. עטלעכע קוזינקעס און אַן עלטערע „טיאָטיע”. מיט זיי פלעגט איצט בעלאַ פאַרברענגען...

אומגעריכטערהייט איז געקומען צו פאָרן פאַלעק, קובאַ נעמ- זאַרס ברודער. געקומען פון פאַריז מיט אַ יחסנדיק שמייכעלע אויף די ליפּן.

אויסגעפּוצט און אויסגענעגלט...

אַזאַ קאָנטראַסט אַנטקעגן קובאַן. נעמזאַר, דער וואַלד-סוחר, איז ברייט און פעסט געבויט, דער איז בלייך און איידל, מיט אַ מאָנאָקל אין אויג, מיט לאַקירטע שיכלעך... האַלב פרייליין.

עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן רייסענישן. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס די צוויי ברידער רעדן צווישן זיך אין די אָפּגעזונ- דערטע ווינקעלעך, נאָר אַלע האָבן פאַרשטאַנען: געלט...

פאַלק וויל געלט און וואָס מער!

און נעמזאַר וויל נישט געבן.

מען קוקט זיי נאָך פונדערווייטנס, מען קוקט זיי נאָך און מען זעט: זיי צעשיידן זיך, באַוועגן מיט די הענט, פונקט ווי זיי וואַרפן זיך אין געשלעג אַריין. דערנאָך רייסן זיי זיך אָפּ איבער

פון צווייטן, ווי צוויי באַזונדערע שלאַנגען וואָלטן זיי איינגעביסן.

ביידע ברידער גייען אַוועק אין פאַרשידענע ריכטונגען פון וואַלד.

ווען זיי קומען צום מיטאָג, באַמערקט קובאַס פרוי, אַז די ברידער בלאָזן זיך שוין ווידער איינער אויפן צווייטן. נעמט זי קוקן אויף אייגעם, דערנאָך אויפן צווייטן. אָבער אַזוי גוטמוטיק און זיין, ווי זי מאַכט עס, אַז ביידע ברידער נעמען שמייכלען און דאָס מיטאָג גייט אַריבער נישט אָנגעשטרענגט.

קובאַ נעמזאַרס פרוי. זי איז דאָ געקומען צוליבן מאַן, צוליב די קינדער, זיי זאָלן מער לופט האָבן, די צוויי רונדע, פּיילעכע יינגלעך, פון פינף און פון זיבן יאָר. צוליב די צוויי יינגלעך האָט זי זיך אָפּגעזאָגט פון אַלץ. פאַר די קינדער וועט זי אָפּגעבן דאָס לעבן.

זי פרעגט זיך קיינמאָל נישט מער, צי זי האָט ליב איר מאַן, צי זי האָט אים נישט ליב, עס קומט נישט אויס אפילו צו טראַכטן פון דעם, פאַר איר איז דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען: דער מאַן, די קינדער, דער וואַלד און זומער, דאָס רויקע הויז. אַלץ צוזאַמען איז דאָס פאַר איר אַ געענדיקטע נויטווענדיקייט.

זי פאַרשווייגט דאָך זיך אַזוי פיל מאָל, כדי עס זאָל שלום זיין אין שטוב בײַ זיי.

זי וואָלט דערפאַר נישט וועלן, אַז די ברידער זאָלן זיך אַרומרייסן. זי האָט נישט ליב געהאַט צו הערן קיין זידל־וואָרט און טאַקע צוליב דעם איז ביז איצט צווישן די צוויי יורשים צו קיין סקאַנדאַל נישט דערגאַנגען. זי האָט דערצו געווירקט מיט איר בליק, מיט איר וואָרט.

אָבער דער וואַלד איז אָנגעברוגזט, ווייל פאַלק נעמזאַר איז ווי־דער געקומען. אַראָפּגעקומען אַן אויסגעפּוצטער מיט אַזעלכע מאָד־נע, ברייטע הויזן, מיט אַ שרייענדיקע שלייף, מיט אַ מאָנאָקל אין אויג...

קובאַ האָט זיך כסדר געבעטן

— הער אויף צו קאָקעטירן די ביימער, טו אויס די הענטש־

קעס, נעם אַרויס דאָס גלעזל פֿון אויג... די אַרבעטער מיינע האַלטן אין איין לאַכן פֿון דיר.

— און דו אויך, דו לאַכסט דאָך אויך...

— איך בין דאָך דיין ברודער.

— אויף צו לאַכן ביסטו אַ ברודער.

קובאַ האָט אַ שמייכל געטון:

— אויף ווייגען בין איך אויך אַ ברודער, איך וויין אויף דיין גורל, פֿטרכט אַוועק דאָס ביסל יאָרן אויף אמתן גאַרנישט. איך וויין אויך אויף די הונדערטער דאָלאַר, וואָס איך שיק און שיק און ווען וועט עס אַ סוף נעמען ?...

— גיב מיר אַוועק מיין חלק ירושה...

— נעם! — און קובאַ ווייזט אים אָן אויף די ברעטער־פּיראַמידן.

דאָס מאָל ענדיקט זיך דאָס רויק.

קובאַ האָט נישט געוואָלט דערפֿירן צו קיין קאָנפֿליקט, מייל גלייך ווי פֿאַלק איז געקומען, האָט אים בעלאַ געבעטן, ער זאָל אים נישט רייצן, פֿאַלקן. ער האָט איר צוגעזאָגט.

נאָר אָט איז אַרויסגעשפּרונגען דער ערשטער אינצידענט:

פֿאַלק האָט לעבן טאַרטאַק פֿאַרגעסן איין העגטשקע, ער האָט זי געלאָזט ליגן אויף אַ קלאָץ. ווען ער איז שפּעטער צוגעקומען צום זעלבן אָרט, האָט ער געפֿונען די העגטשקע, נאָר דערביי זענען אַלע פֿינף פֿינגער געווען אָפּגעהאַקט, ווייזט אויס מיט אַ שאַרפֿער האַק.

פֿאַלקן איז נישט געגאַנגען אין דער העגטשקע, ער האָט געהאַט נאָך עטלעכע פּאָר, ער האָט געגלייבט, אַז דאָס איז קובאַס אַ ביזוויליקער שפּאַס. קובאַ האָט זיך אָנגערופֿן:

— איך האָב עס נישט געטון און איך וואָלט עס נישט געטון, נאָר יענער איז נישט קיין נאַרישער לץ, דער, וואָס האָט עס געמאַכט, ווייל עס איז קאָמיש דאָ אַרומצושפּאַצירן ווי אַ פּראַנט אויף די פּאַריזער בולוואַרן. פֿון די ווערטער האָט זיך פֿאַלק באַלייטיקט און איז אַנטלאָפֿן קיין וואַרשע. אין ווייזט אויס, אַז דאָס

איז געווען בעלאַס ווירקונג. קובאַ איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און אַראָפּגעבראַכט צוריק זיין ברודער.

די שנאה צווישן די ברידער איז געווען אַ סך טיפער, ווי דאָס פּלעגט זיך אַרויסווייזן אין די קליינע אינצידענטן. דאָס איז אפילו געווען שטאַרקער פאַר דער געלט־פראַגע, וועלכע פּלעגט אַרויפקומען אין וואַלד.

די שנאה איז געווען טיף. קובאַ האָט געאַרבעט, קובאַ האָט געבויט, געשאַפן, קאָמבינירט און ער האָט נישט געקאָנט צוזען, ווי זיינס אַ ברודער מאַכט זיך נאַריש. ער האָט געוווּסט, אַז זיין ברודער איז נישט קיין קינסטלער, ער האָט עס אַליין פאַרשטאַנען און פון אַנדערע האָט ער דאָס געהערט. פאַלק איז געווען פויל, ווייבלעך־קאָקעטיש, ער האָט געלאַכט פון זיין ברודער פאַר זיין „בירגערישן” לעבן... געלאַכט און אינסטינקטיוו מקנא געווען... אָן באַוווּסטזיין מקנא געווען. בעלאַ איז געווען אַ שיינע, קלוגע פרוי, די קינדער שיינע, פריילעכע, דאָס לעבן בײַ זיי פרידלעך־רויק, מענטשלעך... עס איז געווען וואָס מקנא צו זיין, און ער, פאַלק, קומט דאָ אַראָפּ אויסצושנאָרן אַ ביסל געלט...

דערפאַר פלעגט ער זיך בעמען איינרעדן, אַז דער טאַרטאַק מיט די אַלע וועלדער, אַלץ געהערט צו אים, אויף זיין חשבון מאַכט קובאַ אַזאַ שיין לעבן... און קובאַ ענטפערט בײַ יעדער גע־לעגנהייט:

— דאָס, וואָס דער טאַטע האָט געלאָזט, איז כמעט אינ־גאַנצן געבליבן אין רוסלאַנד. איך האָב אַ סך אויסגעאַרבעט, דו קומסט אויף מיין אַרבעט, דו קומסט אַראָפּ פון פאַריז אויף גרייטן... ניין, ברודער, וויפיל איך וויל, וועל איך דיר געבן און אַז איך וועל וועלן, גיב איך גאָרנישט...

— איך וועל בעמען אַן אַדוואָקאַט, — ענטפערט פאַלק...

— הער אויף! וועסט גאָרנישט מאַכן, קיין בעסערן ריכטער, ווי איך בין, וועסטו שוין נישט געפינען און מיין משפט איז: וואַרף אַוועק די חלומות, פאַריז איז אַ שפין, גיב אַ קוק, ווי דו זעסט אויס, אַ ליאַלקע, אַ דאַרע אויסגעפוצטע ליאַלקע... בלייב דאָ אין וואַלד, אַרבעט ווי איך און דעמאָלט זענען מיר גלייכע שותפים.

אין וואַלד זענען מיר ברידער און שותּפים, אין פּאַריז — פרעמדע.

דער סוף פון אַזעלכע שמועסן פלעגט דאָך זיין דער זעלבער. פּאַלק פלעגט אַוועקפאָרן מיט אַ ניי פּעקל דאָלאַרן קיין פּאַריז און דאָס לעבן אין וואַלד פלעגט גיין מיט זיין סדר.

איצט איז דאָס נישט געגאַנגען אַזוי גרינג. נעמזאַר איז געווען פול מיט בייזקייט, אפילו בעלאַ האָט נישט געהאָלפן:

— זאָל ער אַרבעטן, — האָט נעמזאַר געזאָגט — זאָל ער טון דאָס, וואָס איך טו.

בעלאַ און די איבעריקע האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אויספירן וועט פּאַלק, נישט קובאַ. אַזוי איז שטענדיק געווען און אַזוי וועט ווייטער בלייבן.

אַ ביסל געדולד, פּאַלק!

עס שטייען טעג ליכטיקע, ביז אין דער נשמה אַריין.

די קינדער קריכן אַרום צווישן די ביימער. אויף די אַראָפּגעהאַקטע קלעצער, זיי זענען צעגעבערעגט פון דער זון. זיי זאַפּן אַריין אין זיך די סמאָלע פון וואַלד, זיי זענען געזונט, בעלאַס קינדער, און נישט איינמאָל כאַפּט זי זיך צו צו זיי און נעמט זיי קושן, ווייל זי אַליין איז אויך געזונט...

עס דאַכט זיך איר אָפט, אַז זי איז שטאַרק צופרידן, די אין לאָזט נישט זאָרגן...

קובאַ קומט פון וואַלד הונגעריק און מונטער און דאָס יאַטל, דאָס עלטערע, פרעגט, וואָס עס הערט זיך אין וואַלד...

דער טאַטע גיט איבער זיין קינד די קלאַנגען פון וואַלד, ווי די העק הילכן, ווי ביימער פאַלן, ווי די קראָען שרייען און ווי דער טאַרטאַק רוישט אין דער אַרומיקער שטילקייט...

ער טראַכט, קובאַ נעמזאַר, ווען ער האָלט זיין קינד אויף די קני: דאָס וועט זיין אַ פינפטער דור פון די נעמזאַרס, אַ יורש פון די וואַלד־העקער...

זאָל דאָס נאָר קיין פּאַלק נישט אויסוואַקסן, וועט אַלץ גוט זיין.

און דאָס גוטע ברודערל זיינס איז אויף צו להכעיס אין די

אויגן געקראַכן, זיך געפּוצט ווי אַ פרייליין און געקוקט אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ.

ער האָט, ווייזט אויס, אַ סך צייט געהאַט, דער פאַלק נעמזאַר, ווייל ער האָט כסדר געהאַלטן אין איין שאַפן נייע טעאָריעס, לעבנס־טעאָריעס. אַזעלכע טעאָריעס, וואָס זאָלן אים פאַרגרינגערן דאָס לעבן. די ערשטע טעאָריע איז געווען, אַז אין פּאַריז איז בעסער צו לעבן ווי אין פּוילן; נאָר אויב אין פּוילן געפינט זיך זיין ברודער קובאַ, וועלכער פאַרמאָגט וועלדער און פעלדער, הייזער און טאַרטאַקן, מעג מען אויך אַראָפּפאָרן פון צייט־צו־צייט קיין פּוילן, כדי זיך צו זען מיטן ברודער, צו אַזאַ באַגעגעניש דערלייגט מען נישט. דעם ברודער זיינעם האָט ער גרינגעשעצט. ער האָט אים אין האַרץ פיינט געהאַט פאַר זיין פלייסיקייט און פאַר דעם, וואָס דער ברודער האָט אים נישט געוואָלט אָנערקענען מיט זיין פּאַריז, מיט זיינע בילדער, וואָס פאַלק האָט געמאָלן, מיט זיין אַטעליע, וועגן וועלכער פאַלק האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן. בײַ יעדער געלעגנהייט פלעגט ער אַריינוואַרפן:

— בײַ מיר אין אַטעליע קומען אַריין אַזעלכע יחסנים.

קובאַ פלעגט שמייכלען און רעדן.

— עס קומען אַריין יחסנים... יאָ, אָבער וואָס גייט אַרויס פון דיין אַטעליע? ביסט שוין זיבן יאָר פון רוסלאַנד און איך זע נישט זאָלסט עפּעס האָבן אויפגעטון פאַר דער צייט...

— וואָס פאַרשטייסטו זיך אויף אַזעלכע זאַכן?

— אַז איך פאַרשטיי נישט, דערצייל נישט פאַר מיר...

— איך דערצייל נישט פאַר דיר, נאָר פאַר בעלאַן...

בעלאַ, קובאַס ווייב, ווערט רויט. זי קאָן זיך נישט קריגן מיט קיינעם, אָבער דאָ באַליידיקט מען איר מאַן, פאַרטיידיקט זי אים:

— איך גלייב נישט, אַז קובאַ זאָל פאַרשטיין ווייניקער פון דיר.

דאָס געשפּרעך קומט פאַר בײַם מיטאָג, אויף דער ליכטיקער וועראַנדע. דאָס לעבן איז דאָ אַרומגערינגלט מיט וואַלד. דער וואַלד זינגט אַריין אין דער נשמה. צי דו הערסט, צי דו הערסט נישט.

דער וואַלד דרינגט אַריין אין דיר מיט זיינע אַלע קלאַנגען, מיט זיין האַפּנונגס-פאַרב. עס שמעקן די פריש-צוגעוואַקסענע נאָדלען און עס שמעקט מיט אַ שיכּורער פרישקייט אַ גאַנצער ים מיט צעשני־טענע ברעטער און קלעצער.

עס איז באמת שווער פאַר די מענטשן, וועלכע פאַרברענגען דאָ טעג און נעכט, עס איז שווער פאַר זיי בייז צו זיין. קובאַ וויל אויף קיינעם נישט אָנפאַלן, ער וואָלט וועלן, אַז זיין ברודער זאָל דאָ בלייבן מיט אים און ביידע וועלן זיי אַרבעטן. ער גלייבט נישט אין זיין פּאַריז, אין זיין מאַלעריי... דער פאַלק איז פריער געווען אַ בראַווער יונג און איצט איז ער אַזוי צעקראָכן געוואָרן. דער מאַנאָקל אין אויג, די שרייאיקע קראַוואַטן, די לאָרדישע מי־נעס, פון וועלכע עס ווילט זיך לאַכן.

נישט איינמאָל האָט זיך שוין קובאַ נעמזאַר אויסגערעדט פאַר זיין פרוי און פאַר אַנדערע נאָענטע מענטשן:

— דער ברודער מיינער באַליידיקט מיך מיט זיין פּוסטקייט און מיט זיין אויסזען... ווי קומט עס צו אונז? אין אונזער משפּחה זענען אַלע געווען פּשוטע געזונטע מענטשן און דער קרימט זיך, ווי אַ קונצן-מאַכער. איך שעם זיך פאַר מיינע מענטשן, פאַר די פּויערים, וואָס אַרבעטן אין וואַלד... איבמיטן העלן טאָג, ווען העק קלאַפּן, ווען די מאַשינען פון זעג-מיל שלינגען אַריין די לאַנגע סקעלעטן פון די ביימער, ווען די ברעטער טיילן זיך אויס אַזוי נאַקעט און סימעטריש... אין די בעסטע שעהן פון טאָג קומט ער אַריין אין וואַלד אויסגעפּוצט ווי אַ פּרינץ אין אַן אָפּערעטקע און שפּאַצירט זיך אַרום, ווי באַם טאַטן אין וויינגאָרטן, ער שפּרייזט אַזוי קאָקעטיש, וויגט זיך אַזוי מיידלשדיק... מענטשן! ווי קומט צו אַ מאַנספּערזאָן אַזאַ גאַנג?... איך קוק עס אָן, די פּויערים שאָק־לען מיט די קעפּ און שמייכלען... עס איז מיר אַ חרפּה. פאַר אַ פרעמדן שעמט מען זיך אָפּט און דאָ אַן אייגענער ברודער, דער ליבהאַרציקער ברודער מיינער.

מען האָט עס גוט געזען. ווען פאַלק פלעגט אַראָפּקומען אין וואַלד, פלעגט קובאַ ווערן אַנדערש. ער ציט זיך איין, ער רעדט ווייניקער. ער האָט אויסגעמיטן קאָנפליקטן מיט אים און דאָך

פלעגט זיך באַ אים אַרויסרייסן אַ שטאָך-וואָרט און יענער פלעגט זיך באַלד באַליידיקן, פלעגט בייז אָפּענטפערן, אָדער ער פלעגט אַנטלויפן פאַר כעס קיין וואַרשע און פון דאָרטן שיקן דעפעשען וועגן... געלט.

דאָס ראָט דעם עלטערן געמזאַר ביטער באַליידיקט. ער האָט געוואָלט, אַז ז י י ן ברודער זאָל נישט זיין אַזאַ..

קובאַ האָט עס אַמאָל געזאָגט:

— אַז מ׳קען טרעפט נישט מיט אַ שותף, קאָן מען דאָך ווערן אויס שותפים, אָבער אַז מען טרעפט נישט מיט אַ ברודער, דע־מאָלט איז שלעכט. און דערצו פלעגט זיך קובאַ דערמאָנען, ווי טאַטע-מאַמע האָבן ליב געהאַט דעם פאַלקען און דאָס האָט אים פאַרפליכטעט. ער האָט אים נישט געקאַרגט קיין געלט און אויב ער האָט אים אָפּגעזאָגט אַ צו-גרויסע סומע, איז דאָס נישט געווען צוליב קאַרגשאַפט, נאָר דערפאַר, ווייל קובאַ האָט געוווּסט, אַז פון דעם געלט וועט גאָרנישט ווערן באַ פאַלקען און קובאַ האָט אַלץ נישט געוואָלט פאַרלירן די האָפנונג, אַז פאַלק וועט בעסער ווערן, אַז פאַלק וועט אויך קומען צום וואַלד אויף שטענדיק. ער האָט אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט צו ווירקן אויף זיין ברודער.

און איצט, ווען פאַלק האָט זיך פונאַנדערגערעדט וועגן זיין אַטעליע און קובאַ איז שטיל געוואָרן אויף אַ קורצער צייט, ווען באַם טיש איז שווער געוואָרן די שטימונג... איצט, כאַפּט זיך קובאַ פלוצלינג אויף, ווי אַן איבערראַשטער:

— דו רעדסט פון דיין אַטעליע, פאַלק! עס מוז דאָרטן זיין ענג און הינטער קאַלט... ענג, זאָג איך דיר... אפשר ווען דו וואָלסט גע־ווינן הונדער אין דער מאָלעריי... דעמאָלט פאַרכאַפּט עס ווי אַ שטורם: רום, כבוד, געלט, אָבער, דו דערציילסט דאָך אַליין, אַז אין פאַריז זענען פאַראַן פופציק טויזנט מאָלער. באַ־רעכן נאָר: פופציק טויזנט אַזעלכע ווי דו, און אפשר בעסערע פאַר דיר. אָרימע פאַנטאַסטן פול מיט ענערגיע... זעלטן, ווען עמעצן גיט זיך איין און צמווייניקסטנס וועט זיך דיר דאָס איינגעבן, הייל דו קאָקעטירסט מיט קונסט.

— הער אויף! — דערלאַנגט פאַלק אַ געשריי און איידער

דאָס ווען, כאַפּט ער אַ טעלער און צעשמעטערט אויף דער פּאָדלאָגע פון דער וועראַנדע.

די קינדער דערשרעקן זיך און בעלאַ באַרויקט אַלע. קובאַ באַמערקט, אַז דער צאָרן פון זיין ברודער איז אַ געמאַכטער און דאָס פאַרדרוסט אים אויך. ער זעט, אַז די געשיכטע מיטן טעלער איז אויך אַ פּאָזע... ער שווייגט, קובאַ, און שפּעטער נעמט ער ווידער רעדן...

— איך האָב אויך מיין אַטעליע, כאָטש איך מאָל נישט קיין בילדער.

פאַלק הייבט אויף אויף אים די אויגן.

בעלאַ און דאָס מיידל צו די קינדער. וועלכע זיצט בײַם טיש, אַלע הייבן אויף די אויגן אויף קובאַן.

און קובאַ וואַרפט אַ בליק אויף דער גאַנצער געגנט אַרום:

— דו זעסט, אָט דאָס איז מיין אַטעליע... דער וואַלד מיטן הימל איבער אים. דו מיינסט, אַז אַ סוחר איז שוין אַזאַ טויטער, האָסטו אַ טעות...

— אויסער דעם שטאַרקן ווילן צו דערגרייכן, איז אין מיין אַרבעט פאַראַן גענוג פּאָעזיע. שטעל זיך פאָר: פאַר מיר אַרבעט דער טעלעגראַף, דער טעלעפאָן און דער ראַדיאָ אַרבעט פאַר מיר, מיט מיר. אַלע גרויסע פּאָליטישע געשעענישן קאָנען האָבן אַ ווירקונג אָט אויף די פּיראַמידעס מיט די ברעטער, וואָס ליגן דאָ. איך בין פאַרבונדן מיט דער וועלט... איצט, ווען מיר רעדן דאָ, קלאַפּן מאַשיניסטקעס אויס בריוו פאַר דער וואַלד-קאָנטאָר „געמזאַר". עס זענען פאַראַן בײַ אונזערע מענטשן גוואַלדיקע אַמביציעס, אָבער אויסער דעם אַלעם, האָב איך דאָס ליב. איך האָב ליב די ביימער, וועלכע איך אַליין האַק אויס...

— אַזוי ווי אַ רויבער... — רייסט אים איבער פאַלק.

— ניין! נישט ווי קיין רויבער. אין מיין אַרבעט איז פאַראַן אַ סיסטעם. איך היט אָפּ און איך מוז אָפּהיטן די וואַלד-געזעצן. איך ברענג מיינע נוצן. די וועלט איז שוין אַזוי, יעדער איינער ברענגט אַריין זיינס מיט זיין אַרבעט. פון דעם געהילץ,

וואָס איך גרייט צו, בויט מען הייזער און מען שאַפט מעבל און ווירטשאַפט פאַר טויזנטער מענטשן.

עס העלפט נישט די אַלע רייד. אין די בעסטע טעג, אין די בעסערע שעהן, ווען אַלע זענען באַרויקט און איינער אויף דעם צווייטן זענען נישט אָנגעבראָגזט, דעמאָלט נעמט זיך פאַלק אויך צו דער אַרבעט. ער וויל ווייזן, וואָס ער קאָן.

נעמט ער דעמאָלט אַ ביסל פאַרב. זיין מאָלבערט מיט דער פאַליטרע, טוט זיך אָן אין אַ ווייסן לייוונטן כאַלאַט און שטעלט זיך מאָלן.

ער שטעלט זיך צו דער אַרבעט און דער עולם אַרום נעמט שמייכלען. שטענדיק אַזוי: פאַלק האָט בא קיינעם נישט קיין קרעדיט...

אָפט צייכנט ער די ברעטער. אַמאָל פאַרגלוסט זיך אים צו מאָלן די אונטערגעזעגטע ביימער און אַמאָל דעם שטייענדיקן וואַלד, דעם מעשענעם גלאַנץ און די מעשענע מאַטקיים פון די סאָסנעס... אָבער קיין איין בילד האָט ער נאָך נישט פאַרטיק געמאַכט, קיינמאָל נישט פאַרענדיקט. אָנגעצונדן זיך און באַלד אָהעקגעוואָרפן.

קובאַס צוויי יינגלעך שפּילן זיך מיט פאַלקס בילדער. זיי שלעפּן זיך אַרום מיט די געמאָלטע ברעקלעך פון וואַלד, זיי שפּילן מיט זאַמד אויף דעם.

און דער ברודער קובאַ וואַרפט אַמאָל אַ בליק אויף די לייוונטן און מורמלט צו זיך:

— וואָס דאָס קאָסט מיך אָפּ...

בעלאַ פאַרטיידיקט אים, אָבער אויך זי האָט לעצטנס געוואָרפן אַן אומחן אויף פאַלקען, זי דערמאַנט זיך אַ שווערן אינצידענט מיט קובאַס ברודער:

נישט איינמאָל פלעגן זיי בלייבן אַליין, ער פלעגט וואַרפן קאָמפּלימענטן און קוקן אויף איר, ווי מען קוקט אויף אַ שיינער פרוי, שטענדיק אויסגעפינען אַ נייעם שטריך... ער אַ מבין, דער ליידיקגייער, אַ מבין אויף פרויען און אויף שיינקייט. ער פטרט דאָס לעבן אויף פרויען. די קאָמפּלימענטן פלעגט זי אויסהערן, נישט קיין סך זיך געמאַכט פון דעם, אָבער דאָך פלעגט זי אויס-

הערן, ווייל זי האָט עס געמוזט הערן, געוואָלט האָבן אַ באַשטעטיקונג, אַז זי איז נאָך עפּעס...

ער, פאַלק, איז דאָס געווען דער איינציקער, וועלכער פאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע זאַכן, דאָ אין וואַלד, צווישן טאַרטאַקמענטשן.

נאָר איינמאָל האָט ער זיך דערלויבט אַריינצוּוואַרפן אַזאַ פראַזע, דערביי האָט ער אַ זיפץ געטון מיט אַ דאָן־זשואַנישן זיפץ:

— ווען דו, בעלאַ, וואָלסט נישט געווען מיין ברודערס ווייב...

מער האָט ער קיין האַלב וואָרט נישט אַרויסגערעדט, ווייל די גוטע, צוריקגעהאַלטענע בעלאַ האָט אויף אים אַ קוק געגעבן מיט אַזאַ פּאָר בייזע אויגן... און דער פחדן פאַלק האָט גענומען שטאַמלען, ווי אַן אידיאָט... מער האָט ער נישט געזאָגט און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ מאָמענט אַ נאַרישער... אָבער טיף אין האַרץ האָט זי שוין געפילט אַן עקל צו אים...

און קובאַ איז אַלץ בייזער געוואָרן אויף זיין ברודער. עס האָט זיך געפילט, אַז יענער מיט זיין ליידיק־אַרומגיין שטערט אים אין זיין אַרבעט.

ער ווייסט, קובאַ, אַז פאַלק איז דאָ אַראָפּגעקומען נישט צו קיין ברודער, נאָר צו דער קאַסע פון אַ ברודער. און ער וויל שוין, אַז ער זאָל גיכער אָוועקפאָרן. נישט איינמאָל האָט ער שוין געוואָלט צוגיין צו פאַלקן און פרעגן:

— וויפיל דאַרפסטו, וויפיל ווילסטו?

— נעם און פאָר געזונטערהייט!

אָבער פאַלק האָט דאָ עפּעס געפונען. אין דער צווייטער שטוב האָט געוווינט קובאַס משרת, חיים פרידמאַן, מיט צוויי טעכטער, צוויי שיינע מיידלעך! חוה און רחל.ביידע מיידלעך האָבן שטענדיק אַרויסגעקוקט פון אַ פענצטער, און דער אויסגעפּוצטער פאַלק פלעגט פאַרבייגיין און באַלד האָבן זיי זיך באַפריינדעט...

ווען קובאַ נעמזאַר האָט עס באַמערקט, האָט ער גלייך געזאָגט צו זיין ווייב בעלאַ:

— קיין גוטס וועט פון דעם נישט אַרויסקומען. איינע פון די וועט אוודאי וויינען און אפשר אויך ביידע.

דערנאָך איז צווישן די ביידע ברידער פאָרגעקומען אַ שמועס:

דער עלטערער קובאַ האָט געזאָגט

— לאָז צורו חיימס טעכטער.

— דאָס איז נישט דיין זאַך, — האָט זיך אָנגערופן פאַלק.

— ס'איז יאָ מיין זאַך... ערשטנס, איז חיים אַ ווילער ייד, די טעכטער האָט ער ליב, ווי דאָס לעבן, יעדן אָפּגעשפּאָרטן גראָשן לייגט אַוועק פאַר זיי... צווייטנס, ווען דו וועסט אַוועקפאָרן קיין פאַריז און איך וועל דאָ בלייבן, איך קען דיך... און די מיידלעך זענען נאַיוו...

— עך, וואָס ווילסטו פון מיר!

— לאָז צורו די מיידלעך...

פאַלק דרייט זיך אויס מיט דער פּלייצע צו קובאַן און שפּאַצירט אַוועק אין וואַלד אַריין, דערביי פייפט ער צו.

און פאַרנאַכט ווידער מיט די מיידלעך. דערנאָך האָט ער גענומען אַרומשפּרייזן מיט איינער, מיט חוהן.

איז געגאַנגען קובאַ געמזאַר צו זיין משרת חיים פרידמאַן און אים געזאָגט:

— שיקט אַרויס פון וואַלד אייער חוה... מיין ברודער איז אַ פאַרדאָרבענער יונג.

האָט חיים זיין טאָכטער חוה אַרויסגעשיקט אין אַ צווייטן וואַלד, האָט זיך פאַלק גענומען צו רחלען, האָט מען רחלען אויך אַרויסגעשיקט...

די ברידער האָבן דעמאָלט צווישן זיך נישט גערעדט, מען האָט איינאַיינעם נישט געגעסן. פאַלק האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די נאָנטע דערפער און צו בעלאַן האָט ער איינמאָל געזאָגט:

— איך קלויב איינדריקן פאַר פאַריז.

דאָס זענען שוין געווען איינמאָל איינדריקן. ברענגט אַ שיקסע הינער צו פאַרקויפן, קומען צו לויפן די אַרבעטער און דער-

ציילן, אַז די שיקסע מיט די הינער האָט גאָר פאַרבלאָנדזשעט צו פאַלקען אין צימער...

די דינסטן פון באַן־נאַטשאַלניק און פון אַקציז־באַאַמטן זע־נען אויך געוואָרן גוט באַקאַנט מיט דעם פאַריזער פוסט און פּאַסטניק...

איינמאָל איז פּלוצלינג געקומען צו לויפן אַ פויער מיט זיינע צוויי יונגע זין צו קובאַן. זיי האָבן גענומען שרייען און זיך גע־וואַלט שלאָגן.

דער פויער האָט געשריגן, אַז פאַלק האָט פאַרפירט זיין טאָכטער...

עס האָט געקאָסט געגנוג מי און געלט, ביז מען האָט יענעם דאָרף באַרויקט.

נאָך אין יענעם פאַרנאַכט, ווען דער פויער איז געקומען צו קובאַן, האָבן זיך די צוויי ברידער באַגעגנט נישט ווייט פון מאַר־טאַק.

— הער זיך איין, קינסטלער! — האָט קובאַ אָנגעהויבן.

פאַלק איז געגאַנגען ווייטער.

קובאַ איז אים האַסטיק נאָכגעגאַנגען:

— הער זיך איין, ליידיקגייער, פּאַראַזיט...

פאַלק האָט זיך אומגעקערט און בייז געוואָרפן אַ בליק אויף זיין ברודער, וועלכער באַליידיקט אים.

ביידע האָבן זיי פּלוצלינג אַ קוק געגעבן אויף דער ערד. לעבן אַ בערגל שפּענער איז געלעגן אַ האַק...

איין רגע... האָט עס געדויערט, נאָר ביידע האָבן אָפּגעדרייט די קעפּ, נישט געקוקט אויף דער האַק, נאָר אין די אויגן האָבן זיי זיך יאָ געקוקט...

קובאַ האָט זיך אָנגערופן:

— ווען איך זאָג דיר, פּאַראַזיט, זאָלסטו שווייגן, ביסט אַ גאָרנישט און דער „גאָרנישט" איז מיין ברודער. מאָרגן זאָלסטו דאָ נישט זיין, מיטן ערשטן צוג, דו הערסט...

און דער „גאָרנישט" בעמט זיך דינגען:

— דאָ איז אַלץ מיינס, ווי דיינס, דעם טאַטנס ירושה.

— דאָס וועלן מיר נאָך זעען — זאָגט קובאַ, און ווען ער בייט אַוועק, וואַרפט ער צו פאַלקן אַ פראַזע, וועלכע האָט גרויס ווירקונג:

— די פויערים פון אַרום זעבען אויף דיר אין כעס, זיי קלויבן זיך דיך אָפּצושמייסן...

אין אויף מאָרגן איז שוין פאַלק נישטאָ.

*

שמעון קבישינסקי איז געקומען אין וואַלד אַריין דעם לעצטן ווינטער.

דאָס איז געווען אַ מענטש פון העכער דרייסיק, אַ ביסל אַ שווייגנדיקער און אַ ביסל אַ שרייענדיקער, ווען ער פלעגט זיך אַמפּערן מיט אַנדערע. אַ מענטש מיט גענוג איראָניע און סאַרקאַזם פאַר דעם צווייטן און מיט גענוג פאַרביטערטקייט פאַר זיך. דעם פּאָסטן בײַ די נעמזשערס האָט ער באַקומען דורך אַ גוטער רעקאָמענדאַציע און שוין בײַלד פון ערשטן טאָג, האָט מען זיך באַצויגן צו אים מיט מער דרך-ארץ, ווי צו די איבעריקע מענטשן, מען האָט אים געשאַנעוועט און געקוקט אין די אויגן... אַ פּאָעט, אַ וואַרשעווער... נישט קיין געוויינלעכער משרת.

שמעון קבישינסקי.

דעם נאָמען פלעגט מען אָפט באַגעגענען אין די צייטונגען, אין זשורנאַלן.

געקומען איז ער אין אַ ווייסן טאָג. צו די נעמזשערס האָט מען באַדאַרפט דורכגיין דורך אַ גאַנצער שטאָט פון ברעטער, סימעטרישע גאַסן פון צעשניטענעם געהילץ. אַלץ איז געווען פאַרשאָטן מיט אַ פוכיקן, פרישן שניי און דורך דעם שניי האָט זיך געריסן דער געזונטער סמאָלע-ריח פון סאָסנע. אַ ביסעלע ווייטער ליגן רונדע ביימער ווי אַ מחנה אָפּגעטויטע שלאַנגען און נאָך אַ ביסל ווייטער שטייען לעבעדיקע וועלדער אין זייער גאַנצער גרויסקייט, מיט די קרוין-קעפּ, מיט די טיפע וואָרצלען אין דער ערד, איינס צום צווייטן שטייען די ביימער און רעדן אויף זייער לשון... מיט שווייגעניש... אַ מענטש איז געקומען פון דער גרויסע רשטאָט

אויסגעמאַטערט און אַ ביסל אויסגעהונגערט נאָך אַ ניי בילד. די ערשטע טעג איז ער איבעררֹאַשט געווען און צום עלטערן בוכהאַלטער האָט ער זיך אָנגערופן:

— איר ווייסט, אַז מען לעבט לאַנג אין שטאָט, פאַרגעסט מען באמת, אַז ערגעץ־ווו איז נאָך פאַראַן אַ סימן פון דער נאַטור...

און דער בוכהאַלטער, אַ ייד מיט ברילן, אַ ייד אַ למדן, מיט גמרא־ווערטלעך באַ יעדער געלעגנהייט, האָט אים אָפּגעענטפערט:

— מיר מאַכן עס צורעכט, דער טאַרטאַק אַרבעט טאָג און נאַכט... מיר וועלן צעשניידן די וועלדער.

די ערשטע טעג איז דער קנישינסקי געווען איבעררֹאַשט און שפּעטער האָט ער זיך גענומען אָפּקילן. אַלץ האָט אים דאָ צום אָנהייב אויסגעזען, ווי אַ חלום, נאָר באַלד האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז אַ חלום־לאַנד, וווּ קיינער חלומט נישט. אָנהייבנדיק פון קובאַ נעמזאָר, ביז דעם לעצטן אַרבעטער פון טאַרטאַק, וועלכער שלעפּט די קלעצער, יעדער איינער איז מיטן גאַנצן לייב און לעבן פאַרנומען מיט זיין ענין. מען האַקט ביימער, מען פאַרשרייבט די ביימער, מען מעסט אויס יעדן קלאָץ מיט אַ צענטימעטער און מען שרייבט בריוו די אויסלענדישע סוחרים...

אָט שטייט ער, דער פּאָעט, און קוקט איבערן שוואַרצן וואַלד, וועלכער וויִסלט זיך מיט זיינע שניי־פלעקן, ווי אַ גרויסע פלאַכטע פון גאָרנאָסטאַי, אַ גרויס ענדלאָז קעניגרייך פון ביימער. ער פאַרטראַכט זיך און איינער פון נעמזאָרס מענטשן רופט זיך אָן צו אים:

— איר קוקט אויף יענעם וואַלד, דאָס איז דעם גענעראַל סאָוויצקים וואַלד, נעמזאָר האַלט עס באַם קויפן, אויב די פּרעסט וועלן אָנהאַלטן, קאָן דער וואַלד אין אַ חודש אַרום שוין זיין דאָ באַם טאַרטאַק...

באַם טאַרטאַק אַ גאַנץ הויך בערגל, פאַרשאָטן מיט שניי

— וואָס איז דאָס פאַר אַ באַרג?

דאָס איז אַ טייל פון בראַניצקיס וועלדער, פאַר צוויי יאָר צוריק געקויפט, דאָס איז געבליבן פון דעם...

— איך פאַרשטיי נישט...

— שאַרט אַראָפּ אַ ביסל שניי, וועט איר פאַרשטיין.

קנישינסקי גייט צו צום בערגל און שאַרט מיט דער האַנט אַראָפּ אַ פּלאַסטער שניי, אונטן איז זעגעכץ...

— יאָ, דאָס בלייבט פון וואַלד, ווען די זעג־מיל צעשניידט די ביימער.

צו אַ סך אַזעלכע שמועסן האָט זיך צוגעהערט קנישינסקי. פאַרנדיק איינמאָל מיט געמזאָרן און מיט נאָך עטלעכע יידן אין וואַלד, פלעגט ער יעדע ווילע איבעררײַשט ווערן פון די ווינטער־בילדער, ווי די צווייגן ציען זיך אויס צו וועמען מיט ווייסע לאַפּעס, קעצישע ווייסע לאַפּקעס האַלטן איין די ווייסע הויפנס שניי.

— אָט דאָס וועלדל געפעלט מיר.

איינער פון די מענטשן קילט אים אָפּ:

— אַ ביסל מיסט, נישט קיין וואַלד, איר זענט נאָך אַ קנאַפּער מבין...

— ס'איז שיין... מיין איך.

— דער הימל איז אויך שיין, פונדעסטוועגן קאָן מען אים אין טאַרטאַק נישט נעמען... אָט דער בוים, איר זעט, פּאַניע קני־שינסקי, אָט אַזאַ הויכער, גלייכער בוים, אָן סענקעס, אָט דאָס איז אַ גוט שטיקל האָלץ...

שמעון קנישינסקי איז בישט געווען אין כעס אויף די מענטשן. האָלץ־העקערס ווייסן נישט פון קיין סע.ט מענטש, זיי זענען געוווּ־נטע מענטשן, ער פלעגט צו זיך אַליין שמייכלען, פון זיך אַליין, פּאָעזיע...

ער האָט געשמייכלט צו זיך אַליין, נאַיוו געטראַכט: שוין נישט געטראַכט, ווי פריער, אַז וועלדער וואַקסן אויף, כדי דיכטער זאָלן זיי באַזינגען.

אָט די געוווינטע מענטשן, וועלכע ציילן די ביימער, ווי קאַר־טאָפל, זיי זעען אַליין דאָך אַ שטיק לעבן, זיי אָטעמען אין זיך

אין דעם אָטעם פון וואַלד, זיי לעבן מיטן וואַלד, זיי זענען די חברה קדושא פון וואַלד און גליקלעכע...

זיי שרייבן נישט קיין לידער פון וואַלד.

ער פלעגט נישט זיצן בלויז אין קאַנטאָר. צי באַ זיך אין צימער; און די פרייע שעהן פלעגט ער פאַרברענגען מיט נעמזאַרן. ער פלעגט מיט אים גערן רעדן.

— ווי געפעלט אייך באַ אונז? — האָט אים איינמאָל געפרעגט נעמזאַר.

— מיר איז נישט לאַנגווײַליק, דאָס איז דאָך אַ סך... — און באַלד האָט ער צוגעגעבן... — נישטאָ קיין אמתע הצלחה...

— וואָס הייסט?

— אין שטאָט פלעג איך בענקען נאָכן וואַלד און דאָ צייל איך די ביימער, וויפיל מען שנײַדט אויס אין אַ וואָך צייט, הינדערט יאָר וואַקסט אַ בוים. הונדערט פּיפּציק... און דער פויער מיט זיין האַק, אין צען מינוט לייגט ער אים אַוועק... עס איז טרויעריק און שיין אינאיינעם. דער וואַלד איז שיין, אָבער דער מענטש, דער האָלץ-העקער איז אויך נישט מיאוס... כ'האָב ליב באַוועגונג אין דאָ באַוועגט זיך אַ וועלט...

— עפּעס קלעמט אייך, פּאַניע קנישינסקי!

— גאָרנישט, איך גלייב, אַז עס זענען פאַראַן געצײַלטע מענטשן, באַ זיי איז דער אינסטינקט שטאַרקער אַנטוויקלט און די געצײַלטע האָבן דערפילט, אַז דאָס לעבן ווערט זייער ענג. איז מען אַמאָל טרויעריק און די טרויעריקייט איז אויך איינע פון דעם מענטשס נאַרישקייטן, גאָרנישט... איך בין זייער צופרידן, וואָס איך בין דאָ אַראָפּגעקומען.

ביסלעכווייז, און דער קנישינסקי איז געוואָרן דער נאָענטסטער מענטש באַ נעמזאַרן.

הינטער זיין פענצטער האָט טאָג און נאַכט געסקריפּעט דער טאַרטאַק, ער האָט זיך צוגעוווינט צו די מעסערס, וועלכע האָבן געשניטן די פרישע קלעצער, עס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער ווייסער ווינטער. מען האָט געהאַקט דעם וואַלד און פון אַלע דערפער זענען געווען מאָביליזירט די פויערים מיט זייערע קליינע

בערדלעך, זיי האָבן געבראַכט די טויטע ביימער אונטער געמזאַרס פענצטער.

קנישינסקי איז אַריין אין אַ נייע וועלט און ער פלעגט זיך צוקוקן צו אַלץ, וואָס אין דער נייער וועלט פלעגט פאָרקומען:

יעדן שבת־צונאַכטס קלויבן זיך צונויף צו געמזאַרן אין קאַנטאָר אַ סך יידן. די אַלע, וועלכע האָבן געאַרבעט בא אים. זיי קומען פון די נאָענטע וועלדער.

וואַלד־וועכטערס, משרתים, שרייבערס. די קאַנטאָר און די ביידע חדרים ווערן פול. איינמיטן וואָך זעט מען דאָ גאָרנישט אַזוי פיל יידן. איצט באַווייזן זיי זיך ווי די שאָטנס, ווי פאַרשווערער גנבענען זיי זיך דורך די וועלדער, מען קומט אָפּגעבן חשבון פאַר אַ גאַנצע וואָך און מען קומט פרעגן וואָס ווייטער צו טון...

געמזאַר אַליין זיצט באַם טיש און פאַרצייכנט וויפיל מען האָט פאַר דער וואָך אַריינגעפירט און אַרויסגעפירט פון ביידע טאַרטאַקן, וויפיל מען האָט אַוועקגעלייגט ביימער.

— עס פליען כסדר ווערטער, וועלכע זענען נאָר פאַרשטענדלעך פאַר די וואַלד מענטשן:

— שטאַם...

— שוואַם..

— צוויי און פערציקער.

— זעקס און דרייסיקער.

יעדע האַלבע שעה קומט צו אַ נייער פאַרשוין, וועלכער קלאַפּט פון זיך דעם שניי אַראָפּ, און אַ נייער ראַפּאָרט.

דערנאָך באַה'ייזט זיך אויפן קאַנטאָר־טיש אַ פלאַש בראָנפן מיט צובייסעכץ און עס הייבן זיך אָן אַנעקדאָטן, מעשיות, גמרא־ווערטלעך, פּאָליטיק, אַזוי ביז שפּעט.

שפּעטער ווערן די מענטשן פאַרשוואונדן. אין דער פינצטערער נאַכט, אין שטומען וואַלד אַריין. מאָדנע, אָפּגעזונדערטע מענטשן. אַנדערע מיט פאַמיליעס, מיט ווייב און קינד און די אַנדערע ווידער איינזאַמע, איינער אַליין אין וואַלד. שוואַרצע נעכט, דער ווינט יאָמערט און אַ ייד זיצט אין וואַלד מיט אַ גמרא און לערנט, לערנט. בא געמזאַרן איז שוין פאַראַן אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט

אין יקאנטאר און די צייטונגען דערציילן, אז מען פליט שוין אריבער דעם ים מיט אזא שטאלענער מאשין און אין טיפן בראָניצקיס וואלד זיצט נעמזארס א מענטש און לערנט גמרא...

די וועלט בייט זיך און בייט זיך נישט.

שבת-צו-נאכט קומען די יידן פון די וועלדער און זונטיק אינדערפרי קומען די קריסטן, די גאיאָוועס, זיי קומען אויך אָפּגעבן אַ חשבון. מען האָט געכאַפּט א פויער, ער האָט געגנבעט האָלץ, מען האָט געכאַפּט צוויי פויערים... אָבער נישט דאָס איז דער עיקר: עס איז שוין געוואָרן אַ מנהג, זונטיק אינדערפרי קומט מען נאָך א גלעזל בראָנפן...

און ווען מען ווערט אַ ביסל באַגלעזלט, נעמט מען דערציילן וואלד-מעשיות. מעשיות פון יאַגד, וועגן הירשן און ווילדע חזירים, וועגן דער פלינקייט און קלוגשאַפט פון אַ פוקס... מען דערציילט אמתע און אויסגעטראַכטע מעשיות, אַ זייטיקער קאָן בשום אופן נישט פאַרשטיין, וווּ דאָ איז די העלדישקייט און ווּ גלאַט באַרימעריי...

IV

## דער בורזשוי

יעדער איינער, וואָס איז געקומען אין וואַלד אַריין, האָט זיך ווי עס איז צוגעפּאַסט צום וואַלד. בײַ נעמזאַרן זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן שוין אַ לעבן אָפּגעלעבט אין וואַלד און פאַר קיין געלט וואָלטן זיי דעם אַרט לעבן זייערן נישט פאַרביטן. יעדער איינער באַזונדער, פון די אַלע, וואָס זענען דאָ נישט לאַנג אפילו געקומען, יעדער פון זיי, אויסער פאַלק, דער צעלאָזטער, וועלכער פלעגט צראָפּפאַלן פון פאַריז, ווי אין אַ וויסטע אַריין, יעדערער פלעגט דאָ ווערן אַ ביסל היימישער, פראָסטער, איינפאַכער און געדולדיק.

נעמזאַר האָט ליב געהאַט זײַנע „מענטשן". דאָס איז געווען בײַ זיי אַ ירושה-זאַך:

— אַ מענטש נישט אָפּזאָגן. פאַר קיין פאַל נישט אַרויסטרייבן.

געווען איז דאָ, אין דאָמבראָווקע, איינער אַ יצחק סעמיאַטיטשער, אַ פײַנער יונגערמאַן, מיט אַן עכט טונקל-שוואַרץ בערדל, מיט שוואַרצע, טיפע אויגן, אַ ברען אַ יונגערמאַן. ער האָט געקענט אַלע וועלדער אויסנווייניק. ער פלעגט זיך פאַרשטיין אויף אַ בוים. ווען ער פלעגט פאָרן באַקוקן אַ וואַלד, פלעגט ער זיך צוועקשטעלן און ציען מיט די נאָז-לעכער די לופט, אויסשמעקן אויף אַזאַ אופן צי אין דעם וואַלד זענען נישטאָ קיין פאַרפוילטע ביימער.

א ווילער „מענטש״ געווען, אזעלכן מעג מען צאָלן, אפילו ער פאַדערט, ער איז ווערט. דער יצחק סעמיאַטיטשער האָט שוין געהאַט אַ פרוי מיט צוויי קינדער און געוווינט האָט ער אין שטח פון טאַרטאַק. אַלץ גוט געווען. האָט מען אָבער נעמזאָרן דער־טראָגן:

— יצחק גנבעט...

האָט נעמזאַר אויסגעפּאַרשט... אמת! ער האָט פאַרקויפט אַ פור מיט אַפּפאַל און נישט אַריינגעטראָגן אין בוך. אַ צווייט מאָל: ווידער אַ נישט כשרע געשיכטע. איז נעמזאַר אַריין צו יצחקן אין שטיבל און גערעדט פּשוטע דיבורים:

— איך האָב נישט ליב, אַז מיינע „מענטשן״ זאָלן אַליין זיך נעמען פון מיין פאַרמעגן. איך גיב דיר נאָך שפּעטיק זלאָטעס אַ וואָך...

יצחק סעמיאַטיטשער איז פון אַזעלכע ווערטער צעטומלט געוואָרן, רויט געוואָרן און געשוויגן. און אַ שטיק צייט איז אַריבער, עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז בײַ דעמדאָזיקן יונגמאַן זענען די לאַנגע פינגער קורץ געוואָרן... ביז מען האָט אָנגעהויבן באַמערקן זייַנע אַלטע שטיקלעך אויף דאָס ניי...

האָט נעמזאַר באַפוילן, מען זאָל אים קיין אַרבעט נישט געבן, אין ערגעץ נישט שיקן, גאָרנישט אָנפאַרטרויען. נאָר זיין וואָכן־געלט זאָל ער באַקומען ווי שטענדיק...

און נעמזאַר האָט גערעדט צום בוכהאַלטער ראַבינאָוויטש:

— אַרויסטרייבן וועל איך אים נישט, מיין טאַטע האָט זיך אַזוי געפירט.

איז דער יצחק געזעסן אַזוי עטלעכע חדשים, גענומען געלט און גאָרנישט געטון, געוואַרעמט זיך אויף דער זון. בעקוקט, ווי אַנדערע אַרבעטן, נאָר די אַנדערע האָבן אויף אים בעקוקט ווי אויף אַ... גנב.

לאַנג האָט ער נישט אויסגעהאַלטן אַזאַ סאָרט לעבן. געקומען צו נעמזאַרן און געוויינט, געקלאַפּט זיך אין האַרצן:

— וואָס ווילט איר פון מיר?

— גאָרנישט... איך טו דיר עפּעס? באַקומסט נישט דיין וואָכן־געלט?

איז ער אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. געקומען אַ צווייט מאָל:

— פאַניע נעמזאַר! איך האָב קרובים אין קאַנאַדע. איך וויל מיט מיין משפּחה פאָרן אַהין, עס פעלט מיר אויס געלט.

— וויפיל? — האָט נעמזאַר געפרעגט.

ער האָט אָנגערופן אַ סומע, נעמזאַר האָט איינגעשטימט און יענער איז אַוועקגעפאָרן.

אין אַ יאָר שפּעטער האָט נעמזאַר באַקומען אַ בריוו מיט אַ טשעק אויף הונדערט דאָלאַר. דער בריוו איז געווען פון יצחק סעמיאַטיטשער: „איך שיק אייך דאָ הונדערט דאָלאַר, איך וועל אייך אַלץ אָפּשיקן דאָס, וואָס איר האָט מיר געגעבן און דאָס, וואָס איך האָב אַליין גענומען. איך האָב קעגן אייך געזינדיקט און איך וויל תשובה טון“.

צום סוף פון בריוו איז געווען צוגעשריבן: „פאַניע נעמזאַר! עס וואָלט געווען אַ יושר, ווען איר לאָזט דאָרטן איבער אייער דאָמבראָווקע מיט די מאָגערע וועלדער. פאַר אייך מיט אייער ענערגיע און קאַפּיטאַל וואָלט דאָ געווען אַ לעבן, לאַכט נישט פון מיר, לאַכט נישט פון דעם, וואָס עס זאָגט אייך עפּעס אַ יצחק סעמיאַטיטשער, פרעגט נאָך בײַ דער וועלט, וועט מען אייך זאָגן, וואָס דאָס איז אַזוינס קאַנאַדע מיט אירע וועלדער. דאָ זענען פאַראַן וועלדער, אַנטקעגן וועלכע דאָמבראָווקע וואָלט זיך פאַרשעמט. דאָ איז פאַראַן אַ ביסל „פּרייאַסט“ און „שטאַם“, אַ מחיה זאָג איך אייך, בשום צו קושן, גיט אַ טראַכט וועגן דעם, איר וועט נישט האָבן קיין חרטה“.

דאָמבראָווקע האָט געהאַט אַ ביסל צו רעדן וועגן דעם בריוו. עס האָט אַלעמען געטון הנאה, וואָס יצחק איז בעסער געוואָרן:

— פאָרט אַן אונזעריקער, אַ וואַלד־מענטש... אַ וואַלד־מענטש האָט האַרץ.

און נעמזאַר אַליין האָט געשמייכלט:

— ער רופט מיך קיין קאַנאַדע, וואָס, ער איז נישט גע־

רעכט? דאָ איז אַזאַ אָרימקייט, אַזאַ קאָנקורענץ, אויף איין מאָרוואַלד פינף הונדערט סוחרים...

אָבער עס זענען דאָך געווען טעג פון אַרבעט און דער גאַנצער ענין קאַנאַדע איז גיך פאַרגעסן געוואָרן.

אַלע האָבן געאַרבעט און אַלע האָבן זיך געפילט גוט. לעבעדיקע, געזונטע מענטשן האָבן געשניטן קלעצער, שטומע קלעצער. מען האָט זיך געיאָגט נאָך אַרבעט, מען האָט געשמאַק געאַרבעט.

פון קובאַ בעמזאָרן באַדאַרף מען נישט רעדן. ער האָט צוליב אינערלעכע, פאַרבאָרגענע סיבות געזוכט אַזאַ לעבן. פון רוסלאַנד אָן האָט ער גענומען אויסמיידן די שטאָט. אַ געניטער באַאָבאַכטער וואָלט גלייך באַמערקט, אַז זיין כוונה איז דאָ צו בלייבן נישט צוליבן וואַלד, צוליב די טאַרטאַקן, צוליב געשעפט. נאָר דאָס גאַנצע זיין דאָ איז פאַרבונדן מיט עפּעס אַ מורא פאַר וועמען, אַ מורא פאַר דער שטאָט, אַ מורא פאַר אַ ניי לעבן. מיט דעם קנישינסקין פלעגט ער אָפט רעדן וועגן ענינים, וועלכע זענען געווען גאַנץ ווייט פון זיין וואַלד-קאַנטאָר:

— איך בין אַ באַוווסטזיניקער בורזשוי, איך וויל זיך נישט נאַרן און וויל קיינעם נישט נאַרן. אַמאָל זענען ציוויליזירטע מענטשן געקומען צו דער ווילדער אַמעריקע און צוגענומען בײַ די ווילדע זייער פּרימיטיוו, זייער נשמה, זייער... ווילדקייט, היינט קומען מענטשן מיט טעאָריעס און שפּעקולירן אויף אַ וועלט הונגעריקע און האַלב הונגעריקע מענטשן, זיי ווילן בײַ אונז צונעמען אונזער... זאַטקייט. עס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע צי אונזער זאַטקייט וועט קלעקן אויף אַזוי פיל הונגעריקע, עס איז נאָך גאָר אַ גרויסע פראַגע, אָבער נישט אין דעם גייט עס, נישט אין אונזער זאַטקייט, מיר האָבן נאָך עפּעס, מיר סוחרים, הענדלער, וואַיאַזשאָרן, שפּעקולאַנטן, מיר האָבן געהאַט און מיר האָבן נאָך איצט אויך אַ ביסל איניציאַטיוו. עך! איך בין נישט קיין געלערנטער און נישט קיין דיכטער, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אַלע געלערנטע און אַלע דיכטערס פון דער וועלט וועלן קיינמאָל נישט אָפּשאַצן

דעם ווערט פון עגאָיסטישן אייגנטימער, וועלכער האָט כסדר פאַרכאַפּט, געבויט, צעשטערט און ווידער געבויט...

קנישינסקי, דער צוריקגעהאַלטענער, דער רויקער האָט איב דערבײַ מיט אַ שמייכל געענטפערט :

— איך, אַ באַשיידענער דיכטער, האָב אייך שוין אָפּגעשאַצט...

קובאַ נעמזאַר האָט אים אויך געענטפערט מיט אַ שמייכל :

— נישט אין מיר גייט עס. אויב עס וואָלט געגאַנגען אין מיר אַליין, וואָלט שוין די גלייכהייט געווען אַן אייביקער פאַקט. איך וואָלט זיך נישט געשטעלט אַנטקעגן, נאָר איר הערט, קנישינסקי, איר זענט נישט געווען אין רוסלאַנד, איר האָט באַדאַרפט זײַן אין מײַן הויט. מען האָט בײַ מיר צוגענומען אַ פאַרמעגן, קלאָג איך נישט אויף דעם, נאָר מען האָט בײַ מיר צוגענומען מײַן אַרבעט, מײַנע פּלענער, די לאַנדס-קאַרטע פון גרויסן רוסלאַנד איז געלעגן בײַ מיר אויפן טיש און איך בין געלעגן אויף דער לאַנדס-קאַרטע, איך האָב געפּלאַנעוועט דאָס אַלץ אַרומצונעמען מיט מײַנע אָרעמס, אַ וועלט-געזעלשאַפט צו גרינדן, כּדי צו האַקן די רוסישע וועלדער מיט אַ סיסטעם, מיט אָרדנונג, מיט ווייטע, גאָר ווייטע צילן, זענען זיי געקומען און מיר געבונדן די הענט, דערנאָך האָט מען מײַן קלאַס... יאָ דעם בורזשואַזן קלאַס האָט מען גענומען באַשפּייען, טאָג איין טאָג אויס. מען האָט גערעדט פאַר די גרויסע און פאַר די קליינע שול-קינדער, מען וויל איינרעדן אַ וועלט, אַז יעדער איינער, וועלכער האָט דאָס אומגליק עפּעס צו פאַרמאָגן יענער איז אַ מענטשן-פרעסער, ערגער ווי אַ מענטשן-פרעסער... איז טאַקע שלעכט מיט אונזערס אַ מענטש. דער עיקר איז שלעכט מיט דעם, וואָס איך אַליין קאָן זיך שוין נישט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז איך בין טאַקע פאַרדאָרבן. ניין! איך בין נישט פאַרדאָרבן און איך האָב ליב דעם מענטש, דעם נאָענטן, איך וויל אים העלפן נישט ווייניקער פאַר די, וועלכע קומען מיט טעאָריעס אויף מײַן חשבון...

— דער וועלט גייט נישט אָן דער איינער, דער איינציקער,

דער וועלט גייט אין אַ סיסטעם, עפּעס האָט אין אונזער לעבן שוין אָפּגעלעבט...

— און עפּעס איז אין אונזער לעבן נאָך נישט געבוירן גע־וואָרן...

— וואָס ? — פרעגט איינגעהאַלטן קנישינסקי.

— מענטשלעכקייט...

ווי עס וואָלטן אים אַ שטויס געטון די שווערסטע זכרונות. ער האָט אָנגענומען קנישינסקין פאַר דער האַנט און גענומען שפּרייזן מיט אים צום וואַלד :

— מען האָט מיך געפּייניקט טעג, וואָכן, חדשים, נישטאָ אַזאַ זינד, פאַר וועלכע עס קומט אַזאַ פּיין און נישטאָ אַזאַ אידעאַל, אַזאַ אידעע, אין נאָמען פון וועלכער אַזעלכע יסורים זאָלן באַרעכטיקט זיין... ניין ! זיצן אין אַ פינצטערן חדר מיט שווערע קראַטעס און הערן... צו פאָרט ער שוין, דער שווערער אויטאָבוס. יאָ, ער פאָרט שוין, צוגעפאָרן צו דעם טויער פון אונזער תפיסה... אַ שרעק באַ־פאַלט און די שרעקלעכע שרעק זוכט רעטונג, קוקן מיר זיך אָן אין קאַמער. איך קוק אין מיין שכנס אויגן און מיין שכן קוקט אין מיינע אויגן... שאַ, שטיל, נישטאָ קיין אָטעם, דאָס האַרץ קלאַפּט שוין נישט... ווע‍מען רופט ער דאָרטן ? ... מענטש אין דער לע־דערנער קורטקע ?

— לעבעדיעוו !

— איוואַנאָווסקי !

— בערנהאָלץ !

און „נעמזאַר“, „נעמזאַר“. די אויערן ווילן שוין הערן דעם אויסגעשריי „נעמזאַר“. ניין ! צוגענומען די דריי און עס איז אַ רחמנות אויף זיך אַליין, וואָס דו ביסט נאָך געבליבן. מאָרגן וועלן זיי ווידער קומען, מען דאַרף וואַרטן, וואַרטן אויף דעם טויט... וואַרטן, ציטערן און וואַרטן. פאַר מיר אין די אויגן זענען מענטשן משוגע געוואָרן, איינער האָט זיך געכאַפּט אַליין שטיקן, און ווען דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, איז ער צוגעלאָפן צו מיר :

— דערשטיק מיך, אויב נישט, וועל איך דיך דערשטיקן...

— איך בין געווען פאַרמשפּט צום טויט, נאָר צו מיר האָבן זיי

זיך א ביסל בעסער באַצויגן. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נושא חן געווען בײַ זיי, בײַ די וועכטער און בײַ די תלינים, און דאָס האָב איך געהאַלט אויסנוצן פאַר איין זאַך, פאַר מיין לעצטער זעלבסשטענדיקייט: נישט שטאַרבן פון זייערע הענט, נאָר אַליין מאַכן אַ סוף מיט זיך און וועגן דעם האָט געוואוסט בעלאַ און זי האָט מיר געבראַכט סם:

— וואָס? בעלאַ... סם, פאַר אייך?

קנישינסקי האָט עס אויסגעשריגן די פראַזע.

— יאָ, זיי פלעגן זי אָפט צולאָזן צו מיר, פאַר גוט געלט, פאַר בריליאַנטן, פאַר גאָלדענע חפצים, מען פלעגט זי צולאָזן צו מיר, און ווען זי איז געקומען און געזאָגט דעם אמת, אַז קיין שום האָפנונג איז שוין נישטאָ, האָב איך געפאָדערט מיינס...

— סם?

— יאָ...

— און זי האָט עס געבראַכט אין אַן עפל. אַ בריליאַנטענעם רינג האָט זי אַוועקגעגעבן מען זאָל דעם עפל צולאָזן צו מיר. אין עפל, אין אַ פאַפירענע איז געלעגן אַ קליין פּראַשעקל, ווייס, קרישלדיק... און אין דעם זעלבן פאַרנאַכט איז צוגעפאָרן דער שמערער אויטאָמאָביל און אַ מענטש איז אַריין מיט אַ צעטל און מיין נאָמען האָט ער אויסגערופן:

— נעמזאַר!

אין די אויערן האָט גענומען קלינגען, געווען עפעס מונטערקייט אין דעם קלינגעריי.

איך האָב אויסגעשריגן:

— יאָ, איך... און באַלד נאָך מיין אויסגעשריי האָב איך אַראָפּגעשלונגען דעם סם...

פּטור...

מיין! צי דער סם איז געווען פאַרעלטערט, צי דאָס איז געווען אַ קליינע דאָזע. איך האָב זיך פאַרסמט, נאָר נישט אינגאַנצן, אין עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אין אַ שפּיטאָל, לעבן מיר איז געשטאַנען מיין פרוי און נאָך איינער אַ ייד,

אויך אַ וואַלד-סוחר. ער האָט איצט געאַרבעט פאַר „זיי" און ער איז אין זייער נאָמען געקומען:

— מען שענקט אייך דאָס לעבן, נאָר איר וועט אַרבעטן פאַר דער ראַטן-מאַכט. איר וועט באַקומען געהאַלט, און נאָך עפּעס האָט ער גערעדט, נאָר איך האָב נישט געהערט, איך האָב געקוקט אויף בעלאַן, אויף מײַן בעלאַ.

— ט״ערע! ביסט אַ שלעכטע סמ׳ערקע.

זי איז אַראָפּגעפאַלן צו מיר, צו מײַן קישן, צו מײַן אָפּגע-שוואַכטן גוף און ביידע האָבן מיר ווי קינדער זיך צעיאָמערט...

*

דער קובאַ נעמזאַר, ער אַליין האָט זיך זייער צוגעפּאַסט צום וואַלד. ווען ער שפּאַצירט אַרום מיט זײַן קורצער קורטקע, אין די שטיוול, ווען ער שפּרייזט צווישן די קלעצער אַרום טאַרטאַק... קיינעם וואָלט נישט אײַנגעפאַלן, אַז דאָס איז ער אַליין, דער באַ-לעבאָס פון די טאַרטאַקן — זײַן טאַטנס נאָמען האָט געקלונגען אַמאָל פאַר גאַנץ רוסלאַנד, ווי אַ לעגענדע פון רײַכקייט, ווי אַ העלד פון דרייסטע אונטערנעמונגען. און ער אַליין איז נאָך געווען פּאָפּולער. דאָ אין וואַלד וואָלט אים קיינער נישט דערקענט, גיכער וואָלט מען אים אָנגענומען פאַר נעמזאַרס אַ „מענטש". ער האָלט זיך פּשוט מיט אַלע מענטשן, רעדט און פרעגט אויס באַ די פּויערים וועגן זייער לעבן, העלפט אַרויפליגן אַ קלאָץ, העלפט אפילו צו באַם אײַנשפּאַנען אַ פערד, זײַן בריטשקע איז זייער אָן אײַנפּאַ-כע. נישט איינמאָל איז שוין צו אים קאָסטעניצקי, בראַניצקיס פאַר-וואַלטער, צוגעשטאַנען:

— פּאַניע נעמזאַר, פאַר אַזאַ „פּאַן" פּאַסט נישט אַזאַ בריטשקע.

דער זעלבער קאָסטעניצקי, וואָס איז אַמאָל געווען רײַך און היינט איז ער פערוואַלטער באַ בראַניצקין און פאָרט אין יענעמס צאַצקעדיקע קאַטש. נעמזאַר האָט אים נישט געוואָלט באַליידיקן, נאָר געטראַכט האָט ער, אויפן שפּיץ צונג איז אים אַ פראַזע געלעגן:

— בעסער אַן אײנגעמאַכטע בריטשקע. אָבער אַן אײגענע, אײ־גענער אַ פרעמדע קאַטש.

מיט קאָסטניצקין טאָר מען איבערהויפּט נישט אײנרײסן, ער קאָן קאַליע מאַכן באַם כראַביע.

וואָס לענגער געמזאַר איז פאַרבליבן אין וואַלד, אַלץ אײנ־פאַכער איז ער געוואָרן און נישט גערן פלעגט ער אַרויספאָרן קײן וואַרשע, קײן דאַנציג:

— מען באַדאַרף זיך שוין אײנשפּאַנען, פלעגט ער זאָגן, ווען ער פלעגט זיך נעמען צו די קראַגנס און צו די קראַוואַטן. און אין שטאָט איז ער געווען אַן אַריסטאָקראַטישער בורזשוי פון ערשטן ראַנג. דאָס מאַטע פּנים גלאַט אַרומגעראַזירט. די גרויע אויגן פלעגן אים צוגעבן אַזוי פיל ערנסט און וואָג, ברייט דער קערפּער, נאָר נישט דיק. מענטשן פלעגן אים נאָכ־קוקן:

— ווער איז ער?

פלעגט מען ענטפערן:

— קובאַ געמזאַר, אַ רײכער וואַלד־סוחר, אַן אַלטע משפּחה. אין רוסלאַנד פאַרלוירן מיליאָנען...

אַז זיי האָבן אין רוסלאַנד פאַרלוירן מיליאָנען, דאָס האָבן אַ סך געוווסט, און דאָס פלעגט שטענדיק אַרויסרופן אַ באַזונדערע נײגיריקייט בײַ מענטשן.

גאַנץ אָפט פלעגט ער מוזן פאָרן קײן וואַרשע צוליב קאָסט־ניצקין, יענער פלעגט זיך צושטעפּן צו אים:

מען מוז פאָרן בומלען, פאַרברענגען, טעג און נעכט פלעגט צו אים קומען דער פאַרוואַלטער און פײניקן:

— נו, ווען פאָרן מיר קײן וואַרשע? דער חברה־מאַן האָט געקאָנט זיך אײנעסן אין די בײנער, און אויב מען פאָרט נישט מיט אים, איז מען אַ „קאַרגער זשיד". פלעגט געמזאַר אָפּרײסן אַ טאָג אָדער צוויי טעג און פאַרברענגען מיט קאָסטניצקין און נאָך עס־לעכע אַרומיקע פּריצים. דערבײ פלעגט געמזאַר אויסנוצן די גע־לעגנהייט אַ קוק צו טון אויף אַ מענטש, און יעדעס מאָל פלעגט ער בײַ זיך פאַרצײכענען:

זיי ווערן ערגער, קליינלעכער, פאַר אַ געשמאַק אָהנט־ברויט וועלן זיי אַלץ פאַרקויפן. און עס פלעגט איִם ציען צוריק צום וואַלד, צו זיין אַרבעט. די שטאָט האָט אים אויסגעזען, ווי אַ נעסט פון בייזע אויגן, ער האָט פאַר עפּעס מורא געהאַט, זיך גאָר נישט אָפּגעגעבן געגנוי קיין חשבון, די שטאָט מיט איר אויסגעשטעלטער רייכקייט, די רייכע באַלויכטענע גאַסן מיט די לוקסוס־פענצטער, אָט דאָ שפּאַצירן דאָס די טויזנטער־טויזנטער האַלב־הונגעריקע, זיי קוקן זיך צו, זיי הערן זיך צו און עס וואַקסט די קנאה פון מיליאָנען, ווי די צערייצטע וועלף פון הונגער וועלן זיי זיך אַמאָל אָפּרייסן.

און אין אַזאַ טראַכטן פלעגט ער זיך נעמען אַרומקוקן. פונקט ווי ער וואָלט זיך געשראָקן, אַז עמעץ יאָגט אים נאָך...

ער האָט ערגעץ טיף געציטערט פאַר דער שטאָט: דאָ שרייבט מען געזעצן, און, ווער ווייסט וועלכע געזעצן מען וועט דאָ אַמאָל התמענען, זיין נשמה, זיין ווילן וועלן זיי צונעמען. ציִ דאָס איז געווען אַ שרעק, וועלכע רוסלאַנד האָט אים געגעבן, ציִ דאָס איז געווען אַן אינסטינקט פון אַ מענטש, וועלכער האָט דערפילט, אַז די צייט מוז זיך בייטן, אַז עס קומען פרעמדע מענטשן מיט פרעמדע געזעצן... ער האָט געציטערט פאַר זיי. נישט פאַר זיין רייכקייט. דאָס גרעסטע, וואָס ער האָט געהאַט, איז שוין לאַנג פאַרלוירן געגאַנגען אין רוסלאַנד. ער האָט געציטערט פאַר זיך, פאַר זיין פרייהייט.

אין דאָמבראָווקע, באַם טאַרטאַק, איז אַנדערש געווען. ער האָט פיינט געהאַט קנעכטשאַפט און נישט איינמאָל פלעגט ער אויסדרייען דעם קאָפּ, ווען אַ פויער, אַ פוילישער, ציִ אַ ווייסרוסישער פלעגט זיך צו טיף פאַרנייגן פאַר אים. ער האָט פיינט געהאַט ווען אַ יידישער משרת פלעגט קומען מיט חניפה, ער האָט פיינט געהאַט דאָסדאָזיקע מיאוסע שרצל פון דעם מענטשס נשמה, נאָר ער האָט ליב געהאַט בעת מען האָט אים געפאָלגט. ער האָט ליב געהאַט יענע געהאָרכזאַמקייט פון מענטשן צו אים, יענע געהאָרכזאַמקייט, וועלכע איז געווען פאַרבונדן מיט גלויבן, גלויבן אין אים. גלויבן.

אויפהייבן זיך צו זיין ווילן, ווערן גלייך מיט אים אין זיין פאַרלאַנג. דאָס האָט ער ליב געהאַט.

און פאַרוואָס זאָלן די מענטשן נישט גלייבן אין אים? מיט צען יאָר צוריק איז דאָ געווען וויסטער וואַלד. אַ סך סוחרים האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן און עס איז נישט געגאַנגען. האָט איינער געבויט אַ הויז מיט אַ טאַרטאַק, האָט עס אָפּגעבערנט. אַ צווייטער האָט באַנקראָטירט, אַ דריטער האָט באַשווינדלט.

אין זינט ער, קובאַ נעמזאַר, איז געקומען, האָט אַלץ אויפגעלעבט: הונדערטער מענטשן האָבן אַרבעט, מען בויט הייזער, עס ווערט אַ ישוב...

ער...

איינער האָט עפּעס אויפגעטון פאַר אַלעמען.

איינער...

*

בראַניצקיס פאַרוואַלטער, פאַן קאָסטעניצקי, איז אַליין אַמאָל געווען אַ גרויסער פריץ. געווען אַ רייכער מאַן, אָבער זיין רייכקייט איז מיט דער צייט צערינען געוואָרן אין פאַריז און אין מאָנטע-קאַרלאָ. בײַ כראַביע בראַניצקי איז ער איצט געווען צוליב זיין אַמאָליקער רייכקייט, צוליב זיין יחוס און צוליב זיין שיינער טאָכטער. מען האָט גערעדט, אַז דער אַלטער כראַביע איז נישט גלייכגילטיק צו איר.

ער, קאָסטעניצקי, דער פאַן מיט די אַלטע זשאַקעטן, מיט די אַלטע זאָטלען פון זיינע אויסגעאַרקויפּטע פערד, פאַן קאָסטעניצקי מיט די שטענדיקע מאַנזשעטן, וועלכע שאַרן זיך כסדר אַראָפּ פון זיינע דאַרע לאַנגע הענט, ער איז נישט קיין מענטש, אויף וועלכן מען קאָן זיך שטאַרק פאַרלאָזן און דערצו נאָך אים אָנפאַרטרויען אַזאַ קאָלאָסאַלע רייכקייט, ווי בראַניצקיס וועלדער, פעלדער און פּאַלאַצן. האָבן אַלע געוווּסט, אַז אויסער קאָסטעניצקין זענען פאַראַן נאָך עטלעכע פאַרוואַלטערס יונגע, ענערגישע. איינער, אַ דאָקטאָר פון פּאָזנאַן, דיגער, אַ בייזער, אַ שווייגנדיקער און אַ געוואַלדיקער קמצן; דער צווייטער, אַ געשמדטער ייד, דער דריטער

אַ ווייטער קרוב פון בראַניצקין. פּאַפּירן פלעגט טאַקע אונטערשרייבן קאָסטניצקי, אָבער די אויגן פון די איבעריקע פּאַרוואַלטערס פלעגן שטענדיק לויערן אויף אים, ווייל בראַניצקי האָט איינמאָל אַן ערנסטן וויץ געוואָרפן:

— אַזאַ איינער, וואָס האָט זיין אייגן פּאַרמעגן געפּטרט, אַזאַ איינער קאָן אויך פון צווייטן אַ תל מאַכן.

דיגער, דער דאָקטאָר פון פּאָזנאַן, פלעגט אַ סך מאָל אַנולירן קאָנטראַקטן, וואָס קאָסטניצקי פלעגט מאַכן און קאָסטניצקי פלעגט זיך בייזערן:

— זיין טאַטע האָט אַ „קעלבאַסנע״ אין פּאָזנאַן... איך ווייס, אַזעלכע קעלבאַסניקעס זענען דאָס איצטער די מאַכערס פון דער וועלט... פּשיאַ קרעוו!

קאָסטניצקי דער דלות-אַריסטאָקראַט.

ער האָט פּאַרוואַלטעט און אויף אים האָט מען אַכטונג געגעבן, ער האָט געוווּסט פון דעם און זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, כאָטש ער איז געווען גוואַלדיק שטאָלץ און דער „פּאַן״ פלעגט בײַ אים אַרויסשפּרינגען בײַ יעדעס וואָרט, בײַ דער קלענסטער געלעגנהייט. אָבער זיין שטאָלץ איז שוין גענוג געווען געבראָכן דורך דעם, וואָס ער, אַזאַ יחסן, מוז דינען בײַ בראַניצקין און פירן יענעמס ענינים, פּאַרקויפן יענעמס וועלדער. נקמה פלעגט ער נעמען פון די סוחרים. אָן אַ שום סיבה פלעגט ער אַרויפוואַרפן אויף אַ וואַלד אַ צען און אַמאָל טאַקע צוואַנציק טויזנט דאָלאַרס. די סוחרים זענען געווען יידן און ער האָט שוין געהאַט זיין ווערטל:

— זאָלן זיי צאָלן די יידעלעך, דאָס שוואַרץ-יאָר ווייסט זיי פונוואַנען זיי נעמען אַזויפיל געלט... זאָלן זיי צאָלן.

די יידישע וואַלד-סוחרים מיט אַ גאַנצע ומחנה וואַלד-יידן: בוכהאַלטערן, בראַקערס, ציילערס און צאָלערס, די אַלע מענטשן פון די זעג-מילן פלעגן שטענדיק אַ ביסל שעלטן דעם קאָסטניצקין:

— פּאַרברענט זאָל ער ווערן, ווי ער שאַצט עס אָפּ בראַניצקיס וועלדער, זיינע אייגענע וועלדער האָט ער אַ סך ביליקער פּאַרקויפט.

נאָר די קללות האָבן אים נישט גענומען. ער איז אַרומגעפאָרן אויף בראַניצקיס פערד אין אַ טייערע קאַטש און אומעטום פלעגט ער זיך אַריינמישן מיט זיין בייזן שטעכיקן „פשיא קרעוו". אַלע האָבן פאַר אים מורא געהאַט, פון אַריסטאָקראַט ביז דעם רייכסטן יידישן סוחר. איין נגמזאַר האָט גאָר דעם פויגל אָפגעשאָסן:

— איך בין אַליין אַ ביסל אַן אָפגעקומענער. איך פאַרשטיי זיך אויף אַזעלכע. און באַ דעם ערשטן „פשיא קרעוו" האָט ער אים גוט אָפגעזידלט. קאָסטניצקי איז מיט כעס אַנטלאָפן פון הויף און אין דריי טעג איז ער צוריקגעקומען מיט אַ ברייטן:

— מאָיע אושאַנאָוואַניע!

ווי נישט אים האָט מען עס געמיינט.

צוליב אַ סך סיבות פלעגט איצט קאָסטניצקי קומען צו די נעמזאַרס. ער האָט דערשמעקט, אַז דאָס איז אַ פיינערע שטוב. די נעמזאַרס זענען געווען פון עטלעכע דורות יידישע אַריסטאָקראַטן, צוריקגעהאַלטענע, געבילדעטע, מענטשן פון שטילן פיינעם טאָן און דאָ באַ זיי, פלעגט זיך קאָסטניצקי גרויסן מיט זיין שטאַם, מיט זיין יחוס, מיט זיין געוועזענער רייכקייט...

ער האָט עס אַמאָל געלעבט, ער האָט עס געלט פאַרשוועגדעט. וואָס ווייסן די היינטיקע אויפגעקומענע?

ער האָט געוווּסט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן אין רוסלאַנד באַ די נעמזאַרס צוגענומען אַ מיליאָנען-פאַרמעגן, פלעגט ער שעלטן רוסלאַנד מיט די באָלשעוויקעס...

באַ אים אויך... באַ אים האָבן זיי אויך צוגענומען אַלץ: פעלדער, פאַלאַצן, אַקציעס.

דאָס איז געווען אַ מיאוסע ליגנט. אַלע האָבן געוווּסט, אַז זיינע מאַיאָנטקעס, וועלכע ער האָט פאַרשווענדט, זיין גאַנץ פאַרמעגן איז געווען אין פוילן, נאָר זיינע אייגענע זינד פלעגט ער אַרויפוואַרפן אויף די רוסישע קאָמוניסטן. מען האָט אים געלאָזט רעדן און שעלטן רוסלאַנד...

און צוליב נאָך אַ זאַך פלעגט ער זיין אַן אָפטער גאַסט באַ די נעמזאַרס. בעלאַ נעמזאַר האָט אים די אויגן פאַרבלענדט. דאָ

אין וואַלד, באַ דער אָרימער באַן-סטאַציע, ווו די מענטשן האָבן זיך זייער פּשוט געקליידט און די בעלאַ געמזאַר האָט זיך אויך געמוזט באַשיידן אָנטאָן... און דאָך, זי האָט דאָ אַרויסגעלויכטן פון איר פּשוטן קלייד. זי מיט איר יעדער באַוועגונג האָט דערמאָנט אָן זיך און אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט און דרך-ארץ... פאַן קאָסטאַניצקי פלעגט שטענדיק זאָגן אין איר קעגנוואַרט:

— טאַ אַ פּאַני, אַזאַ פּאַני איז פאַרוואָרפן, געוואָרן אין אַזאַ חיסטע. ער פלעגט גלאָצן מיט די אויגן אויף איר און וואַרפן קאָמפּלימענטן.

בעלאַ פלעגט זיך דערנאָך באַקלאָגן פאַר קובאַן:

— עס עקלט מיך פון דעם קאָסטאַניצקי, אַ בייגערדיקער דאָן-זשואַן.

— און קובאַ פלעגט זיך וויצלען:

— וואָס פאַר אַ דאָן-זשואַן איז ער? אַ קאָמישער פּריץ, אַן אָפּגעריסענע ליאַלקע, מען זאָגט, אַז בראַניצקי וועט אים אינגיכן פאַרטרייבן, און מיר וועלן פון אים פּטור ווערן.

אָבער דערווייל איז שוין באַלד דער זומער פאַרגאַנגען. קאָסטאַניצקי איז געבליבן און פלעגט זיין זייער אָפטער גאַסט באַ דעם ייד, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד. יעדן הערבסט פלעגט געמזאַר צוקויפן באַ בראַניצקין אַ שטיק וואַלד און מען פלעגט עס עקספּלאָאַטירן.

צוויי טאַרטאַקעס האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט. מענטשן האָבן שוין דערציילט, אַז די געמזאַרס זענען זייער רייך.

— אָבער פאַרוואָס ליגט ער אין וואַלד?

— טאַקע אַזוי, אַלע גרעסערע סוחרים לעבן אין שטאָט און ער איינער...

— וואָס, ער קאָן זיך נישט פאַרגינען?

דאָס האָט טאַקע אויסגעזען אומפאַרשטענדלעך. אפילו געמזאַר אַליין האָט זיך קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן. איין זאַך האָט ער געפילט, אַז נאָך רוסלאַנד איז אים די שטאָט מיאוס געוואָרן...

ער האָט געהאַט איין טרייסט: אַרבעטן און אין דער אַרבעט האָט ער זיין נשמה אַריינגעלייגט...

ער האָט געהאַט איין פאַרלאַנג, דעם טיפסטן פאַרלאַנג: זיין בעלאַ מיט זייגע קינדער זאָלן זיין לעבן אים און ער פלעגט ליידן, ווען זי פלעגט אַמאָל מיט האַלבע ווערטער באַקלאָגן זיך. ער פלעגט ליידן, ווען זי פלעגט ווערן שווייגנדיק. ער האָט געוווסט, אַז פאַר איר איז דאָס קיין לעבן נישט...

בעלאַ איז אין צווייטן צימער, זי שפילט זיך מיט די קינדער און דאָ זיצט קאָסטאַניצקי און טרינקט קאָניאַק. בּאַ יעדן גלעזל ברעגט ער:

— פראַנצוזסקי? אמתער פראַנצויזישער?

יאָ! פּאַניע קאָסטאַניצקי.

שוין קירצער די טעג. די זון פאַלט אַזוי האַסטיק אַראָפּ, כאַטש זי לאָזט נאָך לאַנג די רויטע פלעקן אויף די ברעטער, וואָס ליגן אַרום. די קינדער שפּילן זיך נאָך ערגעץ. נעמזאַר וואָלט וועלן אַרויסגיין צו זיי... ער הערט, ווי זיי שרייען דאָרט צווישן די ברעטער־גאַסן.

און דאָ זיצט קאָסטאַניצקי לעבן אַ פלעשל פראַנצויזישן קאָניאַק, ער וועט זיך אַזוי גיך נישט אָפּטשעפּען.

— דאָברי קאָניאַק, צודאָווני קאָניאַטשעק...

נעמזאַר שווייגט און קאָסטאַניצקי טרינקט... ער האָט שוין נישט וועגן וואָס צו רעדן און אַז ער האָט שוין נישט וועגן וואָס צו רעדן, בלייבט אים נאָך די לעצטע פראַזע:

— פּאַניע נעמזאַר! איר זעט אַ סימפּאַטישער מענטש.

— כ'האָב דאָס שוין געהערט, פּאַניע קאָסטאַניצקי!

און קאָסטאַניצקי בייגט זיך איין, שאָקלט זיך און בייגט זיך איין ביז צו דער ערד, ער זוכט אַ מאַנזשעט, ער האַלט דעם קאָפּ צו דער ערד און רעדט:

— אַלע יידן האָב איך פיינט, נאָר אייך, פּאַניע נעמזאַר, אייך האָב איך ליב... קאָכאַם! אָבער נעמזאַר איז צו קלוג און צו־פיל איינגעהאַלטן, ער רעכנט זיך נישט מיט קאָסטאַניצקיס שיכורע

יערטער, נאָר היינט... אפשר צוליבן אומעטיקן פארנאכט. היינט האַלט ער נישט אויס און ער ענטפערט דעם געוויסנס פריץ:

— אַלע פּאַליאַקן האָב איך ליב. נאָר אייך, פּאַניע קאָסטניצקי...

קאָסטניצקי הייבט אויף דעם קאָפּ, וועלכער וויגט זיך אויף אַ לענגלעכן האַלז...

— וואָס? פּאַניע נעמזאַר...

— אייך האָב איך נישט ליב.

— ווער האָט נישט ליב? — נעמט שרייען קאָסטניצקי. — דו רוסישער זשיד. וועמען האָסטו נישט ליב? מיך? קאָסטניצקין. איך בין געווען קאַמערהער, איך האָב געטרונקען מיט ניקאָלאַיען...

נעמזאַר גייט צו צו אים נעענטער:

— פּאַניע קאָסטניצקי, איך בין אייך נישט קיין „זשיד" און איך בין אייך נישט קיין „דו", איר זענט שיכור און איך וויל אייך נישט נעמען פאַרן קאָלנער...

— וועמען פאַרן קאָלנער? וועמען פאַרן קאָלנער? עטלעכע מאָל חזרט קאָסטניצקי איבער די פראַגע און צום סוף כאַפּט ער די פלאַש מיטן קאָניאַק און דערלאַנגט עס אַ זעץ אין דער פּאָדלאָגע. דער הונט ראַלף וואַרפט זיך אויף דעם שיכורן פאַרהאַלטער, עס ווערט אַ געטומל, אינדעם קומט אַריין בעלאַ:

— וואָס איז געשען?

עס ווערט שווייגנדיק, אפילו ראַלף לייגט זיך אַוועק.

— וואָס איז געשען?

דער פּאַן קאָסטניצקי פאַרבייגט זיך:

— פּשעפּראַשאַם. באַרדזאָ פּשעפּראַשאַם. ער האַלט זיך אין איין בייגן און אין איין שטאַמלען פּשעפּראַשאַם...

גאָרנישט...

מיטאַמאָל איז ער ניכטערן געוואָרן און זי, די פרוי פון

קובא בעמזאר, שמייכלט אזוי גוטמוטיק צו איר מאַן, צו קאָסטעניצ־קין. זי ווייסט, זי פאַרשטייט, אַז ער ליידט פון אַזעלכע סצענעס און אויב זי שמייכלט איצט, שמייכלט זי עס צו איר מאַן, ער זאָל נישט טראַכטן, אַז זי ליידט אויך פון דעם... יאָ, אַז מען זיצט דאָ ארומגערינגלט מיט וועלדער און מיט האַלב־פאַרווילדעטע מענטשן... קאָן דען זיין בעסער ?

קאָסטעניצקי גייט אַוועק אַ באַרויקטער פון בעלאַס שמייכל און באַ דער טיר, נאָכאַמאָל :

— פשעפּראַשאַם פּאַני !

מאַן און ווייב קוקן זיך אָן און די נאַכט רוקט זיך פון הינ־טער די פענצטער. בעמזאר רופט זיך אָן :

— איך שעם זיך פאַר דיר, בעלאַ !

— מיט וואָס ? מענטש ! יענער ברעכט פלעשער און די שעמסט זיך...

ניין ! עס פאַרדריסט מיך, וואָס איך האַלט דיך דאָ אין חאָלד.

זי וויל עפּעס ענטפערן. אין דעם לויפן אַריין די צוויי־יאַטלעך פון גאַס און זיי נעמען פלאַפלען און קריכן צו טאַטע־מאַמע...

מען זעט שוין נישט די נאַכט.

בעלאַ האָט זיך פאַרנומען מיט די קינדער. אין שטוב איז היימלעך געוואָרן און בעמזאר איז אַרויסגעגאַנגען, צו די אַרבעטער געגאַנגען, אין טאַרטאַק אַריין. ער איז געווען רויק, ער איז שטענ־דיק רויק, ווען ער זעט, ווי זיין ווייב פאַרנעמט זיך מיט קינדער. אָבער דאָס מאָל האָט ער זיך אָפּגעגאַרט. בעלאַ איז אין שטוב פאַרבליבן מיט אַן אומעטיקע נשמה. די קרובים אירע, וועלכע זע־נען געקומען פון וואַרשע, זענען שוין צוריק קיין וואַרשע געפאָרן... און דער זומער גייט אַוועק. ער מיינט עס אויף אַן אמת, קובאַ, ער וויל, אַז זי זאָל דאָ בלייבן ווינטערן...

ווי וועט עס דאָ זיין, ווינטער ? שניי וועט ליגן, ווייסער שניי פון אַלע זייטן, און זי וועט בלאָנדזשען אין די חדרים און קוקן פון פענצטער אויף אַ וויסטעניש...

זאָל זי פּראָטעסטירן ?

ניין! אויב קובאַ אַליין פאַרשטייט נישט, וועט זי שווייגן.

זי האָט זיך געטוליעט צו די קינדער, געשפּילט זיך מיט זיי מער ווי אַמאָל און דער אומעט איז נישט אַוועק...

אין עטלעכע טעג אַרום איז קאָסטניצקי ווידער געקומען. קובאַ איז דעמאָלט געווען ווייט אין וואַלד און דער פאַרוואַלטער האָט זיך רויק און געלאַסן פאַרענטפערט:

— פאַרשטייט, פאַני בעלאַ, אַז מיר איז דאָ שרעקלעך לאַנגווייליק, איך האָב געלעבט אַמאָל אַן אַנדער לעבן... איך קאָן איצט צו די רייכע פּריצים נישט קומען. זיי קוקן אויף מיר ווי אויף אַ געוויזענעם און זיי שטאָלצירן אַזוי מיט זייער געלט. אַמאָל איז אַנדערש געווען, אַמאָל פלעגט מען געלט פאַרברענען אין ווייַן, אין קאָרטן, פאַר פרויען פלעגט מען וואַרפן גאָלד, פאַר פערד; און היינט חשבונט מען כסדר וויפיל פּראָצענט מען האָט פון אַ מאַיאָנטעק... הע! נישט דאָס. אייער שטוב געפעלט מיר. אייער מאַן געפעלט און אויך אייך האָב איך ליב צו קוקן, מיר דאַכט זיך, אַז איר זענט די לעצטע דאַמע...

— אוי, אוי, אַ ביסעלע צופיל, פאַניע קאָסטניצקי!

— גלייבט מיר! און ער האָט אויסגעשטרעקט צו איר זיין האַנט און געקושט איר האַנט, דערנאָך האָט ער אַ זיפץ געטון:

— עך! ווען איך וואָלט געווען יינגער.

בעלאַ האָט געקוקט אויף זיין צוגעלעגענעם זשאַקעט, פון די קורצע אַרבל האָבן זיך די מאַנזשעטן צולאַנג אַרויסגערוקט, די אויגן פאַרלאָשן, אַ פאַרלאָשענער מענטש... ווער קאָן זיך אויף אַזאַ באַליידיקן, ווער דאַרף זיך באַליידיקן ?

ווען קובאַ איז געקומען האָט זיך קאָסטניצקי ווידער אַנטשולדיקט און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט רעדן וועגן יאַגד. יאָ!

זאָל נאָר דער זומער אַוועק. מען וועט גיין אויף ווילדע חזירים, מען וועט זיי פאַרנאַרן די „דזשיקעס" מיט קאַר־טאָפל און ער, נעמזאַר, מוז אַנטייל נעמען אין דער יאָגד, נישט אַנדערש.

נעמזאַר האָט אים צוגעזאָגט.

V

# פ ר י י נ ט ש אַ פ ט

אין פאַרלויף פון זומער איז קנישינסקי שטאַרק באַפריינדעט
געוואָרן מיט זיין באַלעבאָס פרוי.

צוערשט האָט ער דאָס אויסגעמיטן. זי האָט אויסגעהיטן צו
זיין אַזוי װייט פון אים, מיט איר יעדער באַװעגונג, מיט יעדן
בליק האָט זי אַזוי װי דערװייטערט פון זיך נישט אים אַליין, אַלע
און נישט דערפאַר, װייל זי איז געװען אַ שלעכטע. מיט איר
שלאַנקן טריט, מיט דעם אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט די געציילטע
װערטער, װעלכע זי פלעגט שטעלן און רויק אַרויסרעדן, מיט איר
צו רייכן אויסזען, פלעגט זי דערװייטערן פון זיך.

אין דער צייט, װען אַרום האָט אַלץ געאַרבעט, איז זי אַרומ-
געגאַנגען אָפּט צװישן די ברעטער. אָנגעטון אין אַזעלכע לייכטע,
פיינע קליידער. אַליין אַ לייכט-שװעבנדיקע און אין דערזעלבער צייט
אַזאַ װיכטיקע. אַלע פלעגן איר נאָכקוקן מיט דרך-ארץ און נייגי-
ריקייט.

— קובאַ נעמזאַרס װייב!

— ער איז אַזאַ פּשוטער, אונזערס אַ מענטש...

— און זי זעט אויס צו זיין אַ פרעמדע, אַ װייטע.

אַט אַזוי פלעגט מען רעדן אויפן טאַרטאַק-פּלאַץ.

אָן כּעס, מען האָט שוין געװוּסט, אַז די בעלאַ נעמזאַר איז
נישט קיין שלעכטער מענטש, זי העלפט אַ צװייטן, זי גיט אַ גרע-

סערע נדבה, אָבער די אַלע גוטע זאַכן טוט זי אויך נישט חי קיין אייגענער, נאָר ווי אַ פרעמדער מענטש.

וואסיל האָט גערעדט:

— זי איז אַ פריצטע, אַ יחסנטע און אַ פריצטע קאָן נישט מיטאמאָל אַזוי מיט אַלעמען ווערן אויסגעטראָגן, אַ פריצטע קאָן נישט...

קנישינסקי האָט צוערשט געקוקט אויף איר פונדערווייטנס און ער האָט זיך געשטארקט, נישט געוואָלט זיך איצט דערנענטערן צו נעמזארס הויז און צו בעלאָן.

געהאט אַ פאַרגעפיל: זי איז דאָ איינע, די אַלע מענטשן איר פרעמדע, ער איז דאָ אויך כמעט ווי איינזאַם, זיי וועלן זיך באַפריינדן און פון אַזאַ פריינדשאַפט קאָן ארויסקומען, ער זאָל נעמען בענקען צו איר, איבערלעבן, ליידן און קרעכצן... זאָל עס גיין, מיט די ברעטער איז גוט, זיי גיבן גאָרנישט און נעמען גאָרנישט.

אָבער גראָד נעמזאר אַליין האָט געווירקט דערצו, אַז קנישינסקי זאָל מער אַריינקומען צו זיי אין שטוב.

— וואָס מיידט איר אויס מיין שטוב? מיין פרוי האָט נישט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, איך בין אַזוי פיל פאַרנומען און איך אַליין וויל אויך מיט אייך פאַרברענגען, מיט אייך קאָן מען רעדן, פאַניע קנישינסקי!

איינמאָל, צוויי מאָל און נאָכאַמאָל. נעמזאר איז אַזוי צוגעשטאַנען צו קנישינסקין, ביז דאָס האָט געווירקט, ביז... קנישינסקי האָט זיך איינמאָל געכאַפט, אַז אָן נעמזארס שטוב האָט ער דאָ גאָרנישט. דאָס קומען צו נעמזארן אַהיים איז געוואָרן דער עיקר פון זיין לעבן, צו נעמזארן אַהיים און צו... בעלאַן.

עס האָט זיך פאַרבונדן גוטמוטיקע פריינטשאַפט, פריינטשאַפט און בלויז פריינטשאַפט... אמת, אַ סך מאָל פלעגט ער נאָך אַזאַ פריינטשאַפט-באַזוך אַוועקגיין אַ צעטומלטער פון נעמזארס שטוב. ער פלעגט אַרומקריכן דערנאָך באַנאַכט, צווישן די ברעטער און געטראַכט, געטראַכט כסדר פון בעלאַן. זי האָט אים גאָרנישט, גאָרנישט צוגעזאָגט, קיין בליק, קיין ווינק מיט אַ רמז נישט געגעבן,

נאָר אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַזאַ רמז איז שוין דאָ, אַזאַ רמז איז שוין געוואָרפן געוואָרן. שעהן לאַנג זיצט זי מיט אים, זי שפּילט פאַר אים, זי דערציילט פאַר אים געשיכטעס פון מאָסקווע, פון איר לעבן און זי הערט אויס זיינע דערציילונגען. ווען ער זאָל זיצן נאָך צוויי שעה, וועט איר אויך נישט נמאס ווערן...

אָבער זי איז דאָך קובאַ נעמזאָרס ווייב, זי האָט ליב קובאַן, די רעדט וועגן אים מיט אמתער ליבע און איבערגעגעבנקייט. זי איז אַ שטאָלצע און זי בלייבט נאָך אַלץ אַזאַ ווייטע פאַר אים, פאַר קנישינסקין.

זאָל דאָס גיין, ווי עס גייט...

זאָל דאָס בלייבן פריינטשאַפט. עס איז דאָך גוט, ביז ליכטיקייט גוט, חען מען האָט אַזאַ פריינטשאַפט נאָענט. די ברעטער, דער טאַרטאַק, אַלץ האָט פאַר קנישינסקין אויפגעלעבט אין יענע טעג.

כאָטש די פרייד זיינע איז געגאַנגען צוזאַמען מיט אַ מורא. צו זיך אַליין האָט ער גערעדט:

— איך זאָל זיך נישט פאַרפלאָנטערן. גענוג פאַר מיר אמאָליקע געשיכטעס און איבערלעבונגען... גענוג פאַר מיר. גערעדט האָט ער טאַקע צו זיך אַזוי און באַ דער ערשטער געלעגנהייט, באַ יעדע פרייע שעה פלעגט ער דאָס פאַרגעסן און עס פלעגט אים שוין אַליין פירן צו נעמזאָרס שטוב. און אויב ער פלעגט אַ רגע פאַרגעסן, פלעגט אים בעלאַס קלאַוויר-שפּילן פון ווייטן דערמאַנען, אַז זי לעבט, זי לעבט, דאָ אין דאָמבראָווקע צווישן די ברעטער... זי לעבט און שמייכלט.

און אפשר שמייכלט זי אויך צו אים. ער האָט אין דעם קיין זיכערקייט נישט און דאָך טראַכט ער פון דעם.

איינמאָל איז ער אין אָוונט צוגעגאַנגען צו נעמזאָרס שטוב. קובאַ נעמזאָר אַליין איז דעמאָלט געווען אין וואַרשע.

די לאָדנס נישט צוגעמאַכט, פון די פענצטער-גאַרדינען האָט זיך דורכגעזיפּט אַ ביסל ליכט און עס איז רויק-היימלעך געפאַלן אויף דער ערד. קנישינסקי האָט נישט ווילנדיק אַריינגעקוקט אין איינעם פון די פענצטער: באַם טיש איז געזעסן בעלאַ, זי האָט

געהאַלטן אין האַנט אַ קליינעם שפּיגל, און אָט זעט ער אַ באַוועגונג פון אירס אַ האַנט, זי באַוועגט מיט דער האַנט איבערן געזיכט. זי האָט זיך צוגעפּודערט. די ערשטע רגע איז ער אַ ביסל איבעראַשט געוואָרן: דאָ אין וואַלד האָט ער שוין באַלד פאַרגעסן, אַז פרויען פּודערן זיך, נאָר וועגן דעם האָט ער זיך באַלד באַרויקט, אַזעלכע זאַכן קאָן מען זיך לייכט דערמאַנען.

אים האָט איבערראַשט אַ צווייטע זאַך: פאַר וועמען פּודערט זיך בעלאַ געמזאַר? באַנאַכט, דאָ אין וואַלד, ווייט פון שטאָט, אפילו דער מאַן אירער איז אויך נישטאָ. ער איז שוין צוויי טעג אין וואַרשע. פאַר וועמען? צוליב וועמען פּוצט זיך און פּודערט זיך אַ פרוי, דאָ איז דאָך קיינער נישטאָ.

און פּלוצלינג האָט אים אַ קלאַפּ געגעבן אין האַרץ.

פאַר אים. זי האָט געוואַרט אויף אים. זי ווייסט, אַז יעדן אָוונט, ווען ער פאַרטיקט זיך אָפּ מיט זיין אַרבעט אין קאַנטאָר, קומט ער אַריין צו זיי אין שטוב. ער איז עפּעס שטאָלץ געוואָרן בא זיך און אין דער זעלבער צייט אַזוי נאַריש-דערשראָקן געוואָרן.

זי...

בעלאַ...

מיט דרך-ארץ קוקט ער אויף איר פון ערשטן טאָג אָן. ער איז צופרידן מיט דעם, וואָס זי פאַרבעט אים שטענדיק צו זיך אַהיים. קיינער פון געמזאַרס מענטשן האָבן אַזאַ כבוד נישט. נאָר דאָס האָט אים נישט געוואונדערט. מיט אים האָט זי געקאָנט רעדן וועגן אַ סך זאַכן, דאַן, ווען די וואַלד-מענטשן האָבן בלויז איין טעמע:

— האַקן ביימער.

— שניידן ביימער און ווידער האַקן און שניידן...

איצט איז ער באַלד נישט אַריינגעגאַנגען. געוואָלט האָט זיך אים אַ רגע זיין אַליין און ער איז אַוועק שפּרייזן צווישן די ברעטער-גאַסן, וועלכע זענען געלעגן אַרום טאַרטאַק.

ער האָט זיך איצט אויפגעהויבן הויך אין זיין טראַכטן. אַוועקגעפלויגן ווייט. עפּעס האָט אויפגעלעבט אין אים: דער אַל-

טער, פאַרגעסענער דערפאָלג בא פרויען, דאָס בלוט אין אים האָט גע־נומען הייסער בריען... ער האָט פאַרגעסן ז״ן ביטערע לאַגע, זיין אָרימקייט, די שטאָט מיט די נישט כריינטלעכע חברים, ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז דאָ אַן אָנגעשטעלטער בא איינעם, אַ קובאַ נעמזאַר און די פרוי, פון וועלכער ער טראַכט איצט, די פרוי איז דאָ זיין באַלעבאָס ווייב...

בעלאַ... איר נשמה, איר קערפער, זי מוז פון אים באַזיגט ווערן.

ווייזט אויס, אַז אַ קיל ווינטל האָט זיין הייסן שטערן אַ גלעט געטון און ער האָט אויגנבליק זיך אָפּגעקילט. אָפּגעשטעלט זיך אינ־מיטן שפּרייזן.

— האַ! וואָס רעד איך זיך איין? פונקט ווי ער וואָלט הויך דורך אַ לייטער אַרויפגעקלעטערט און איצט האָט מען די לייטער פון אונטער זיינע פיס אַרויסגעכאַפּט.

אַראָפּגעפאַלן אין תהום.

און גענומען צווייפלען אין זיך, מער וויפיל ער האָט באַ־דאַרפט צווייפלען.

ער איז געגאַנגען צוריק און געוואָלט זיך אויספּאַטשן פאַר די משוגעתן...

שטיל געווען אַרום. דאָס סקריפּען פון טאַרטאַק איז עפּעס אויך שטילער געוואָרן. כאָטש אַרום איז אַזוי פיל נאַכט־ווייסקייט געלעגן און שטיקלעך שפּענדלעך האָבן זיך געבראָכן אונטער די פיס. עס איז געווען אַ קילע ווארעמקייט. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט איינזאַמער ווי אַלעמאָל... געווען אָנגעשראָקן... און גע־זוכט מוט אין זיך...

און פון די לעצטע רגעס, פון דעם פאַרביטערטן גראַנגל מיט זיך אַליין, איז עפּעס אַ כעס, אַן איינגעשפּאַרטקייט אויסגע־וואַקסן אין אים.

ער וואָלט איצט גרייט געווען אויף קאַמף, אויף פאַר־ברעכן...

איין געדאַנק האָט זיך ווידער איינגעגבערט אין זיין מח און איצט שוין נישט געלאָזט מער רוען. שוין אָן ספק האָט זיך

דערדאָזיקער געדאַנק איינגעבירגערט אין אים: „בעלאַ האָט זיך צוליב אים געשפּיגלט און געפּודערט, פאַר אים...“

ער האָט זיך גוט אַרומגעקוקט. דערפילט זיך ווי אַ גנב, וועלכער גייט גנבענען. אָט דער געדאַנק, דער האַלבער געדאַנק, אַז בעלאַ האָט אים אין זינען, בעלאַ נעמזאַר וואַרט אויף זיין קומען... אָזאַ טראַכטן האָט אים צערודערט, נישט געלאָזט רויק זיין. געמאַכט האָט אים דער האַלבער געדאַנק עפּעס יום-טובדיק און זיכער. ביז גליק. ווי אַזוי איז דאָס געשעען? וויפיל צייט איז אַריבער פון יענעם מאָמענט, בעת ער האָט באַמערקט, ווי זי שפּילט זיך... מינוטן, רגעס און שוין איז דאָס אין אים ווי אַ באַשטענדיקייט, ער האָט זיך שוין איינגעלעבט אין דעם, ער קאָן זיך שוין נישט אָפּזאָגן, פאַר קיין פאַל נישט. דאָ איז זיין לעבן, דאָ, אין דער שטוב מיט די פיינע גאַרדינעז.

אָנגעקלאַפּט און אַריינגעגאַנגען.

אויפן טיש קיין סימן נישט פון דעם פּודער, דער שפּיגל איז אויך נישטאָ, אפילו אויף די באַקן זעט זיך דער פּודער קוים אָן, אַזוי דיסקרעט און געהיים האָט זיך דער מעל-שטויב אויסבאַהאַלטן אויף איר הויט. זי איז, ווי שטענדיק, גוטמוטיק, פריינטלעך און... צוריקגעהאַלטן. איצט זעט אים איר צימער שענער און ליכטיקער אויס. זי האָט דאָ אין וויסטן ישוב באַוויזן צו באַשאַפן אַ שיין ווינקעלע.

בלומען-טעפּ. איין פיגוס ציט זיך ביזן סופיט...

אין ווינקל שטייט דער קלאַוויר, אויף דער וואַנט אַ בילד, עפּעס אַ צעשטערטער שלאָס פון מיטלאַלטער. דאָ און דאָרט אַ ביכל.

דאָרטן אין די ווייטערדיקע צימערן שלאָפן די צוויי קינדער מיט דער באָנע, די דינסט איז אין קיך.

זיי זענען אַליין. שטענדיק פלעגט זיך שמועסן לייכטער ווי היינט. מען האָט גערעדט, וואָס עס איז איינגעפאַלן. היינט געפינט נישט קאַשינסקי דאָס ערשטע וואָרט און דאָ לעבן איר הייבט זיך אים אָן ווידער צו דאַכטן, אַז דאָס, וואָס ער האָט געטראַכט דאָרטן צווישן די ברעטער-גאַסן, איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

פאַנטאַזיע, נישט מער.

מיטאַמאָל דערהערט ער אַזאַ געוויינלעכע פראַגע:

— איר וועט טרינקען טיי, דיכטער קנישינסקי!...

געפעלט אים נישט, וואָס זי טשעפּעט צו צו אים דאָס וואָרט דיכטער, און ער ענטפערט:

— קנישינסקי וועט טרינקען טיי און דעם דיכטער וועלן מיר לאָזן.

— וואָס איז? איר זענט שלעכט געשטימט...

— ניין! זייער גוט געשטימט, איך האָב דאָ שפּאַצירט...

— און אוודאי נישט געקאָנט איבערציילן די שטערן?

— ווען איך וואָלט זיי איבערגעציילט, וואָלט מיר דאָס לעבן געוואָרן נאָך לאַנגווייליקער...

— אייך איז לאַנגווייליק?

— איך דאַנק אייך פאַר דער פראַגע... איך באַקלאָג זיך נישט.

מיטאַמאָל פאַרלירן זיי די ווערטער, נישטאָ, דאַכט זיך, וועגן וואָס צו רעדן. און וואָס פאַר אַ שותּפים זענען זיי צו רעדן?... פרעמדע.

און עס ראַטעווען זיי דאָס צוגעמאַכטע פענצטער.

קנישינסקי פרעגט:

— וואָס האָלט איר דאָס פענצטער פאַרמאַכט? אַ שיינע נאַכט, שוין די לעצטע זומערדיקע נעכט... איך מעג עפענען?

— ביטע, ביטע! איך ווייס אַליין נישט, ווער עס האָט עס פאַרמאַכט...

און ביידע גייען צו צום פענצטער און הייבן אויף די אויגן צו דער ווייטער טונקלקייט, וואָס איז באַשפּריצט מיט זילבערנע פינטעלעך, אַ געפּיל געוועזן אַזאַ, ווי זיי וואָלטן אין אַ קעלער גע־שטאַנען און פון קעלער אַרויסגעקוקט...

קנישינסקי רעדט וועגן נאַכט:

— אַמאָל, נאָך דעמאָלט, ווען איך בין יונג געוועזן, האָבן

דידאָזיקע זילבערגע פינטעלעך מיך געמאַכט רעדעוודיק. איך האָב געלידלט פון די שטערן און די לידער דעקלאַמירט...

— און היינט ?

— קיין זאַך מאַכט מיך היינט נישט אַזוי שווייגנדיק, ווי אַזאַ הימל, עס זעט זיך אויס, ווי אַ גרויס ברייט מלבוש, וואָס פאַרדעקט די וועלט. דאַכט זיך, אַז יעדע נאַכט קומט עס פאַר אַ באַגרעבעניש און דאָסדאָזיקע שוואַרצע באַזילבערטע מלבוש פאַרדעקט דעם לויה־קאַראַוואַן...

זי האָט זיך גוטמוטיק פונאַנדערגעלאַכט :

— פאַניע קנישינסקי ! קומט אוועק פון פענצטער און רעדט נישט אַזעלכע רייד : באַגרעבעניש, לויה...

און זי האָט אים לייכט פאַר זיין האַנט אַנגענומען און צוגענומען פון פענצטער.

— אָט דאָ וועלן מיר זיצן !

דאָס, וואָס זי האָט זיך צוגערירט צו אים מיט איר האַנט, דאָס, וואָס זי האָט אים צוגעפירט ביז צו דער קאַנאַפּע און זיך אוועקגעזעצט מיט אים צוזאַמען... דאָס האָט אים צעטומלט... שטאַרק צעטומלט... שוין באַלד אַ יאָר, ווי ער איז אָפּגעריסן פון שטאָט, פון מענטשן, פון פרויען... דאָ, צווישן די ברעטער, איז ער שוין באַלד אַליין אַ ברעט געוואָרן און דאָ זיצט ער מיט אַזאַ איינער, וועלכע וואָלט אים אין שטאָט אויך צעטומלט, זי איז נישט פונדאַנען, זי איז אין דאָמבראָווקע אַ פרעמדע.

ער איז דאָ אויך אַ פרעמדער. צוויי פרעמדע האָבן זיך באַגעגנט און אפשר וועלן זיי ווערן אייגענע ? אייגענע נאָענטע, די נאָענטסטע ? אפשר האָלט עס דערביי ? אין ברעקלעך געדאַנקען, וואָס ער האָט באַוויזן צונויפקלויבן האָט ער זיך שוין פאַרגעשטעלט, אַז בעלאַ...

אַז בעלאַ איז זיינע...

זי האָט זיך אויפגעהויבן, געגאַנגען באַזאָרגן טיי און שמעון קנישינסקי האָט נאָכגעקוקט, ווי איר קערפּער וויגט זיך, שוין געקוקט אויף איר מיט אַנדערע אויגן, מיט חוצפּה פון אַ מאַן, נאָר ווען זי איז צוריק אַריין אין צימער, איז זיין חוצפּה אַ ביסל פאַר־

שווונדן... געוואָלט האָט ער אין דער רגע, אַז זי זאָל אויך קוקן אויף אים מיט אַזעלכע אויגן, מיט ז י י נ ע אויגן. און זי זאָגט גאָר אַרויס:

— ווען קובאַ פֿאָרט אַוועק, געפֿין איך זיך שוין גאָר קיין אָרט נישט.

צוויי אָפּגעזונדערטע נשמות. צוויי, אין דעם לאַנגזאַמען דויער פֿון אַ שפּעטער זומער־נאַכט געטרינקען טיי און צוגעביסן ביסקוויט. גערעדט, ווען אַלץ גערעדט און געצויגן בלויז צו איין טעמע, צום מאַן־און ווייב־פּלאָנטער. ווער איז גערעכט, דער מאַן, צי די פֿרוי? ווער האָט מער רעכט און מער פֿליכט.

קנישינסקי זאָגט:

– ביידע זענען גערעכט און אומגערעכט. נישט מיר אַליין דיקטירן אונזערע געפֿילן, די אומשטענדן האָבן שטענדיק דעם גרעסטן חלק אין אַלע אונזערע איבערלעבונגען, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט באַשולדיקט די פֿרוי. נעמט די ערגסטע פֿרוי, די פֿרוי, וואָס גייט אַרויס אויף דער גאַס און האַנדלט מיט זיך... נעמט אַזאַ פֿרוי, און וועלכער פֿאַרנונפֿטיקער מענטש וועט זי באַ היינטיקן טאָג באַשולדיקן. יעדער מער אָדער ווייניקער אינטעליגענטער מענטש ווייסט גאַנץ גוט, אַז זי איז אַ קרבן פֿון סאָציאַלער אומגערעכטיקייט.

ער איז אַריין אין טראַנס. עס האָט זיך אים געוואָלט רעדן. אַנטקעגן אים אויף דער קאַנאַפּע איז געזעסן אַ פֿרוי... אָט, דאַכט זיך, אַז די צייטיקייט. ניין! די איבערצייטיקייט באַהערשט שוין איר פֿיגור, די פֿרישקייט פֿון איר לייב, נאָר עפּעס איז נאָך פֿאַראַן אין איר פֿון אַ יונגער, פֿון אַ גאָר יונגער פֿרוי, איבערדויפֿט, ווען זי שמייכלט, דערמאָלט דערמאַנט זי אַ יונג מיידל, נאָר ווען זי הערט אויף צו שמייכלען און הייבט אָן רעדן, דאַן קומט דער ערנסט פֿון אַ רייפֿיקער פֿרוי און עס ווילט זיך פֿאַרייניקן די ביידע איינדרוקן...

אַלציינס, זי נייגירט, זי אינטריגירט. איצט הערט זי זיך צו, וואָס קנישינסקי רעדט ווייטער:

— אויב באַשולדיקן, דאַרף מען גיכער דעם מאַן באַשולדיקן.

סוף כּל סוף האָט דאָך דער מאַן אויפגעבויט די וועלט, דער מאַן איז געווען דער לערער, דער פילאָזאָף, דער דערציער... ער האָט דערצויגן, און אויב איצט געפעלט אים נישט די פרוי, אויב ער קומט מיט פּרעטענציעס, זאָל ער די פּרעטענציעס האָבן צו זיך אַליין...

צי ווייל ער האָט דער פרוי געוואָלט געבן אַ קאָמפּלימענט, צי ער האָט ערנסט געגלייבט אין זיינע רייד, נאָר ער האָט כּסדר פאַרשאָטן דעם מאַן, געשטעלט אים נידעריקער, מיט מער אייגן-ליבע, מיט אַ סך נישט פאַרדינטע איינרעדענישן:

— פון דריי מענער, וואָס איר באַגעגנט היינט, זענען מער ווי צוויי ציניקער. ווען פרויען וואָלטן וויסן, ווי אַזוי מענער טראַקטירן זיי, ווי לייכט און פרעך מען רעדט וועגן אַ פרוי, וועלכע מען האָט נעכטן באַזיגט, דעמאָלט וואָלטן אפשר אויפגעהערט אַ סך פאַרבינדונגען און אַ סך טרוימערישע ראָמאַנען...

אַ גאַנצע צייט האָט בעלאַ געשוויגן, איצט האָט זי מיט אַ געמאַכטער בייזקייט אַ פרעג געטון:

— און איר, קנישינסקי! איר זענט בעסער?

— אַ צו שווערע פראַגע און איר האָט עס צו האַסטיק געשטעלט... איינס ווייס איך, איך וואָלט אפשר וועלן זיין בעסער.

עס האָט אים שוין אָנגעהויבן פאַרדריסן אויף זיך אַליין, ער מאַכט עס צו ערנסט, ער רעדט מיט צופיל האַרץ... דערדאָזיקער אָוונט... ניין! דערדאָזיקער אָוונט איז נישט באַשאַפן געוואָרן אויף דיסקוסיעס. ער פילט די נאַכט, ער פילט די גרויסע איינזאַמקייט פון אַזאַ הויז, וואָס שטייט דאָ לעבן טאַרטאַק. פון אַזאַ בעלאַ, וועלכע מוז צוליב סיבות פון איר מאַנס געשעפטן זיצן דאָ אין דעם וואַלד. ער פילט זיך מיט זיין אָפּגעריסנקייט פון זיין וועלטל, פון זיינע מענטשן... און פאַר דער נאַכט. פאַר אַלע איינזאַמקייטן פון דער וועלט, פאַר אים, פאַר קנישינסקין און בלויז פאַר אים איז פאַראַן איין פאַרגיטיקונג, איין טרייסט, איין האָפענונג און אויפלעבונג... דאָס איז בעלאַס שמייכל, בעלאַס האַרץ... אָבער וואָס

טראַכט זי, די, וועלכע זיצט דאָ לעבן אים, אַזוי נאָענט לעבן אים, ווייניקער ווי אַ האַנט אויסצושטרעקן... ווי וואָלט זי רעאַגירט, ווען ער נעמט און שטרעקט אויס זיין האַנט צו אירער און האַלט אַזוי עטלעכע רגעס איר האַנט אין זיינער בלויז עטלעכע רגעס... גאָל־דענע, איבערגליקלעכע רגעס. ער איז אַזוי צעטומלט און איבער־ראַשט פון זיין טראַכטן, אַז ער באַמערקט נישט, ווי זי שטרעקט אויס איר האַנט צו אים, זי נעמט אָן זיין האַנט, אירע פינגער באַ־רירן זיינע פינגער און זי פרעגט :

— פון וואָס זיך פאַרטראַכט אַזוי ? האַ ! פון שרייבערכע אוודאי, אַ טעמעלע ?

און ער, דער נאַר, נעמט זיך פאַרענטפערן... ער האָט דאָס לעבן ליבער פאַרן שרייבן. פון צופיל לעבן האָט ער גענומען שרייבן, אָבער פון צופיל שרייבן נעמט מען נישט לעבן. עס גע־פעלט איר די לעצטע פראַזע :

— קלוג געזאָגט, אַ שרייבער באַדאַרף זיין אַ קלוגער מענטש... יאָ ?

— עס זענען אָבער פאַראַן נאָך קליגערע...

— וועמען מיינט איר ?

— אָט די יעניקע, וועלכע לעבן איבער שיינע זאַכן און באַשרייבן דאָס נישט...

דערוויל האָט זי אָבער אַרויסגעלאָזט זיין האַנט און עס איז אים אַ שאָד געווען די נאָענטקייט. אַלץ צוליב פּלאַזאַפיעס, טראַכט ער, און ער ווערט אויף זיך אין כעס. ער וויל רעוואַנזשירן. ער זוכט די געלעגנהייט. אָט די פינגער, וועלכע האָבן נאָר־וואָס זיינע פינגער געגלעט, ער מוז זיי גלעטן...

שוין געוואָרן שפּעט. זיך אָפּגעזעגנט און אַוועק. זי האָט אים באַגלייט ביז דער טיר. ער האָט געקוקט אויף דער שטוב, אויף דעם פענצטער און געטראַכט : צוליב וואָס בלייבן פרויען אין אַזעלכע נעכט אַליין ? אַ שאָד.

און זיך האָט ער געפּייניקט : וואָס איז דאָס געווען ? שע־מעוודיקייט, נישט דרייסטקייט ? ער האָט זיך די נאַרישקייט נישט קלאָר געמאַכט. דרך ארץ...

באַלד פון ערשטן טאָג איז דער דרך־ארץ צו איר באַ אים געבוירן געוואָרן און ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ נישט געלונגען וואָרט, פאַר אַ נישט טאַקטישער באַוועגונג...

זי מעג. ער מוז זיך פריער איבערצייגן, ווייל פאַרלירן וויל ער זי נישט. אַזוי האָט ער געטראַכט, נאָר ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב און אַ קיל ווינטל האָט אים אַ גלעט געטאָן אין געזיכט, האָט זיך אים אָנגעצונדן אַ כּעס אויף זיך אַליין:

— אַ פרוי בלייבט פרוי, האָט ער געטראַכט, זי האָט צו מיר די ערשטע די האַנט אויסגעשטרעקט און איך האָב זיך באַנאַרישט . . . אַ פרוי בלייבט . . . פרוי, האָט ער זיך אַליין אין די געדאַנקען ווידערהאָלט, איינע נישט בעסער פאַר דער צווייטער. דער מאַן צוועקגעפאָרן, קומט אַ צווייטער, שמייכלט מען צום צווייטן. איינע נישט בעסער פאַר דער צווייטער. . .

ער בלייבט שטיין און טראַכט איבער זיינע געדאַנקען, ער וויל זי נישט באַליידיקן, ער טאָר זי נישט באַליידיקן. וואָס איז דאָ געשען? זי האָט אים פאַר דער האַנט גענומען, זיינע פינגער געגלעט. אפשר האָט זי דאָס געטון, ווייל זי האָט אַ גוט האַרץ, אפשר דערפאַר, ווייל זי האָט אים אָנגענומען פאַר אַ יינגערן, פאַר אַ קלענערן? ער איז געלאָפן איבערן טאַרטאַקפּלאַץ און געוואָרפן צו זיך, צו דער נאַכט פאַרשידענע פראַגן און אין קאָפּ האָט גערוישט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט. איר צימער, די קאַנאַפּע, אויף וועלכער זי איז אַזוי נאָענט לעבן אים געזעסן, יעדע באַוועגונג אירע האָט ער איצט געוואויגן און געמאָסטן. . .

יאָ, באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, צי נישט באַגאַנגען אַ נאַרישקייט. פון אַזאַ צימער, פון אַזאַ שטימונג טאָר מען אַזוי נישט אַוועקגיין, ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען. געווען איצט אין זיין שפּרייזן אַ מאָמענט, בעת אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט היינט די וועלט פאַרלוירן און אפשר... מאָרגן קומט נאָך נישט נעמזאַר. ער וועט זיך איבערצייגן.

פרוי בלייבט... פרוי. וואָס-וואָס... צעטומלען אַ מענטש קאָנען זיי און אַזאַ צעטומלטער איז איצט געווען קנישינסקי. ער איז ווייט אַוועק איבער די שינעס פון דער באַן-סטאַנציע און ווען נישט די עטלעכע לעמפלעך, די עלעקטרישע, איבערן טאַרטאַק, וואָלט ער דעם וועג צוריק נישט געפונען.

באַ זיך אין צימער האָט ער ווידער אַרומגעשפּרייזט און געקוקט אויף די כויטע הירשן-קעפּ, מיט וועלכע די ווענט פון צימער זענען געווען באַהאָנגען. אַ סך קעפּ און אַ סך הערנער, אָט די מענטשן, אָט די נעמזאַרס, די וועלט האַקן זיי אויס, די הירשן שיכט מען אויס און עס ווערט עפּעס אַזוי ווי אויס וועלט...

ער האָט געוואָלט טראַכטן פון אַנדערע זאַכן און דער פאַרבראַכטער אָוונט איז געקראָכן אין קאָפּ און גערייצט און פאַרשעמט און באַליידיקט.

יאָ, ווי האָבן זיי זיך געזעגנט? זי איז צוגעגאַנגען מיט אים צו דער טיר... ווי האָט זי געקוקט אויף אים? ווי זיין באַלעבאָס קיבאַ נעמזאַרס ווייב? ניין! ווי אַ פאַרליבטע? יאָ און ניין... אָבער פריינטלעכקייט איז געווען אין איר בליק. שפּאַס איז נישט געווען, דאָס באַשטימט נישט און אפשר יאָ? אָט אַזוי האָט ער זיך געפּייניקט אַ גאַנצע נאַכט אויף זיין געלעגער. יעדע קלייניקייט איז טויזנט מאָל גרעסער געוואָרן... פאַר אים האָט זי זיך היינט געפּוצט, אין שפּיגל געקוקט... פאַר אים, צוליב אים. די שטאָלצע בעלאַ, זי איז דאָ אַזוי ווי אַ פרעמדע צווישן די פּשוטע מענטשן אין וואַלד. אַלע זענען דאָ אויס איינפאַכער, כמעט אַרימער, נאָר זי אַליין, זי קאָן דאָ פּראָסט און איינפאַך נישט ווערן. אירע הענט זענען צו איידל, איר קאָפּ טראָגט זי גלייך און פונדעסטוועגן... אַ מאַן האָט זי, קינדער האָט זי און צו אים, צו אַ פרעמדן, האָט זי היינט געשמייכלט, מאָדנע געשמייכלט...

אַ פרוי בלייבט... פרוי.
און אפשר דאַכט זיך אים נישט געשטויגענע זאַכן —
זאָל זיך שוין ענדיקן די נאַכט...

נאָר די נאַכט איז אַריבער, טעג און נעכט זענען אַריבער און קנישינסקי האָט זיך אין גאָרנישט איבערצייגט. אפשר דער-

פאַר, ווייל עס האָט זיך אים צו שטאַרק געוואָלט אין עפּעס איבער־צייגן און אפשר איז נישט געווען אין וואָס זיך צו איבערצייגן ?

בעלאַ איז געווען, ווי שטענדיק, פריינטלעך. קובאַ געמזאַר איז בעקומען צו פאָרן. מען איז צוזאַמען אַ סך מאָל געזעסן און גערעדט. געמזאַר איז איצט נאָך מער געווען פאַרנומען, עס גייט צו ווינטער, מען דאַרף אָנגרייטן „שפּייז״ פאַר דעם טאַרטאַק, מען דאַרף קויפן אַ ביי שטיק וואַלד... דער גאַנצער עולם, וואָס אַר־בעט אין טאַרטאַק און אַרום טאַרטאַק, אַלע וואַרטן און ווילן שוין וויסן, צי דער וואַלד איז געקויפט געוואָרן.

ועט זיין וואַלד, וועט אויך זיין אַרבעט.

*

פאַרנאַכט אויפן טאַרטאַק־פּלאַץ.

די מידע אַרבעטער איילן צו זייערע הייזלעך. אַנדערע רוען זיך אָפּ אויף די ברעטער. אַ מחנה קינדער, צוזאַמען מיט געמזאַרס צוויי פריילעכע יינגלעך, שפּילן זיך און שפּרינגען דאָ אַרום... גליק־לעכע, זאָרגלאָזע שטיפערס.

אַלע פענצטער פון קאַנטאָר זענען אָפן און דורך די אָפענע פענצטער טראָגן זיך קלאַנגען, ראַדיאָ־קלאַנגען. עס שפּילט עפּעס, עס ברומט, ווי אַ קאַליע געוואָרענער גראַמאָפאָן. מוזיק איז מוזיק, אָבער די קלאַנגען, וועלכע קומען אַהער פון וואַרשעווער קאָנ־צערט, ווערן עפּעס אַנדערש, טעמפּער... דאַכט זיך, אַז די מוזיק ווערט דורכגעבראָכן פון עלעקטרישן שטראָם, עס פאַרלירט די נשמה פון זיך...

בײַם קאַנטאָר, אויף אַ פּיראַמידע ברעטער, האָבן זיך אויס־געזעצט אַלטע און יונגע, אַרבעטער פון טאַרטאַק, אַ פויער, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט מיט זיין קלאָץ, וואָס ער האָט געבראַכט פון וואַלד. זיצן די מענטשן און הערן זיך איין און גלאָצן מיט די אויגן... פּרימיטיווע נשמות, די מוזיק פאַרשטייען זיי נישט, אָבער דער גאַנצער ענין אינטערעסירט זיי שטאַרק. זיי זיצן דאָ אין דאַמ־בראָווקע און באַשעפטיקן זיך מיט אויסהאַקן ביימער און דאָרטן אין די גרויסע שטעט טראַכטן די מענטשן אויס אַזעלכע מאָדנע וווּנדער.

ווער ווייסט זיי, די מענטשן, וואָס זיי וועלן נאָך אויסטראַכטן, שדים, נישט קיין מענטשן...

און די יידן פון קאַנטאָר, דער בוכהאַלטער ראַבינאָוויטש, שלמה בראַקאַזש און נאָך עטלעכע, זיי טרינקען טיי און הערן זיך צו...

— וואָס שפּילט עס ?

דאָס פרעגט איינער און דער צווייטער ענטפערט :

— אַ וואַרשעווער קאָנצערט, דער שד ווייסט זיי.

און דער דריטער :

— פּאָר אַ ביסעלע חזנות, וואָלט איך זיי אָפּגעגעבן אַלע זייערע קאָנצערטן. דער ראַדיאָ רייסט זיך און דאָ אין קאַנטאָר באַ אַ גלעזעלע טיי, דאָ גייט אַוועק אַ שמועס וועגן חזנים... באמת, דער ראַדיאָ האָט זיך געדאַרפט פאַרשעמען און שטום ווערן... איי, חזנים, איי, אַ חזן, „איי" און „איי". דידאָזיקע מענטשן באַגייסטערן זיך מיט זייערע דערינערונגען, יעדער דערמאַנט זיך זיינס און רעדט און דערציילט...

און דער אַפּאַראַט באַם פענצטער טוט אויך דאָס זייניקע. וואַרשע דערלאַנגט פאַר דאָמבראָווקע אַ קאָנצערט...

דידאָזיקע יידן האָבן גאַנץ שנעל און אָן גרויסע חקירות אויפגענומען די ראַדיאָ-דערפינדונג. ראַבינאָוויטש האָט זיך אויסגעלערנט פלינק און ריכטיק צו דרייען מיט די שרייפעלעך פון פינף-לאַמפּיקן אַפּאַראַט. ער קאָן „כאַפּן" בערלין, לאָנדאָן, פּראַג... ער איז דאָ שוין אַ גאַנצער מעכאַניק, ער איז פשוט פאַרליבט אין ראַדיאָ, נישט אַזוי אין ראַדיאָ, ווי אין די שרייפלעך, וועלכע ער האָט זייער ליב צו דרייען, איבערהויפּט דאַן, ווען די פּויערים קוקן אריין אין פענצטער. די פּויערים קוקן אויף אים מיט גרויס דרך־ארץ און דערביי רעדן זיי צווישן זיך :

— אונזער בוכהאַלטער איז אַ וואַזשנער מענטש...

נאָר אָט וויל ראַבינאָוויטש דאַווענען מעריב און ער פאַרדרייט די שרייפלעך... שאַ ! אָפּגעשניטן די גרויסע וועלט פון זיך, נישטאָ קיין וואַרשע מיט אירע קאָנצערטן.

יידן דאַווענען מעריב.

די פענצטער זענען אָפן און בלויז דער וואַלד הערט זיך צו צו זייער תפילה. די מענטשן, וועלכע זענען דאָ געזעסן אויף די ברעטער, זיי זענען שוין אַוועק, וויבאַלד דער ראַדיאָ האָט אויפגעהערט צו גרילצן...

דער וואַלד דאַוונט מיט, אַ בלוילעכן פאַרנאַכט-קיטל האָט דער וואַלד אָנגעטון און די ביימער האָבן די קעפּ אויפגעהויבן צו דער הויכקייט, דאַכט זיך, אַז דאָ איז עפּעס שטאַרק טרויעריק געוואָרן, דער וואַלד דאַרף קדיש זאָגן נאָך טויזנטער, צענדליקער טויזנטער ברידער-ביימער, וועלכע זענען אונטערגעהאַקט געוואָרן... נאָך קיין יאָר נישטאָ. אויף דער לינקער זייט פון דאָמבראָווקע איז אַ גרויסער שטח ליידיק געוואָרן... זאָל ווער צוגיין צו יענעם פּלאַץ וועט ער זען די לעצטע סימנים פון אַ גרויסן וואַלד-חורבן, עס זענען געבליבן קליינע מצבהלעך, די וואָרצלען פון די ביימער...

דער וואַלד דאַרף קדיש זאָגן און אפשר איז אויך שרעק פאַראַן אין וואַלדס טרויער. עס קאָן זיין, אַז איבער אַ יאָר וועט נאָך אַ שטח וואַלד פאַרשווינדן. בעמזאַר רוט נישט און די שנייד-מעסערס פון מאַרטאַק פאָדערן און פאָדערן קלעצער... זעט ער נישט אויס, דער גרויסער וואַלד, זעען נישט אויס די אַלע וועלדער פון אַרום און אַרום, ווי גרויסע הילפלאָזע טשערעדעס, וועלכע שטייען באַם שעכט-הויז און וואַרטן געדולדיק?

עס ווערט טונקעלער...

פון אַן איינזאַמען שפּאַציר קומט בעלאַ. אַזאַ פרעמדע דאָ אויף דעם פּלאַץ. גאַנץ אָפט גייט זי אַליין אַוועק שפּאַצירן און דערנאָך, ווען זי קומט, הייבן זיך אויף אירע בליקן.

העי! פּשוטע מענטשן זאָגן, אַז מיט דער פּאַני בעמזאַר קאָן מען זיך נישט איינלעבן ווי מיט דעם פּאַן בעמזאַר, זי איז אַ פרעמדע.

קנישינסקי זיצט אויפן באַלקאָן פון זיין אויבער-שטיבל, ער איז אַרומגערינגלט מיט דעם פאַרנאַכט, מיט וואַלד. מיט ליגבעדיקע ביימער און מיט אַ ים ברעטער און טויטע קלעצער. ער איז פול מיט אַ מאָדנער אומרויקער, אומעטיקער שטימונג... ער וואָלט זיך וועלן

באפרייען פון דעם. ער וואָלט איבערהויפּט זיך וועלן באַפרייען פון זיינע שטימונגען. בשעת ער איז געקומען אַהער, האָט ער געהאַט אַ פּלאַן, אַפּרוען זיך אַ ביסל און דערנאָך ווידער אין שטאָט אַריין. דערנאָך האָט ער זיך פאַרקוקט אויף קובאַ נעמזאַר און געוואָלט זיך נעמען ענערגיש צו אַרבעטן אין וואַלד, פאַרגעסן דאָס שרייבעניש. אויפהערן צו באַזינגען דאָס לעבן און לעבן בלויז מיט לעבן... אַ פּראָטעסטאַנט קעגן זיך אַליין איז ער שוין פון פריער געווען. ער האָט געטראַכט, אַז צו זיין אַ שרייבער איז נישט אַזוי וויכטיק, ווי דאָס לעבן און פיל מאָל פאַרגעסט מען דאָס לעבן צוליב שרייבעריי. ער האָט וועגן אַזעלכע זאַכן אַ סך געטראַכט און די אייביקע רייסעניש מיט חברים, דאָס נישט פאַרגינען, דאָס פאַרביטערניש פון איינעם צום צווייטן... נישט איינמאָל פלעגט דער געדאַנק פון באַפרייונג אים דערפרייען... נאָר גיי באַפריי זיך, ווען די נשמה איז שוין אָפּגעסמט...

גיי באַפריי זיך... ווען דאָ אין וואַלד האָט ער געפינען אַן אוצר פון טיפן און איז אַליין אַראָפּ אין אָפּגרונט פון איבערלעבונגען...

נעמזאַר איז ווידער אַזעקגעפאָרן... דאַכט זיך, אַז ער האָט געוואַרט אויף דער שעה און אָט שוין צוויי טעג און ער האָט בעלאַן פאַר די צוויי טעג נישט געזען, טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט געוואַרט אויף נעמזאַרס אַוועקפאָרן און טאַקע דערפאַר, ווייל ער בענקט אַזוי נאָך איר...

ווען ער האָט געוואָלט באַלד נאָך נעמזאַרס אַוועקפאָרן אַריינגיין צו בעלאַן, האָט ער זיך פאַרשעמט פאַר זיך. אָפּגעוואַרט, אויסגעקוקט און איצט זיך אַריינגנבענען צו יענעמס גליק... ניין! זאָל דאָס אַ ביסל דויערן. נעמזאַר וועט פריער ווי פינף—זעקס טעג פון דער רייזע נישט קומען... זאָל עס דויערן, זאָל עס גיין מיט די טעג... אָט, אפשר וועלן זיי זיך צופעליק באַגעגענען צווישן די ברעטער און צופעליק נעמען רעדן און צופעליק, צופעליק, אפשר וועט זיך די וועלט אַזוי צופעליק איבערקערן... איצט זיצט ער אויף זיין באַלקאָן און קוקט און האָרכט... פריער האָט געשפּילט דער ראַדיאָ, איצט לערנט ראַבינאָוויטש אַ בלעטל גמרא, ער הערט פונ-

זייטנס דעם ניגון... פון וואַלד קומט שוין נישט קיין איין קלאַנג,
זען נישט די שנייד־מאַשינען פון טאַרטאַק, וואָלט ראַבינאָוויטשעס
קול געווען דאָס איינציקע. עס ווערט טונקעלער און צו דערדאַ־
ויקער האַלב־ליכטיקייט גייט אַרויס קנישינסקיס נשמה און זי וויל
ויך ציען צוריק. ער וויל זיך נישט אונטערגעבן די פּאַרנאַכטיקע
שטימונגען, ער ווייסט, דאָס וועט אים באַלד פאַרמיאוסן דעם טאָג...
אַ גאַנצן טאָג האָט ער ציפערן געשריבן, ער ווייסט, אַז די שטי־
מונג וועט באַלד צונעמען די טעמפּקייט זיינע, וואָס ער באַקומט
פון די ציפער, עס וועט אים מאַכן אומרויק ביז גאָר, עס וועט אים
ציען צו אַלדי שוואַרצע יאָר... ניין! נישט צו די אַלדי שוואַרצע,
נאָר צו דער שיינער, איינגעהאַלטענער, צו דער פרעמדער און דאָך
נישט פרעמדער בעלאַ... גענוג צו דערמאָנען אין די געדאַנקען
איר נאָמען און ער האָט שוין נישט קיין טראָפּן פון זיין רויקייט...
ער נעמט זיך פייניקן: שוין צוויי טעג. ווי נעמזאַר איז אַוועקגע־
פאָרן און ער האָט זיך נישט באַוויזן, צו איר שוועל נישט צוגע־
קומען... ער ווערט בייז אויף זיך...

„באַ אַנדערע גייט עס אַנדערש", ער טראַכט אַזוי און עס
פאַרדריסט, וואָס ער טראַכט אַזוי. פון די פאַרנאַכטיקע שאָטנס
רוקט זיך אַרויס אַ געשטאַלט, ווו ער זאָל זיין בליק נישט ווענדן,
ועט ער איר פּנים... ווער איז זי? און ווי ווייט וועט זי גיין מיט
אים? נישט איינמאָל האָט ער געהערט פון מענער, אַז אַלע פרויען
ועגען די זעלבע... יאָ, אָבער נישט אַלע רופן אַרויס די זעלבע
איבערלעבענישן... און ער כאַפּט דאָרט זיך דעם שליסל פון זיין
געפיל צו איר: געפונען אַזאַ בעלאַ, איז גרויס גליק, אָבער פאַר־
לירן, אַוועקגיין פון איר, אָדער לאָזן, אַז זי זאָל אַוועקגיין, דאָס
קאָן זיין דער גרעסטער פאַרלוסט און ער האָט זיך מורא צו פאַר־
לירן דאָס, וואָס ער האָט אויף זיכער נאָך נישט געפינען...

ער האָט כּעס אויפן שיקזאַל. דאָס האָט דער שיקזאַל
אים אונטערגערוקט. וואָס? אפשר נישט אמת? ווען קובאַ נעמזאַר
האָט אַ דיק, מיאוס ווייב, וואָלט ער, קנישינסקי, איצט געווען
רויק.

אין דעם אָוונט איז ער אויך צו בעלאַ נישט געגאַנגען.

ווייל קאָסטאַניצקי איז געקומען. דער פֿאַרוואַלטער פֿון בראַניצקיס מאַיאָנטעק איז נישט געקומען אַליין, ימיט אים נאָך אַ פּריץ, מיט צוויי דאַמען, אַלע זענען זיי געריטן אויף פֿערד, אויסגעפּוצט, נאָר פֿאַרשטויבטע. זיי זענען פֿאַרבייגעריטן און קנישינסקי האָט זיי געזען פֿון זיין באַלקאָן. קאָסטאַניצקי מיט די דינע פּיס האָט אויסגעזען ווי דאָן קישאָט, ער איז געפֿאָרן פֿאָרויס און גערעדט צו זיינע באַגלייטער:

— איך וועל אייך באַלד באַקענען מיט דער פֿאַני נעמזאַר, איך זאָג אייך אַ פֿיינע דאַמע, באַ זיי, באַ די זשידעס. זענען אויך דאָ אַריסטאָקראַטן... זאָג איך אייך.

שפּעטער האָט קנישינסקי געזען, ווי די דינסט איז אַרומגעלאָפֿן זוכן שפּייז, די געסט זענען פֿאַרבליבן צום אָוונטברויט.

עס האָט זיך אַ שטיק צייט געטומלט מיט די געסט.

—

עס איז שוין פֿינצטער געווען און קנישינסקי איז נאָך אַלץ געזעסן אויף זיין הילצערנעם באַלקאָן. אַ געדיכטע לופֿט האָט זיך בעטראָגן פֿון די זעגעכץ־בערגלעך, פֿון דער „סמאָליאַרניע", פֿון וואַלד און פֿון דער שפּעט־זומער־נאַכט. עס איז געווען שטיל, אַפֿילו דאָס סקריפּען פֿון דער זעג־מאַשין האָט זיך אויסגעטעמפּט אין דער שטילקייט. איבער דער שוואַרצער ווייטקייט פֿון די וועלדער איז אַרויסגעשווומען ווי אַן אויסגעשייערטער טעלער — די לבֿנה. אַ טעלער פֿאַר קאָסטאַניצקין מיט זיינע פֿריינד, וועלכע פֿאַרברענגען איצט באַ בעלאַן. עס האָט אים דערעכן צו קוקן אויף דער לבֿנה. ער האָט געקוקט אויף איר, נישט ווייל ער איז געווען אַזוי פּאָעטיש געשטימט, נאָר ווייל זי איז אים כּסדר געקראָכן אין די אויגן, ווייל ער האָט געקוקט צום וואַלד, און איבערן וואַלד איז געהאָנגען אַ שטיק רונדע ליכטיקייט, אַן אויג, וואָס איז אַזוי ווי אַרויסגעפֿאַלן פֿון הימלס פּנים, אַן אויג, וואָס מאַכט מיד דעם

זענטשס אויגן... ארום איז געווען א סך שטימונג, עפעס האָט גע־רופן אין אָן אומבאַשטימטן ערגעץ, נאָר קנישינסקי איז אַזוי ווי פאַרגליווערט געוואָרן אויף זיין פּלאַץ, ער איז געווען אַזוי ווי צו־פרידן מיט זיך, וואָס ער פאַלט נישט אַריין אין דער שטימונג פון דער נאַכט, ווי אַ טרינקער, וועלכער זיצט בײַ אַ טיש מיט וויין און רירט זיך נישט צו צום פלעשל־גלעזל... דערמאָנט זיך גלאַט אין דער וועלט אַריין נישטיקע, דראָבנע זאַכן פון נעכטן און אַזוי קאַלט געטראַכט.

אַט גייט פאַרביי וואַסיל און טראָגט אַ באַרג מיט וואַלד־בלו־מען, דאָס ברענגט ער יעדן אָוונט בלומען פאַר בעלאַן, יעדן טאָג פרישע. ווען וואַסיל גייט צוריק, רופט אים קנישינסקי אָן:

— וואַסיל! גוטן אָוונט! וואָס הערט זיך נייעס

וואַסיל הייבט אויף דעם קאָפּ:

— האַ! ווער איז דאָס? דער „שרייבער"? גאָר קיין נייעס נישטאָ. די ווילדע קאַטשקעס שלאָפן שוין און די פערד אין „סטאַיניע" פרעסן היי... אַ גוטע נאַכט!

אין דעם מאָדנעם ענטפער זיינעם איז געווען אַ בייזער חוזק. ער האָט קנישינסקין נישט ליב געהאַט. זייט קנישינסקי האָט גענומען מער אַריינצוגיין צו נעמזאַרן אין שטוב, האָט דער אַלטער וואַסיל גענומען בייז קוקן אויף נעמזאַרס „מענטש", אויף דעם קנישינסקי. נאָר קנישינסקי האָט, ווייזט אויס, איצט געוואָלט מיט עמעצן רעדן... זאָל זיין מיט וואַסילן און ער האָט געוווּסט מיט וואָס אים צו נעמען:

— וואַסיל איך פאָר אינגיכן אָפּ פון דאַנען?

— טאַקע? וווּהין?

— קיין אַמעריקע, וואַסיל, דאָ איז גאָרנישטאָ וואָס צו מאַכן...

— אמת! אַן אָרים לאַנד, אייגער שטיקט דעם צווייטן.

קנישינסקי אויפן באַלקאָן און וואַסיל דאָ אונטן, איצט איז שוין וואַסיל געבליבן, נישט געאײַלט זיך אַוועקצוגיין. אויף די ברעטער איז ער אַרויפגעקראָכן און געשיקט ווערטער צו קני־שינסקין אינדערהייך. און בעת זיי פלעגן אויפהערן צו רעדן, האָט

זיך געהערט. ווי פון אַרום און אַרום האָבן זיך די זשאַבעס פונאַנדערגעקלאָגט. אויף פאַרשידענע טענער, מיט קורצן און לאַנגן אָטעם, האָבן די זשאַבעס קוואַקענדיק געיאָמערט:

— עך! — האָט וואַסיל זיך אָנגערופן, — הערט נאָר, הערט פון אַלע זייטן, די זשאַבעס, דאָס זענען די פּיסקעס פון דער ערד, דאָס וויינט די ערד, ווייל מען שניידט אויס די וועלדער, מען שניידט אויס אָן רחמנות, בא בראַנ־צקין האָט מען נישט לאַנג פאַרפלאַנצט ביי וואַלד, א הונדערט מאָרג, א טראָפּן אין ים. יענע וועלדער האָט די אייביקייט פאַרפלאַנצט און דאָ קומען מענטשעלעך מיט זייערע שוואַכע הענט... א טראָפּן אין ים.

שפּעטער, ווען וואַסיל איז שוין אַוועקגעגאַנגען, איז נאָך קנישינסקי אַלץ געזעסן און ער האָט זיך צוגעהערט צום זשאַבע־קאָנצערט...

„די זשאַבעס דאָס זענען די פּיסקעס פון דער ערד“. אַזאַ וואַסיל רעדט אַזוי פּשוט מיט בילדער, א דיכטער וואָלט זיך געצאַצקעט מיט אַזאַ פאַרגלייכונג...

# VI

## וואַסיל

אַרום דעם גרויסן טאַרטאַק, אַרום וואַלד, אין וואַלד, אין בעמזאַרס קאַנטאָר, האָט זיך יעדער איינער זיין אַרבעט, זיין פליכט. בעמזאַר אַליין, זיין הויפּט-מענטש ראַבינאָוויטש, דער דיכטער קאַנישינסקי... יעדער בראַקאַזש, יעדער אַרבעטער ווייסט זיין אָרט און היט אָפּ זיין אַרבעט.

איינער איז אָבער דאָרט פאַראַן אין דאָמבראָווקע, וואַסיל. ער האָט אַ סך באַזונדערע אַרבעטן און קיין איין זיכערע, פעסטע באַשעפטיקונג. וואַסיל איז אַ הייצער אין גרויסן דאַמף-קעסל, וואַסיל איז נאַכט-שומר, אַ גערטנער, אַ באַלעבאָס איבער די הינט, ער גיט זיי צו פרעסן פערד-פלייש. וואַסיל איז אַ מבין אויף האָלץ, אפילו אויף אַ וואַלד, אַז וואַסיל זאָגט, דאָס דעם אָדער יענעם וואַלד האָט מען גוט געקויפט, מעג מען שוין זיין זיכער אין דעם. וואַסיל טוט אַלע אַרבעטן. קומען די דייטשן אויסקלויבן אַ פאַרטיע האָלץ, גייט זיי וואַסיל באַגעגענען און ער טראָגט פון קליינעם וואָקזאַל זייערע קליינע לעדערנע וואַליזקעס, דאָס זעלבע ווען זיי פאָרן אַוועק. גענוי ווייסט מען נישט ווער ער איז, אַ ווייסרוס, אַ פּאָליאַק, צי אַ קאַצאַפּ. די דריי שפּראַכן רעדט ער אויסגעצייכנט, ער רעדט אויך דייטש, יידיש און וואַרפט אַריין העברעישע פראַזן.

— גם זו לטובה.

— שלם עליכם...

— מזל ברכה.

שטייט אמאָל צו צו אים ראַבינאָוויטש און פרעגט אים אויס און פאָרשט בײַ אים:

— וואַסיל! דו האָסט עפּעס ליב ייִדן?

ענטפערט דעמאָלט וואַסיל דאָס זעלבע, וואָס עס ענטפערן אַ סך אינטעליגענטן, נאָר בײַ אים קומט עס אַרויס אויפריכטיקער, פּשוטער:

— איך האָב ליב מענטשן און גענוג. ער ווערט כמעט בייז, ער וויל נישט מען זאָל אים מיט אַזעלכע ענינים דעם קאָפּ פאַרדרייען. עס קאָן זיין, אַז אַמאָל, אין די ייִנגע יאָרן, איז ער געווען אַ ים-גזלן, אַ שיכּור, אַ שאַרלאַטאַן. נאָר איצט איז ער שטרענג צו זיך און שטרענג צו אַנדערע, אַ פאָלקס-מאָראַליסט. אַ מאָדנער טיפּ, אַ געהיימער מענטש, זעט אויס אָפּט אין זיינע וואַלד-אַרומוואַנדערונגען, ווי אַ סעקטאַנט, וועלכער דאַוונט ערגעץ אין געהיימע ווינקעלעך.

ער האָט ליב קינדער און פאַרגעטערט די קינדער פון זיין באַלעבאָס געמזאַר. ער איז גרייט פאַר זיי אין פייער צו גיין. ער לייגט זיך אָפּט מיט זיי אויף די ברעטער צוועק און דערציילט אמתע און אויסגעטראַכטע מעשיות פון חיות, פון יאַגדן אויף חיות. ער ריטשעט ווי אַ לייב און פּלאַפּלט ווי אַ פּאַפּוגיי. די קינדער האָבן געוואַלטיק ליב דעם אַלטן וואַסיל און פאַר די עלטערע איז ער אַ „טיפּ". ער נייגירט אַלעמען. מען קען אים גוט און מען קען אים גאָרנישט. ער וועט אייך אָפּזיצן אַ נאַכט, פון זיינע ריידעס וועט ער אייך דערציילן. לאַנג, לאַנג וועט ער רעדן און דערנאָך אָבער פילט מען, אַז ער איז נאָך פול מיט אַזעלכע געהיימע מעשיות. פינף און דרייסיק יאָר אויפן ים, אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער וועלט. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט.

פון יעדן לאַנד האָט ער עפּעס געבראַכט

פון יעדן לשון אַ פּאָר פראַזן, פון יעדן פאָלק אַ שטיקל באַגריף. ער איז איינגעפּלאָנטערט אין די ווייטעניִשן פון דער וועלט, בײַ אים אין דער נשמה זענען געבליבן אויפן דעק פאַרחלומטע ווירקונגען פון רויטע זון-פאַרגאַנגען אין די וויסטעס

פון אַפריקע, פלאַם־פייערדיקע אָפּגלאַנצן פון רויקע און שטורמי־שע פאַרנאַכטיקע ימען. . . אַ פויער פון ווייס־רוסלאַנד, וועלכער איז אָפּגעריסן געוואָרן פון זיין שטאַם און איז דורכגעשווומען די גאַנצע וועלט.

און ער טראָגט איצט די וועלט אין זיך, אין איר גאַנצע־ פאַרמלאָזיקייט, אַזוי ווי די אַלע שפּראַכן, וואָס ער פּלאַפּלט.

ווילט איר עטלעכע פראַנצויזישע פראַזן, אַ ביסל ענגליש, וואַסיל קאָן אַלץ. וואַסיל פּלאַפּלט אַפילו כינעזישע פראַזן. אמת, קיינער קאָן אים נישט קאָנטראָלירן, צי דאָס איז עכט כינעזיש, נאָר וואַסילן באַדאַרף מען גלייבן, ווייל וואַסיל האָט פינף און דרייסיק יאָר געדינט אין רוסישן פלאָט און ער האָט דורכגערייזט די וועלט, יאָרן לאַנג געלעבט אין שאַנכיי, אין האָנג־קאָנג, האָנאָ־לולו, פון שטילן ים ביז זיין געוועזענער היים, בּאַ די ברעגן פון אַפריקע האָט די זון זיין הויט געבּרוינט און געבּרענט, זיין פּנים, זיין טונקל פּנים זאָגט עדות דערויף. וואַסיל האָט געזעען די וועלט, ער איז איצט אַלט אַ זיבציק יאָר און אפשר מער, נאָר שפּרייזן שפּרייזט ער גלייך, ווי אַ זעלנער. זיין פּנים איז אין קנייטשן, נאָר די קנייטשן זענען געזונטע, נישט פון קראַנקייט, נאָר פון אַ געזונטער אַלטקייט, ווי די קאָרע פון אַ געזונטן בוים. ער האָט געזעען די וועלט, און האָסט פאַר אים דרך־ארץ, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס יעדער שאַפּט זיך מיט אים און ער באַדינט יעדערן. אונטער דעם צעריבּענעם בגד זיינעם קלאַפּט אַ האַרץ, וואָס האָט אַ סך דורכגעמאַכט. און אַז דער אַלטער שלאַנ־קער וואַסיל דערלאַנגט אַמאָל אַ שמייכל צוליב עפּעס אַ וויכטיקן צופאַל, אָדער צוליב אַ גרויס געשעעניש, ווייסט שוין יעדערער, פאַרשטייט שוין יעדערער, וואָס אַזאַ שמייכל באַדייט:

— נאַרישע מענטשן, כ'האָב שוין נישט נאָר אַזעלכע זאַכן געזעען.

אַ רויקער פילאָזאָף, אַ קאַלטער גזלן צו אַלע וועלט־גע־שעענישן. פון רוסלאַנד איז ער אַוועק אַ קבּצן, האָט ערגעץ גע־קאָנט צוזען, ווי מען נעמט צו בּאַ די רייכע זייער פאַרמעגן. ער האָט שטענדיק פּראָטעסטירט קעגן דעם, אויך איצט טראָגט ער אַ בייז

האַר קאויף די קאָמוניסטן. געווען זייער געטריי זיין באַלעבאָס נעמזאַר. און באַ נעמזאַרן האָבן דאָך די קאָמוניסטן צוגענומען אַ פאַרמעגן — דאָס וועט ער זיי נישט מוחל זיין.

ווייל נעמזאַר איז באַ אים אין די אויגן געווען דער בעסטער און דאָס שענסטע, וואָס ער האָט געהאַט פאַר אַ דרייסטן און שטאַרקן מענטש, איז באַ אים געווען דאָס וואָרט: „קאַפּיטאַן״.

— האָ! נעמזאַר איז אַן עכטער קאַפּיטאַן, ער ווייסט, ווי צו פירן אַ שיף.

ווען נעמזאַר פלעגט רעדן, באַפעלן, פלעגט ער קוקן אויף אים, ווי אויף אַ גאָט. ווען נעמזאַר פלעגט אוועקפאָרן אין אַרום דעם טאַרטאַק פלעגט עפעס געשען, אַ פלאַנטער מיט שטייער, אַ סכסוך מיט קאָסטעניצקין, אָדער די אַרבעטער פלעגן כאַרשטרייקן. אַלע פלעגן אַרומגיין צעטומלטע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. איין וואַסיל פלעגט זיך בראַווירן מיט נעמזאַרן:

— זאָל נאָר קומען פון דאַנציג אונזער קאַפּיטאַן... זאָל ער נאָר קומען, עס וועט אַלץ זיין אין אָרדנונג.

און נעמזאַר ווייסט פון דער שטאַרקער ליבע צו אים. אַ קליינער מענטש געווען באַ אים דער וואַסיל, דער לעצטער פון דער גאַנצער מחנה, וואָס אַרבעטן פאַר אים, באַ אים... אָבער וואַסילס ליבע צו אים האָט דעם וואַלד-סוחר שטאַרק אימפּאָנירט. און נישט איינמאָל האָט שוין נעמזאַר באַ אים געפרעגט עצות. עס פלעגט אים הנאה טון, ווען וואַסיל פלעגט צוקומען מיט אַ שמייכל:

— דער באַרין האָט געקויפט באַ דעם פּראָפעסאָר דעם וואַלד, גוט געטון און גוט געקויפט... צו וואָס באַדאַרף אַ פּראָפעסאָר וועלדער, איר וועט עס שוין צורעכט מאַכן...

און דער „באַרין״ נעמזאַר פלעגט זיך נישט איינמאָל פאַרגעסן און זיך נעמען באַרימען פאַר דעם וואַסילן.

מען האָט אים ליב, מען ליבט זיך אין זיינע ווערטעלעך און עס נייגירט זיין פאַרגאַנגענהייט, ווייל וואַסיל איז אין דער היגזיכט אַן אויסנאַם, נישט אַזוי ווי אַנדערע געוועזענע מאַטראָסן אָדער

לאנגיעריקע זעלנער, ער האָט זיך נישט ליב צו באַרימען מיט זיין פאַרגאַנגענהייט.

דער אויוון פון טאַרסאַק ברענט אַ גאַנצע נאַכט. די מע־סערס שניידן זיך סימעטריש אין האַרץ אריין פון דעם קלאָץ, אַזוי טעג און אַזוי נעכט, ווינטערס און זומערס, און אַרום די מאַשינען פלאַנטערט זיך פון ציים־צו־צייט דער געוועזענער מאַטראָס. אַמאָל קומט ער באַטאָג, און אַמאָל קומט ער באַנאַכט. ער האָט שוין זיין ווערטל פאַר דעם טאַרסאַק.

— די מאַשין פרעסט און פרעסט די קלאָצער...

— דער שטאָלענער קראָקאָדיל... נאָך! נישט אַזעלכע וועל־דער האָב איך געזעען. וואָס זענען דאָס פאַר אַ ביימער? שוועבע־לעך, נישט מער, געטריקנטע לאָקשן, נישט מער.

און דער קלוגער געמזאַר, וואָס איז שטענדיק פול מיט זיין אַרבעט, האָט זיך צום ערשטן מאָל באַליידיקט, ווען וואַסיל האָט „זיינע" וועלדער און „זיינע" ביימער אַזוי באַליידיקט...

— אַזוי גאָר, וואַסיל! שוועבעלעך נישט מער...

— אוודאי אַזוי...

— און ווו האָסטו געזעען בעסערע, גרעסערע ביימער?

— אין אַ סך ערטער, אָבער איבערהויפט אין קאַנאַדע, דאָרט זענען פאַראַן וועלדער, דאָרט שטייען ביימער, אַ כאַטע, נישט קיין בוים. צוואַנציק אייערע ביימער זענען צוזאַמען נישט אַזוי דיק...

קאַנאַדע...

יצחק, דער געוועזענער מענטש זיינער, שרייבט צו איב שטענדיק וועגן די לעגענדאַרישע וועלדער פון קאַנאַדע...

און ווען געמזאַר איז דערנאָך געגאַנגען צווישן די ברע־טער, האָט ער כסדר געטראַכט עפּעס וועגן וואַסילס ווערטער און געטראַכט עפּעס וועגן אַ בראַזיליע און וועגן אַ קאַנאַדע, ווו עס זענען פאַראַן אַזוי פיל וועלדער, מיט אַזעלכע דיקע ביימער... וואָס? אפשר גאָר איבערדרייסן מיט די שוועבעלעך־ביימער און אַוועק־גיין צו יענע ווייטע וועלדער, מיטנעמען בעלאַן מיט די קינדער און בויען אַ ביי לעבן... דאָ? קיין אמתן גרונט אונטער די פיס

האָט ער דאָ נישט. ער פֿילט זיך סײַ־ווי־סײַ פֿרעמד, און אויב שוין זיין אין דער פֿרעמד, איז שוין בעסער אויף אַזאַ שטיקל ערד, ווו עס שטייען די אוראַלטע נישט גערירטע ביימער...

אַ טראַכט געגעבן, עפּעס אומרויִק געוואָרן, כּמעט פֿרייליך און אומרויִק... און באַלד פֿאַרגעסן, אויפֿגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם.

דרך־ארץ און אַ פֿאַרבאָרגענע פֿאַראינטערעסירונג האָט ער געהאַט צו דעמדאָזיקן וואַסיל, כאָטש יענער האָט אַזוי געהוזקט פֿון זיינע ביימער...

די יעגערס, די רייכע לייט פֿון וואַרשע, וועלכע פֿלעגן אין ווינטער אויף יאַגד אַראָפּקומען, פֿלעגן ליב האָבן צו שמועסן מיט וואַסילן וועגן די ווייטע לענדער און וועגן ווילדע חיות, וועגן רירזיקאַלישע יאַגדן, נאָר ווען זיי פֿלעגן צושטיין, אַז וואַסיל זאָל מיט זיי מיטגיין אויף יאַגד, פֿלעגט ער אַ שמייכל וואַרפֿן און אַ מאַך טון מיט דער האַנט:

— וואָס? שיסן אַ האָז, כ'בין שוין צו אַלט זיך צו פֿאַרנעמען מיט קינדער־שפּילערייען. און ער פֿלעגט נישט גיין מיט די שטאָטישע.

וואַסיל טוט שטענדיק זיין אַרבעט שווייגנדיק. אַז מען וויל פֿון אים אַרויסבאַקומען אַ וויץ, אַ פֿלינק וואָרט, אַ העברעיִשע אַנפֿראַזע, אָדער אַ ביסל כינעזיש, מוז מען אים פֿריער גוט אָנפּיציען. וואַסיל איז אַ מאָדנער טיפּ, כּמעט אַ מיסטישע פֿיגור אין דעם געזינדל, וואָס דרייט זיך לעבן וואַלד און לעבן טאַרטאַק.

ער האָט אַ קליין הייזל אויפֿן פּלאַץ פֿון טאַרטאַק. דאָס הייזל זעט אויס, ווי אַ הינטישע בודע, און בײַ זיך אין הייזל האַלט ער קאַנאַרקעס, קראָליקעס און אַ יונגע סאַרנע. ער קלויבט בלעטער, גראָזן און גיט מענטשן רפֿואות... אין די אומעטיקסטע טעג פֿון האַרבסט, ווען עס נעמט טראָפּיען מיט אַ שווינדזיכטיק רעגנדל, הייבט ער אויף זיינע לאַנגע פֿיס און שפּרייזט אַוועק אין וואַלד... פּונקט ווי דאָרט וואַלט אַ קרוב געוואַרט אויף אים. אַזאַ ראַבינאָוויטש, נעמזאָרס בוכהאַלטער. ווען ער דערוויסט זיך, אַז וואַסיל איז

אוועק בלאָנדזשען אין וואַלד, זאָגט ער דאַן וועגן דעם געוועזענעם מאַטראָס.

— נו, יאָ, ער טרייבט שוין ווידער זיינע משוגעתן.

איינמאָל האָט אים נעמזאַר געטראָפן טיף אין וואַלד. ער איז דאַן צוריקגעפאָרן פון וויסאָקע. מיטאַמאָל רוקט זיך אַרויס וואַסילס געשטאַלט פון צווישן דיביימער:

— וואָס טוסטו דאָ? וואַסיל!

— גאָרנישט! איך האָב אַנטדעקט, ווו די הירשן געפינען זיך. צווײ „סאַמצעס" האָבן זיך באַגעגנט, שוין עטלעכע שעה ווי זיי שלאָגן זיך, אַ מחיה צו קוקן. און איר ווייסט צוליב וועמען זיי שלאָגן זיך, צוליב אַ „זי". פונקט ווי בײַ די מענטשן, איינער פון זיי וועט פאַלן טויט. זיי קאָנען זיך אַזוי שלאָגן מיט די הערנער אַ פּאָר טעג, איינער פון זיי וועט פאַלן, איך האָב עס שוין אַמאָל געזען... און ער ווערט צוריק פאַרשווונדן אין דער טונקעלער טי־פעניש פון די ביימער.

— משוגעק! — רופט זיך אָן נעמזאַר צו זיך אַליין און שמייכלט פון דעם וואַסיל, אַ מאָדנער מענטש, און ער האָט געהאַט אַ גוט געפיל צו דעם אַלטן וואַסיל...

*

דעמאָלט ווען קנישינסקי האָט זיך אַלץ מער באַפריינדעט מיט בעלאַ נעמזאַר, אין יענע טעג, ווען ער האָט נישט דורכגע־לאָזט קיין איין געלעגנהייט זיך צו באַגעגענען און שמועסן אַ ביסל, ווען אַ בליק האָט שוין אָנגעהויבן רעדן מער ווי אַ וואָרט און ווען דאָס וואָרט האָט באַקומען אַ געהיימען חן...

דעם חן פון ערב־ליבע, דעם חן פון אומרויקער בענקשאַפט...

פונקט אין יענע טעג, צו דער זעלבער צייט, איז נעמזאַר אַלץ מער אויפגעטראָגן געוואָרן מיט קנישינסקין. עס האָט מאָמענטנ־ווייז אויסגעזען, ווי אַ קאָנקורענץ:

מאַן און ווייב האָבן געזוכט די פריינטשאַפט, די אויפמערק־זאַמקייט פון דעם זעלבן קנישינסקי.

זי פלעגט פרעגן, בעת זי פלעגט קנישינסקין דערזעען דורך דעם אָפענעם פענצטער:

איר וועט אַריינקומען אַ ביסל נאָכמיטאָג?

און נעמזאַר, ווען ער פלעגט זיך קלויבן ערגעץ אין די נאָענטע וועלדער אָדער צו אַ פריץ:

— איר וועט מיטפאָרן? קנישינסקי!

נאָר איינער, וואַסיל, דער האָט קנישינסקין נישט ליב געהאַט. ער פלעגט נאָכקוקן: וויפיל מאָל גייט ער עס אַהין צו דער פאַני נעמזאַר? קיינער האָט נאָך פון גאָרנישט געטראַכט און ער האָט שוין געשאָלטן דעם בחור, וואָס קריכט צו אַ פרעמדנס ווייב. געשאָלטן האָט ער נישט אויפן קול, אין זיך, און געהאַסט אין זיך, נאָר קנישינסקי האָט באַמערקט וואַסילס בייזע בליקן אויף זיך און ער האָט געשמייכלט:

— זאָל עס זיין צוליב בעלאַן? אַזאַ געטרייער קנעכט. אים איז גוט. ער איז שוין אַלט העכער זיבציק יאָר.

ער פלעגט אָפט פאָרן מיט נעמזאַרן צוליב פאַרשידענע ענינים אין דער אומגעגנט. קנישינסקין פלעגט דאַן אויסקומען צו טראַכטן מער פון נעמזאַרן: אָט זיצן מיר ביידע צוזאַמען, ער פאַרטרויט מיר זיינע געדאַנקען, און איך דערצייל אים נישט, אַז איך בין שוין אַ סך נעכט צוליב זיין ווייב נישט געשלאָפן...

ווי לייכט מען קאָן אין לעבן אַריינפאַלן און ווערן אַ גענאַרער, אַ ליגנער. מיאוס צו זיין אַ ליגנער... אפשר אַוועקפאָרן פונדאַנען, ס'וואָלט געווען דאָס גליקסטע...

ער איז שוין געווען צו שטאַרק דורכגענומען מיט זיין געפיל צו בעלאַן און דערפאַר איז דאָס טראַכטן וועגן אַוועקפאָרן געווען בלויז אַ פוסטער געדאַנק, אָן מחשבות, אָן אַ רעזולטאַט. זאָל ער זיך גוט קאָנטראָלירן דער קנישינסקי, וועט ער זעען, אַז טיף אין האַרצן איז ער שוין אַ שונא דעם נעמזאַר, כאָטש יענער האָט אים קיין שלעכטס נישט געטון, כאָטש יענער איז אַן אָפּגעהאַרציקער מענטש, אַ בראַווער מענטש, אַ פלייסיקער...

זיצנדיק אויף דער בריטשקע, פלעגן די צוויי מענער רעדן

וועגן אַלץ און וואָס עס האָט זיך אין די אויגן געוואָרפן. זיי האָבן אַלץ זעלטענער גערעדט וועגן וואַלד, וועגן געשעפט. נעמזאָר איז אַזוי ווי באַלאַדן געוועזן מיט זיינע איבערלעבענישן פון רוסלאַנד. ער האָט זיך איינמאָל אַזוי אויסגעדריקט:

— איך האָב געהאַט מיין אינקוויזיציע, דעם גוף האָב איך געראַטעוועט, נאָר מיין נשמה איז אַ ביסל צעבראָכן, און אַ לייכטער טרויער, ווי אַ דינער רויך־וואָל, האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין פנים.

קנישינסקי האָט שוין געהאַט אַזאַ נאַטור. מער הערן און ווייניקער רעדן, אַזאַ ענגלישע רויקייט אין באַנעמען זיך מיט דעם צווייטן, אָבער נישט קיין קאַלטקייט. אַ סך מאָל פלעגט ער זיך כאַפּן, אַז ער שווייגט שוין צופיל, און דעמאָלט פלעגט ער זיך „אָנדרייען", ווי מען דרייט אָן אַ זייגער, אַ גראַמאָפאָן, און ער פלעגט רעדן פון אַלץ, פון יעדער קלייניקייט, אפילו פון זאַכן, וועלכע האָבן געהאַט אַ קנאַפּן שייכות צום מאָמענט.

איינמאָל האָט ער פשוט געזאָגט צו נעמזאָרן:

— פּאַניע נעמזאָר! איר זאָלט זיך נישט וווּנדערן און נישט האָבן אויף מיר קיין פּאַראיבל. ווען איך שוויַיג צופיל, זאָלט איר דעמאָלט נישט טראַכטן, אַז איך בין ווייט פון אייך און פון אייערע רייד, עס איז שוין אַזאַ נאַטור בא מיר דאָס שווייגן...

נעמזאָר האָט גענומען שמייכלען גוטמוטיק און אָפּגעהאַרציק:

— איך פאַרשטיי אייך גאַנץ גוט, קנישינסקי! און ווערט נישט אַנדערש, מיר וועלן זיך שטענדיק פאַרשטיין מיט ווערטער און סיי אָן ווערטער.

אין דער רגע איז דאָס נישט געווען קיין באַלעבאָס מיט זיין אָנגעשטעלטן. צוויי גלייכע זענען זיי געווען.

אין אַזאַ רגע פלעגט זיך קנישינסקי אין די געדאַנקען אָפּזעגענען מיט בעלאַן, מיטן וואַלד, מיט זיין רויקייט, וואָס ער האָט דאָ

דערגרייכט. עס פלעגט עפּעס אָנהייבן קלינגען אין די אויערן, אַ אָנזאָג, אַ פאַרבאָט, אַ באַפעל...

מען טאָר נישט געבאָרן, מען טאָר נישט, מען טאָר נישט...

מען טאָר נישט דערלאַנגען אַ מענטש פריינטלעך די האַנט און אין דער זעלבער צייט באַגנבענען. אַן אויפגעקורטשע־טער, אַ קלענערער ווי אַלע מאָל, פלעגט ער זיצן אין דער בריטשקע און שווייגן.

נעמזאַר טרייבט גוטמוטיקן עפּאָס פון אים:

— וואָס? פאַרחלומט זיך?... די נאַטור... עס ווירקט!

און קנישינסקי כאַפּט זיך אויף:

— יאָ, עס ווירקט, פּאַניע נעמזאַר, איר וואָלט וויסן, ווי עס ווירקט.

נעמזאַר האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיין „מענטש" מיינט מיט דידאָזיקע ווערטער.

ביידע האָבן פאַררייכערט און ווייטער געפאָרן. נאָר קנישינ־סקי האָט שוין איצט געזוכט ווערטער פאַר זיך און פאַר נעמזאַרן, נישט געוואָלט מער שווייגן, ווייל אין שווייגן טראַכט מען און אַז מען טראַכט, משפּט מען זיך אַליין.

איינמאָל האָבן זיי אויף אַזאַ רייזע גערעדט וועגן פרויען. ביידע זענען כמעט איינשטימיק געווען, אַז מען קאָן קיינמאָל נישט קומען צו דער פרוי מיט ספּעציעלע באַשולדיקונגען. די פרוי מיט דעם מאַן בשותּפות שאַפן די צייט און ביידע טראָגן די זעלבע פאַראַנטוואָרטלעכקייט...

נאָך אַ קורץ שווייגן, האָט נעמזאַר דער ערשטער ווידער גע־נומען רעדן:

— מיר האָט אין דער הינזיכט אַ ביסל אָפּגעגליקט, מיט מיין בעל־אַן האָב איך געטראָפן, זי האָט נאָך אַ שפּאָר ביסל פון נעכטן... אַ וואָרט איז אַ וואָרט, פליכט איז פליכט. דאָס זענען בײַ איר נישט קיין פראַזן, זי האָט ערגעץ נישט אויסגעלייענט, דאָס איז איר נשמה, און וואָס ווייטער דאָס פערדל האָט געטראָגן, אַלץ מער איז נעמזאַר מיט זיינע אויפריכטיקע ווערטער פאַרפאָרן קנישינסקין אין האַרץ אַריין:

— איך ווייס פון טויזנטער געשיכטעס, איך ווייס, אז פרויען גענארן, מענער גענארן. אָבער אז מען טרעפט, איז דאָס אַ גרויס געווינס... איך האָב געטראַפן... אַמאָל איז זי ברוגז, זי האָט אירע קאַפּריזן, איר כאַראַקטער. אָבער ווען איך קוק אויף איר, ווען זי קומט מיר אַנטקעגן צום קליינעם האַקזאָל אַפּוואַרטן, ווייס איך, אז דאָס קומט מיר אַנטקעגן דער אמת, אַ שיינער און אַ ריינער אמת. איר מיינט, קנישינסקי, אז איך זאָג איר דאָס אין די אויגן? ניין! ליבע איז אַ זאַך, וואָס דער צווייטער באַדאַרף אַליין פילן, און מיר דאַכט זיך, אז זי פילט און ווייסט, וואָס זי איז פאַר מיר...

קנישינסקי וויל אין דער רגע פאַרשטיין איין זאַך: צי געמזאַר רעדט עס צו אים מיט אַ ספּעציעלער כּיונה, אָדער דאָס איז צופעליק, און ער זיצט אַ ביסל אָנגעשראָקן, שווייגט און לאָזט געמזאַרן ווייטער רעדן:

— אָן איר... איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן. ווי איך האַלט זיך גענומען צו דער אַרבעט, אָפּט באַמערק איך זי נישט אַ טאָג, צוויי טעג, איך בין פאַרנומען מיט מיינע ענינים, איך פיל, אז זי ליידט פון דעם, נאָר ווייזט אויס, אז מיין אַרבעט פאָדערט פון מיר, אז איך זאָל מיך אפילו פון בעלאַן געדאַנקלעך אָפּרייסן, אָבער פּלוצלינג עפן איך די אויגן און איך דערזע, אז זי איז פאַר מיר אַלץ, מיט איר איז די וועלט גרויס און שיין, אָן איר — גאָר-נישט...

זאָל זיך שוין ענדיקן דער וועג. עס דאַכט זיך קנישינסקין, אז אַלע ביימער האָבן אויסגעשטרעקט זייערע שפּיציקע צווייגן גלייך צו אים אין האַרץ אַריין. שוין נישט געפונען פון וואָס צו רעדן! זאָל ער רעדן פון שטאָט, פון צאַפּ, פון קלעצער און ביי-מער זאָל ער רעדן, פון שפּענער זאָל ער רעדן, דער האָלד-סוחר, וואָס האָט ער זיך דאָ צעלאָזט מיט זיין סענטימענטאַלער פילאָזאָ-פיע, ווען זיין ווייב, ווען זיינע געפילן.

קנישינסקי איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס, אַ שפּיז איז אים נעקראָכן אין האַרץ און ער טאָר זיך אפילו מיט זיין האַנט נישט פאָרשטעלן...

אפשר חייסט ער שוין נעמזאַר, אַז ער, קנישינסקי, טראַכט נעכט פון זיין בעלאַ, פון זיין פרוי, ער, קנישינסקי, לויערט אויף איר, ווי אַ חיה אויף רויב... ער קאָן שוין פונדאַנען נישט אַוועק. אויב פריער איז אים די שטאָט טויט און וויסט געווען... טאָ וואָס וועט עס איצט פאַר אים זיין? אַ קבר.

עס שמייכלט צו אים איינע אַ שטאָלצע. נעכטן געשמייכלט און אייערנעכטן, מיט שטומע בליקן גייט ער צו איר. אַ פּאַטאַלע צוואַנג־האַנט פירט אים...

און אָט זיצט מיט אים איינער, וואָס פאַרטרויט זיך, איינער וואָס איז ווייט נישט קיין נאַר, נאָר מען קאָן אים דאָך מאַכן פאַר אַ נאַר...

און דאָס וויל ער נישט. ער וויל, אַז דער שטאָלצער גאַנ־צער נעמזאַר זאָל בלייבן שטאָלץ און גאַנץ, ער וויל זיין כבוד נישט אָנרירן.

אויב אַזוי באַדאַרפסטו אוועקפאָרן, קנישינסקי! אַוועקפאָרן. גאַנץ רויק אַרויפגיין צו זיך אין שטיבל, גאַנץ רויק איינפּאַקן די וואַליזקע און אַוועקפאָרן.

און קיינער האָט עס נישט געזען:

קנישינסקי האָט שוין עטלעכע מאָל איינגעפּאַקט זיין וואַ־ליזע און עטלעכע מאָל ווידער אויסגעפּאַקט...

עס פאָרט זיך נישט פונדאַנען. ער הייבט זיך אָן צו דער־מאַנען, זי האָט צו אים געשמייכלט, זי בעט אים יעדעס מאָל, ער זאָל אַריינקומען, זי האָט אים שוין אפילו איינמאָל פאַר זיין האַנט אָנגענומען, מיט זיינע פינגער זיך געשפּילט... עס איז איר דאָ לאַנגווייליק, אָן אים וועט איר דאָ נאָך לאַנגווייליקער זיין... יאָ, ער טאָר דאָס צוליב איר נישט טון, ער געפינט אַזאַ אויסרייד און פאָרט נישט אַוועק.

דערנאָך הייבן זיך אָן יסורים, איבערלעבענישן גאָר פון אַן אַנדערער זייט. עס קומען מאָמענטן, ווען אים דאַכט זיך, אַז די גאַנ־צע געשיכטע מיט בעלאַן איז נישט מער, ווי זיינס אַ נאַרישע פאַנטאַזיע, אַן אויסטראַכטעניש... אַ גרויסע זאַך, זי האָט צו אים געשמייכלט, זי האָט פולע אויגן מיט שמייכלען, שמייכלט זיך צו

אים, וואָס זאָל זי, וויינען? זי האָט זיין האַנט אין אירער גענו־מען... איז וואָס? זי איז דערצויגן געוואָרן אין מאָסקווע צווישן די רוסישע נשמות, האָט זי אויך אַ ביסל אַ רוסישע נשמה... נו, און ער קומט מיט אַ זויער פּנים, אָנגעבייזערט און אָנגעברוגזט אויף דער גאַנצער וועלט, צערטלט זי אים אַ ביסל מיט אַ גוטן בליק, מיט אַ גלעט איבער די פינגער. עס האָט אים פאַרדראָסן אויף זיך, עס האָט אים געקרענקט, וואָס ער קאָן דאָ נישט דער־גיין דעם אמת און ער האָט אַלץ געוואַרט דעם מאָמענט, ווען ער וועט קלאָר און ריכטיק אויפקלערן דעם פּלאָנטער און דאַן, ווען עס וועט קלאָר ווערן, אויב ער וועט דערזען, אַז זי האָט צו אים קיין געפיל נישט, דאַן וועט ער צוריק אַוועק אין דער וועלט אַריין... גרוי און נודנע וועט ווידער זיין דאָס לעבן.

די טעג זענען אַלץ קירצער געוואָרן. אין די אָנהייב אָוונטן פלעגן די קינדער מיט דער באָנע זיך נאָך שפּילן אין די חדרים פון נעמזאַרס גרויסער שטוב, דורכן פענצטער האָט מען געהערט זייערע אויסגעשרייען און שטיפערייען. דעמאָלט פלעגט קנישינסקי זיצן באַ זיך אויפן באַלקאָן און וואַרטן אויף דער שטילקייט. עס פלעגן אָפּשטאַרבן אַלע קלאַנגען פון דער אַרומיקייט, דאָס וואָק־זאַלכל אַרום איז אַזוי ווי אָפּגעשטאָרבן, אין די שעהן קומען נישט אָן קיין צוגן, אין די נאָענטע און ווייטע הייזלעך לעשן זיך די פייערלעך אין די פענצטער. פון די וועלדער אַרום — קיין קלאַנג, קיין שאָרך נישט, בלויז אין טאַרטאַק רוישן די גרויסע שנייד־מע־סערס פון גאַטער, אַזוי ווי איין גרויסער גריל וואָלט געגרילצט, אַ גריל, וואָס איז פאַרבליבן פון די אַלע אויסגעהאַקטע וועלדער... אָבער אַז מען הערט לאַנג דאָס סקריפּען פון שנייד־מאַשין, פאַר־טויבט עס דעם קאָפּ און עס דאַכט זיך, אַז מען הערט דאָס שוין נישט. רויק און דייטלעך פילט מען בלויז די שטילקייט, וועלכע פאַלט פון די הימלען, וועלכע קריכט פון די וועלדער און פון אונטער די וועלדער.

נעמזאַר איז אַוועקגעפאָרן. שוין אַ וואָך צייט, ווי ער איז אין דאַנציג. און קנישינסקי ווייסט, אַז בעלאַ שלאָפט נאָך נישט.

זי קלאָגט זיך שטענדיק, אַז ווען זי לייגט זיך פרי, שטייט זי אויף פרי און דאַן שלעפּט זיך דער טאָג נאָך לענגער.

ער קוקט אַריין אין איר פענצטער. זי זיצט בײַם טיש מיט אַ ביכל...

— פּאַני בעמזאַר!

זי דערהערט זיין קול און לאַנגזאַם לייגט זי אַוועק דאָס ביכל, לאַנגזאַם גייט זי צו צום פענצטער...

— איר וועט זיך אפשר אַ ביסל דורכשפּאַצירן? ס'איז אַ מאָדנע נאַכט, שוין נישט זומער און נאָך אַלץ זומער, נאָך נישט האַרבסט און שוין האַרבסט, פּונקט ווי די גראָזן מיט די בלעטער וואָלטן אַלט געוואָרן, און אַלטקייט איז ערנסט, אַלט איז קאַלט...

— די נאַכט האָט שוין געווירקט אויף אייך, קנישינסקי!

— און אויף אייך נישט?

— איך ווייס נישט, — ענטפערט זי, — אין מאָסקווע, אין מיינע גוטע יאָרן פלעגן די נעכט אַריבערגיין פריילעך, טומלדיק, נעכט באַגאָסן מיט טויזנטער עלעקטרישע לאָמפּן. אויף סימפאָנישע קאָנצערטן, אין דער אָפּערע. אויף באַלער... ווען האָב איך צייט געהאַט צו טראַכטן פון דעם, צי די נאַכט איז ערנסט, צי די נאַכט איז אַ חלום...

דערנאָך האָבן זיי ביידע שווייגנדיק און האַלב-שווייגנדיק געשפּרייזט צווישן די ברעטער. שמאָלע קאָרידאָרן צווישן די ברעטער און אַ פרישער ריח פון צעשניטענער סאָסנע שניידט די נאָזלעכער. זיי האָבן אָפּגעשפּרייזט אַ ביסל ווייטער פון די ברעטער און אַ ביסל ווייטער פון טאַרטאַק, זיי זענען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ שטיק פעלד, אויף וועלכן עס זענען געלעגן רונדע, אַרומגעשאָבענע קלעצער. אַ גרויסע פּוסטע וועלט האָט זיך געעפנט און די פּוסטקייט פון דער וועלט איז געווען צוגעדעקט מיט ווייטן אומבאַקאַנטן הימל.

אָפט, ווען מען דערזעט פּלוצלינג אַזאַ גרויסע ליידיקייט אַרום זיך, דערפילט מען זיך פרעמד צו דער וועלט און עס פאַרבענקט זיך צום אייגענעם ווינקעלע. ווי קליין דאָס ווינקעלע זאָל נישט זיין. עס ווילט זיך אַנטלויפן צו זיך.

זיי האָבן באַדאַרפט אַריבערשפּרייזן אַ קלאָץ, און קנישינסקי האָט אונטערגעכאַפּט בעלאַס אָרעם, וועלכער איז שוין אַזוי גע־בליבן אין זיין האַנט. ער האָט אַזוי ווי מורא געהאַט צו האַלטן זי אונטער דער האַנט און מורא געהאַט אָפּצולאָזן.

נישט ווייט פון זיי האָבן געלויכטן עטלעכע עלעקטרישע לאַמפּן אַרום קליינעם, שווייגנדיקן וואָקזאַלעכל, דער טאַרטאַק איז אויך געווען באַלויכטן, אומעטיק האָבן די בלאַסע לאַמפּן געקוקט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז פון דער געדיכטער פינצטערניש פון די וועלדער וועט זיך באַלד אַ שוואַרצע האַנט אַרויסרוקן און פאַרלעשן די לאַמפּן, וועלכע זענען אומגעבעטן אין דעם שוואַרצן געצעלט פון דער נאַכט אַריין.

ס'איז נישט געווען קיין נאַכט, וואָס מונטערט, גיכער איז דאָס געווען אַ נאַכט, וואָס דריקט, אַ נאַכט, וואָס צווינגט צו אומ־רויקייט...

שפּעטער אַ ביסל, ווען זיי זענען ביידע אויף אַ קלאָץ גע־זעסן, אייגער נאָענט צום צווייטן, כמעט צוגעטוליעט. שפּעטער, ווען זיי האָבן גענומען רעדן פון פאַרשידענע טעמען און קיין איינע נישט געענדיקט, האָט דעמאָלט קנישינסקי געטראַכט: „אויב זי איז אַרויס צו מיר, אויב זי זיצט מיט מיר אַזוי נאָענט, אויב...“

און ער האָט שוין מער נישט געטראַכט. ער האָט מיט איין האַנט אַרומגענומען בעלאַס קאָפּ, האַסטיק צוגעטראָגן זיינע ליפּן צו אירע און אַ קוש געגעבן, אַ קוש געגעבן בעלאַן און באַלד זיך דערשראָקן, ווייל ער האָט נישט געפילט, אַז בעלאַס ליפּן זאָלן ענטפערן מיט דעם זעלבן, ער האָט זיך דערשראָקן און געקוקט אַרום זיך און געוואַרט.

זי האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ און געקוקט. צוליב דער נאַכט האָט ער נישט געקאָנט זען, צי איר בליק איז בייז.

— מער זאָל דאָס נישט זיין! — האָט זי אָן אויפרעגונג אַרויסגערעדט.

— איר זענט שטאַרק אויף מיר אין כעס?

— נישט אין כעס, איך פיל אייך מיט און איך פאַרשטיי אייך. איך ווייס דאָך אַ ביסל פון אייער לעבן, איך ווייס, ווי איר

לעבט דאָ אין איינזאַמקייט, איך פאַרשטיי אויך, אַז איך געפעל אייך, איר זענט אפשר פאַרליבט אין מיר... אָבער מער זאָל נישט זיין דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען... זאָל מער נישט זיין...

— איך וועל מאָרגן אַוועקפאָרן...

— דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע שוואַכקייט פון אייך.

— און ווען איך זאָל יאָ אַוועקפאָרן...

— וועט זיין אַוועקגעפאָרן... נאָר מיר דאַכט זיך, אַז מיר וואָלט עפּעס געפעלט.

מער האָט ער נישט געוואָלט הערן און נישט געוואָלט רעדן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן איר פראַזע: „מיר וואָלט עפּעס געפעלט" און ער האָט נישט געוואָלט מיט קיין וואָרט, מיט קיין באַוועגונג קאַליע מאַכן די פרייד, וואָס דידאַזיקע ווערטער האָבן באַ אים אַרויסגערופן. אַלץ איינס, וואָס די ווערטער זאָלן נישט באַדייטן, נאָר זי וויל ער זאָל בלייבן, אַנדערש וואָלט זי דאָס נישט געזאָגט. איצט, באַכדעם, ווען ער האָט זיך דערלויבט... אַנדערש וואָלט זי דאָס נישט געזאָגט. געשוויגן, שוין נישט גערעדט וועגן גאָרנישט.

ער האָט זיך בלויז אָנגערופן:

— עס ווערט קילער... איר וועט גיין אַהיים...

ער האָט זי שווייגנדיק באַגלייט ביז צו איר טיר. דערנאָך איז ער אַוועק שפּרייזן הין און צוריק צווישן די ברעטער. דער קאָפּ האָט אים געבערענט און ער האָט כּסדר צו זיך גערעדט:

— אויב זי האָט מיך נאָך דעם קוש נישט אַוועקגעטריבן פון זיך, אויב זי האָט אַליין געזאָגט, אַז נאָך מיין אַוועקפאָרן וואָלט איר עפּעס געפעלט, אויב, אויב... און די פאַנטאַזיע זיינע האָט זיך צעשפּילט אינמיטן דער נאַכט, ווער ווייסט ווי ווייט די פאַנטאַזיע זיינע וואָלט אַוועק, נאָר פּלוצלינג איז אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן וואַסיל...

— וואַסיל!

— יאָ, איך בין עס, פאַניע קנישינסקי!

— וואָס הערט זיך? וואַסיל!

- גאַרנישט... אַמאָל דערמאַנט זיך עפּעס פון דער פאַרי
באַנגענהייט...

— וואָס דערמאַנט זיך ?

— בא אונז, אין אַמאָליקן רוסלאַנד, איז געווען אַ גרויסע
שיף „צאַר איוואַן”, מיין שיף, יאָרן געפאָרן אויף איר, און מיין קאַ·
פיטאַן אורוסאָוו האָט געהאַט אַ יונג ווייבל אויף דער יבשה. ווען
ער פלעגט אַוועקפאָרן, פלעגט קימען צו איר אַ צווייטער קאַפּיטאַן.
איינמאָל איז דער צווייטער קאַפּיטאַן געקומען צו אונז אויף דער
שיף, מיין קאַפּיטאַן האָט אים פאַרנאַרט. אינמיטן ים האָט ער איב
צוגערופן צום ברעג פון שיף-דעק און געטרעגט :

— קאַפּיטאַן ! איר זעט אַ רויך ? אָט דאָרט, אָט דאָרט...

— ניין ! כ'זע נישט...

— נו, אויב איר זעט נישט קיין רויך, דאַן פּילט, דאַן פיל,
סאָבאַקאַ, פייער ! און ער האָט אים אַ קויל אין שלייף אַריינגעשאָסן,
דערנאָך ווי אַ פגירה אין ים אַריינגעוואָרפן. געווען אַ משפט, מען
האָט אים, מיין קאַפּיטאַן, באַפרייט... יאָ... האַ ! וואָס בילן דאָרט
די הינט ? און וואָסיל איז פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די ברעטער
באַסן ארום טאַרטאַק...

VII

## מען קויפט וועלדער

צוזאַמען מיטן האַרבסט איז אין דאָמבראָווקע אָנגעקומען די־
שטענדיקע אומרויִקייט, וואָס פלעגט אַלעמען אַרומכאַפּן שטענדיק,
ווען דער זומער פלעגט אַוועק.

וואַלד...

אַלע האָבן געוואַרט, געניייגירט זיך צו דערוויסן צי געמזאַר
האָט שוין געמאַכט אַ טראַנזאַקציע, צי געמזאַר האָט שוין געקויפט
אַ ניי שטיק וואַלד. טאָג און נאַכט איז די דאָזיקע אומרויִקייט גע־
האָנגען איבער דאָמבראָווקע.

געמזאַרן אַליין איז נישט געווען צו דערקענען אין אַזעלכע
טעג. שווייגנדיק, קאָנצענטרירט, פלעגט ער אויסהערן ראַפּאָרטן פון
זיינע „מענטשן".

איינער פון זיי איז געפאָרן קיין וואַרשע צו אים, צום פריי־
אַליין, צום כראַבּיע בראַניצקי, דער צווייטער צו קאָסטניצקין, דער
דריטער צו דעם אָדער יענעם וואַלד־סוחר און נאָך איינער איז
געקומען פון שעדלעץ, ווו עס קומען פאָר די „טאַרגעס" אויף
רעגירונגס־וועלדער. די מענטשן ברענגען ידיעות, סודות... מען
שושקעט זיך, דער טעלעפאָן אַרבעט אַ גאַנצן טאָג, דעפּעשן
לויפן...

געקויפט, צי נישט געקויפט? די קלענערע אָנגעשטעלטע און
די אַרבעטער פלעגן קוקן צו די פענצטער און צו דער טיר פון

קאָנטאַר, בעוואַרט אויף אַ ידיעהלע. זיי האָבן געוואָלט דערגיין פון אַ וואָרט, פון אַ האַלב וואָרט...

וואָס הערט זיך? ווי האַלט עס? עס וועט זיין וואַלד אָדער נישט? און אַז וואַלד וועט זיין, וועט זיין אַרבעט אויף אַ גאַנצן ווינטער...

און נעמזאַר האָט צעשיקט שלוחים...

עס דאַרף געמאַכט ווערן איינע אַ גרויסע טראַנזאַקציע מיט בראַגיצקין, אָבער אויסער דעם קויפט מען קלענערע וואַלד־טיילן בײַ די קלענערע פּריצים.

דערוווּסט מען זיך אין דאָמבראָווקע, אַז דער אָדער יענער פּריץ וויל פאַרקויפן אַ ביסל וואַלד, רופט נעמזאַר אַריין איינעם פון זיינע אַנפאַרטרויטע.

— לאָכוויצקי וויל פאַרקויפן...

— יאָ?

— אַזוי רעדט מען...

— דאַרף מען זיך אַריינכאַפּן אין וואַלד און אויספאָרשן.

פאָרט בײַגינען אַרויס אַ ייד אויף אַ וועגעלע. ער פאָרט אַזוי אַ צען, אַ פופצן קילאָמעטער, ביז ער קומט צו לאָכוויצקיס וואַלד. ער קוקט זיך אַרום, גנבעט זיך אַריין אין וואַלד, ווי אַ חיה, ווי אַ גנב. קיינער טאָר אים נישט באַמערקן, ווייל די קאָנקורענץ איז גרויס, עס קאָן אַ צווייטער באַמערקן, אַז נעמזאַרס אַ מענטש פאָרט שאַצן לאָכוויצקיס וואַלד און דאַן וועלן זיך צום פּריץ אַ לאָז טון סוחרים און סוחרימלעך, מען וועט אויפשרויפן אַ פּרייז...

גנבעט זיך אַריין אַ מענטש און פּלאָנטערט זיך צווישן די ביימער, הייבט יעדע רגע אויף די אויגן און פאָרשט די ביימער, ווי אַ דאָקטאָר, צי עס איז נישטאָ קיין שוואָם, שטאַם־פויל, אָדער מורש, אָדער גאָר געדעקטע שוואָמען. דאָס זענען די קראַנקייטן פון די ביימער.

עס טרעפט גאַנץ אָפט, ווען אַזאַ מבין אויף וואַלד וויל באַטראַכטן אַ בוים און פּלוצלינג דערזעט ער פאַר זיך אַ ייד... אַ

ייד מיט א באָרד שטייט אים פּונקט אַנטקעגן און יענער מאַכט זיך, אַז ער זעט אים נישט...

דאָס איז א „מענטש" פון א צווייטן וואַלד־סוחר. יענער איז אויך דערגאַנגען דעם סוד, אַז לאַכוויצקי וויל פאַר־קויפן...

גייט צו איין ייד צום צווייטן:

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

— מיסט, נישט קיין וואַלד... האַ!

— אמת מיסט, גיט א קוק, אָט די צווי ביימער... מורש, פאַרפוילט...

— א ביסל שטאָם איז יאָ פאַראַן...

— אויך מיר שטאָם, אָנגעשוואָלענע ביימער, אינעווייניק פוילט אַלץ...

איינער דעם צווייטן האָט שוין גענוג פאַרזיכערט, אַז דער וואַלד טויג אויף כּפּרות. מיסט, נישט קיין וואַלד...

און מען גייט זיך פונאַנדער. דערנאָך טרעפט אָפט, אַז מען באַגעגנט זיך ווידער, טאַקע בא דעם פּריץ לאַכוויצקי, ווו מען איז געקומען אויסדינגען „דאָס ביסל מיסט", ווי זיי האָבן פריער אָנגע־רופן דעם וואַלד.

נעמזאַר אַליין מישט זיך נישט שטאַרק בא אַזעלכע קלענע־רע געשעפטן, ער פאַרנעמט זיך מיט בראַניצקין און דער עיקר מיט בראַניצקיס פאַרוואַלטער קאָסטעניצקי. ער פילט נעמזאַר, אַז איצט איז ער בא דעם פאַרוואַלטער אין די הענט, ער מוז בא אים אַרויסבאַקומען צושטימונג. עס גייט אין א גרויסן וואַלד, וועלכן מען וועט דאַרפן אויסהאַקן אין דריי ווינטערס.

און א מחנה גרויסע סוחרים האָבן זיך דערוווּסט דערפון. יעדן טאָג וואַרפט ווער פון זיי אַרויף צו עטלעכע טויזנט דאָלאַר, די קאָנקורענץ מאַכט די מענטשן בלינד. מען זוכט אַלע מיטלען: פּראָטעקציע, חניפה, אונטערקויף־געלט... נעמזאַר קריצט מיט די ציין, ער איז נישט געוווינט צו פירן זיינע געשעפטן מיט אַזעלכע מיטלען. אַמאָל איז אַנדערש געווען: די פירמע „נעמזאַר" האָט גע־

האָט אַ גרויסן נאָמען. אַ פּריץ האָט געהאַט וואַלד, פּלעגט ער זיך אַליין, ווענדן אין אַ געשעפט פלעגט געמאַכט ווערן מיט איין וואָרט, מיט איין דעפּעש... היינט איז אַנדערש: יעדער טאַנדעטניק, יעדער אויפגעקומענער און יעדער אָפּגעקומענער נעמט זיך צו וואַלד, מען מאַכט עס צו קלייניקייט.

נעמזאַר באַקלאָגט זיך:

— אויף יעדן בוים זענען פאַראַן צען סוחרים, מען קאָן דערשטיקט ווערן פון אַזאַ קאָנקורענץ... עך! יצחק איז גערעכט מיט זיינע בריוו פון קאַנאַדע. ער שרייבט, אַז בײַ אונז דאָ אין פּוילן זענען דאָ מענטשן, נאָר קיין ביימער זענען נישטאָ און דאָרט זענען ווייניק מענטשן פאַראַן, נאָר דערפאַר ביימער, ביימער, אָן אַ שיעור ביימער...

די אויגן פלעגן בײַ אים פריילעך לייכטן, ווען ער פלעגט רעדן פון גרויסע געשעפטן, פון גרויסע ביימער, און די אויגן פלעגן מיד זיך אַראָפּלאָזן, די ליפּן פלעגן זיך שליסן מיט כעס בײַ אים, ווען די הייגטיקע געשעפטן פלעגן זיך אָנשטויסן אויף אַלע קליינלעכע שטערענישן...

איבערהויפּט האָט אים געפייניקט קאָסטעניצקי, צו אַלע זיינע קאַפּריזן האָט ער זיך געמוזט צופּאַסן.

אַנומלט, אין אַ ליכטיקן האַרבסט־טאָג. דער טאַרטאַק האָט געאַרבעט מיטן גאַנצן אימפּעט. אין די שאָפּעס זענען אויף די אייזערנע וועגעלעך געקראָכן די רונדע קלעצער און פון דער צווייטער זייט שאָפּע פלעגט מען אַרויסוואַרפן נייאינקע, ליכטיקע ברעטער. און אַ ביסל ווייטער האָט מען די ברעטער סאָרטירט, דייטשן זענען געקומען פון בערלין און זיי האָבן אויסגעקליבן פאַר זיך סחורה. אַלע זענען געווען פאַרנומען און נעמזאַר האָט אינערלעך געקוואָלן פון דער אַרומיקער באַוועגונג, נאָר יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך דערמאַנט, אַז דער „זאַפּאַס" שעפּט זיך אויס, עס וועט שוין באַלד ניט זיין, וואָס צו שניידן, פלעגט אים דריקן אַ פאַרביטערניש... אַלץ דער קאָסטעניצקי. ער וויל נישט אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט, ער לייגט אָפּ, ער האָט צייט, דאָ וואַרטן הונדער-

טער מענטשן אויפן וואַלד און ער, קובאַ נעמזאַר, ער האָט שוין קיין געדולד נישט.

פאַרענדיקן דאָס געשעפט, אונטערשרייבן און אַ סוף.

נאָר קאָסטאַניצקי גליטשט זיך אַרויס פון זיינע הענט. שוין עטלעכע טעג, ווי ער קאָן אים נישט געפינען.

פלוצלינג האָט מען נעמזאַרן אָנגעזאָגט, אַז קאָסטאַניצקי געפינט זיך נישט ווייט. מען האָט אים געזען אין וואַלד, פינף קילאָמעטער פון דאָמבראָווקע, פון דער לינקער זייט, אויפן וועג צו מיסאָקע. ער איז געקומען אויף יאַגד, אויף קוראָפּאַטוועס, מען האָט אים געזען לעבן דעם וואַלד־הייזל פון גאַיאָווי אַנטאַני...

„איך מוז אים איצט פאַקן" האָט נעמזאַר אַ טראַכט געטון.

ער האָט איבערגעלאָזט עטלעכע פאַראָרדנונגען און אַליין איז ער אַוועק צופוס, צו דעם הייזל פון גאַיאָווי. ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט קאָסטאַניצקין. יענער האָט זיך מיט אים דערפרייט און אויסגעשריגן דערביי:

— אַ שאָד, פאַניע נעמזאַר, וואָס איר האָט נישט מיטגענומען אייער דובעלטווקע. איך לאָז זיך אַוועק אויף קוראָפּאַטוועס.

— ס'איז טאַקע איצט די בעסטע צייט, פאַניע קאָסטאַניצקי, איך ווינטש אייך גליק, אָבער איך זוך אייך צוליב אַנדערע ענינים... וואָס וועט זיין מיטן וואַלד ? דער כראַביע בראַניצקי, האָט מיר אין וואַרשע געזאָגט, אַז דאָס ווענדט זיך אינגאַנצן אָן אייך...

— נישט אָן מיר, פאַניע נעמזאַר, עס קומען סוחרים, יעדן טאָג, מיט בעסערע אָפּערטן...

זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט רעדן וועגן „וואַלד", וועגן באַדינגונגען פון דער גרויסער טראַנזאַקציע. נעמזאַר האָט כסדר געקוקט אויף קאָסטאַניצקין, ער האָט געוואָלט אַריינדרינגען אין דעם מענטש און דערגרייכן מיט וועלכע מיטלען אים צו נעמען. דער קאָסטאַניצקי איז אַמאָל געווען רייך, געווען אַ באַרימטער יחסן און איצט זענען אים בלויז געבליבן די פּריצישע קאַפּריזן און דאָס, וואָס ער וויל נישט פאַרן אין שטאָט צום רעיענט איז אויך נישט מער, ווי אַ פּריצישער קאַפּריז. נעמזאַר האָט אים געקוקט אין די אויגן און קאָסטאַניצקי האָט געקוקט צום וואַלד. ער איז געווען

אָנגעטאָן אין גרויסע שטיוול, אין אַ גרינעם יעגער-הוט מיט פע-דערלעך, אין אַ יעגערישער קורטקע מיט אַ יאַגד-טאַש און די ביקס איבער דער פּלייצע. אַזעלכע טיפּן זעט מען אויף די שאַב-לאָנע יעגער-בילדער, נאָר די הענט זענען געווען אַ ביסל לענגער פאַר די אַרבל און דאָס האָט אים געמאַכט קאָמיש. לעבן קאָסט-ניצקין איז געשטאַנען אַ כּלב אויך אויף אַזעלכע לאַנגע פיס, ווי זיין באַלעבאָס.

קאָסטניצקי האָט דעם הונט כּסדר געגלעט און גערעדט צו אים:

— זאַראַז, גאַי!

— טשעקאַי, גאַי!

פּלוצלינג האָט זיך דער הונט אַ ריס געגעבן פון זיין פּלאַץ. געהערן דאָרט צווישן צוויי וואַלד-ווענט אַ שטיקל לאַנקע. דער הונט האָט זיך מיט אַ משוגענעם אימפּעט געלאָזט לויפן איבער דעם אויסגעטריקנטן גראָז און קאָסטניצקי האָט אים נאָכגע-קוקט.

אַ מחנה פייגעלעך האָבן זיך דערשראָקן אויפגעריסן פון דער ערד, נישט הויך זיך אויפגעהויבן און באַלד צוריק אַראָפּגעפאַלן אויף אַ צווייטן פּלאַץ.

בײַ קאָסטניצקין האָט זיך אויסגעצויגן דער האַלז, די נאָז, די אויגן, ער האָט זיך געכאַפּט צו דער ביקס און אַ געשריי גע-טאָן, ווי אַ משוגענער:

— קוראָפּאַטוועס!

„קוראָפּאַטוועס" האָט אָפּגעענטפערט אונטער די וועלדער אַן עכאָ און נעמזאַר האָט זיך נישט אָריענטירט די ערשטע רגע, ער איז אַזוי ווי עלעקטריזירט געוואָרן פון קאָסטניצקיס אויסגעשריי.

קאָסטניצקי האָט גענומען לויפן צו יענעם פּלאַץ, וווּ זיין הונט, גאַי, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. קאָסטניצקי איז געלאָפן און נעמזאַר נאָך אים.

ער האָט אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן פון אויג, נישט פאַר-לירן אים.

היינט מוז ער אים צודריקן צו דער וואַנט. ער מוז בײַ אים אַרויסבאַקומען אַ צוזאָג, אַז דאָס געשעפט זאָל געשלאָסן ווערן.

— יאָ... און די געשיכטע מיט די קוראָפּאַטוועס קאָן אים העלפן, זאָל נאָר קאַסטניצקי דערזיסן עטלעכע פײגל, וועט ער זײַן אין אַ גוטער שטימונג, און אַז קאַסטניצקי וועט זײַן אין אַ גוטער שטימונג, וועט ער בײַ אים אַלץ דערגרייכן.

אָבער שוין צוויי מאָל איז „גאַי" פאַרשוווּנדן געוואָרן און צוויי מאָל צוריקגעקומען אַ פאַרסאַפּעטער מיט אַ רויטער צונג, וואָס האָט כּסדר זיך געוואָרפן אין זײַן פּיסק, ווי אַ רויט אומרויִק חיהלע...

און שוין צוויי מאָל האָט קאַסטניצקי געשאָסן...

— נישט געטראָפן.

ער איז שווייגנדיק געוואָרן. דאָס איינציקע וואָרט, וואָס מען האָט געהערט פון אים, איז געווען „פּשיאַ קרעוו".

זיי זענען עטלעכע מאָל אַרײַן און אַרויס פון וואַלד. דאָרט, ווו דער הונט פלעגט זיך אָוועקלאָזן, אַהין פלעגן זיך אויך זייערע פיס טראָגן. קאַסטניצקי לויפט און נעמזאָר נאָך אים. קאַסטניצקי נעמט שפּרייזן אויף די שפּיץ-פינגער, די ביקס אין האַנט. נעמזאָר שפּרייזט אויף די שפּיץ-פינגער, קיין ביקס אָבער האָט ער נישט. דערפאַר האָט ער געהאַט איין פאַרלאַנג צו גאָט, איין געבעט: זאָל זיך קאַסטניצקין אײַנגעבן, זאָל ער דערשיסן אַ פויגל, צוויי פײגל, זאָל זיך אים אײַנגעבן.

אָבער צום אומגליק זענען די קוראָפּאַטוועס דאָס מאָל זייער פלינק געווען, אָדער קאַסטניצקי האָט אינגאַנצן זײַן תּורה פאַרגעסן. ער האָט געקוקט אויף נעמזאָרן מיט בייזע אויגן, פּונקט ווי דער ייִד, דער וואַלד-סוחר, איז שולדיק אינגאַנצן.

זיי האָבן גערוט אַ ביסל. קאַסטניצקי האָט זיך גענומען באַרימען:

— אַמאָל פלעג איך שיסן צוויי מיטאַמאָל, דריי מיטאַמאָל. צום טייוול! וואָס איז דאָס היינט?

זיי זענען געזעסן בײַם ברעג פון וואַלד און דער הונט „גאַי" האָט געוואָרפן מיט די אויגן, ווי אַ צעמישטער.

האָט ער זיך ווידער אַ ריס געטון פון זיין פּלאַץ און ווידער געפלויגן הענדום־פענדום...

קאָסטניצקי נאָכן הונט און נעמזאַר נאָך קאָסטניצקין. די זע־נען אַרויפגעקומען אויף פריש־צעאַקערטע פעלדער, פויערישע ערד. עטלעכע פויערים האָבן דאָס באַמערקט, האָבן די גענומען שרייען:

— ס'איז נישט קיין פּריצישע ערד... ווו קריכט ער?

איז קאָסטניצקי בייז געוואָרן, ער האָט אָנגעשטעלט די ביקס אויף די פויערים:

— כ'וועל אייך ווייזן נישט קיין „פּריצישע", כ'וועל אייך ווייזן. די פויערים האָבן זיך אָפּגערוקט און די צווי, דער קריסט מיטן ייד, זענען ווייטער געלאָפן...

נעמזאַר האָט פּלוצלינג דערפילט די קאָמישקייט פון זיין לאַגע. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, פאַר די שטומע ביי־מער זיך פאַרשעמט.

„דער משוגענער לויפט און איך שפּרינג אים נאָך".

„מיין טאַטע האָט פון אַזעלכע צרות נישט געוווּסט".

„געווען אין מאָסקווע אַ וואַלד־קאָטאַר „נעמזאַר" און ווער עס האָט געהאַט אַ ענין, ווער עס האָט געוואָלט פאַרקויפן, אָדער קויפן אַ וואַלד, יענער איז געקומען צו נעמזאַרן".

און איצט לויפט ער נאָך אַ קאָסטניצקין און קאָן אים נישט כאַפּן, אַזוי ווי יענער קאָן די קוראָפּאַטוועס נישט פאַקן.

פון אָנהייב האָט נעמזאַר געהאַט אימפּעט און דער אימפּעט האָט אים געטריבן נאָכצולויפן קאָסטניצקין אין וואַלד און איבער פעלדער, איבער גראָזנס און דערנער. איצט ווען ער האָט זיך דערזען אין זיין לאַגע, איז ער בא זיך אַראָפּגעפאַלן, קיינמאָל האָט ער זיך אַזוי נידעריק נישט געפילט...

אָפּגעשטעלט זיך. זאָל ער דאָרט ברענען מיט זיינע קוראָ־פּאַטוועס! קאָסטניצקי איז אַנטלאָפן פאָרויס און נעמזאַר האָט גע־נומען זוכן דעם וועג צוריק.

ער האָט לאַנג געבלאָנדזשעט און אַזוי בלאָנדזשענדיק האָט ער זיך ווידער אָנגעשטויסן אויף קאָסטניצקין. ער און זיין הונט,

ביידע זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערן: קיין איין פויגל נישט דערשאָסן.

וועגן געשעפט שוין נישט גערעדט. אין אַזאַ רגע קאָן מען אַלץ באַגראָבן, מיט איין וואָרט קאָן מען קאַליע מאַכן. בעסער שווייגן, און נעמזאַר האָט געשוויגן. באַם געזעגענען זיך האָט צו אים קאָסטאָגיצקי געזאָגט:

— וועגן אַזעלכע זאַכן רעדט מען נישט פאַר פרעמדע, יאָ פּאַניע נעמזאַר! צי איך האָב יאָ געשאָסן קוראָפּאַטוועס, צי נישט געשאָסן, דאָס גייט דאָך אייך נישט אָן, אמת? איר קויפט דאָך בלויז וועלדער... אמת?

נעמזאַר האָט אים צוגעזאָגט צו שווייגן. ער האָט געאײַלט אַהיים. זיך געשעמט צו ווייזן פאַר אייגענע און פרעמדע. ער איז געווען צעקנייטשט, באַשפּריצט מיט ליים און פאַרשטויבט, איין אַרבל צעריסן. ווען ער איז געקומען קיין דאָמבראָווקע איז שוין געווען פינצטערלעך. ער האָט זיך אַריינגעגנבעט צו זיך אין שטוב און איבערדערציילט פאַר בעלאַן די געשיכטע פון אַזאַ טאָג...

— ווי געפעלט דיר? בעלאַ! מען קאָן ווערן אַ פּאַרטיקער לץ פון אַזעלכע געשעפטן.

זי האָט אים באַרויקט און דערביי געשמייכלט:

— נאַדיר קוראָפּאַטוועס. און ער האָט אָפּגעענטפערט שוין אַ באַרויקטער:

— אוי, קוראָפּאַטוועס... איך וועל זיי געדענקען...

*

אַ צוועלף קילאָמעטער פון דאָמבראָווקע ליגט דער רייכער פאָלוואַרק פון גענעראַל באַביצקי. דער גענעראַל אַליין איז שוין געשטאָרבן, געבליבן איז זיין פרוי, אַ הויכע שטאָלצע אַריסטאָקראַטין, מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר, וואָס רופט אַרויס צו זיך גרויס דרך־ארץ.

פאַראַן אויף די זייטיקע וועגן, ווייטלעך פון דער באַן און אפילו פון אַ שאָסיי, אַזעלכע אָפּגעזונדערטע שלעסער, פּריצישע

נעסטן. מען לעבט נאָך מיט טראַדיציעס פון נעכטן. אויפן פויער קוקט מען, ווי אויף אַ קנעכט, און דער פויער קושט די האַנט און בוקט זיך, אַזוי ווי פאַר הונדערטער יאָרן צוריק...

דורכגעגאַנגען אַ שטורם, אַ ווילדע מלחמה, האָבן עס די מענטשן אָנגענומען פאַר גאָטס שטראָף. מען איז ווידער געקומען אין די אַלטע נעסטן, מען פרוווט לעבן ווי אַמאָל, אָבער די נייע צייט קריכט אויך אַהין אַריין...

די מלחמה האָט אַרויסגעריסן דעם וווילטאָג, נישט אַלע פּאַלאַצן קאָן מען פאַרריכטן, נישט אַלע פאַרלאַנגען פון נעכטן קאָנען איצט אויסגעפירט ווערן.

די גענעראַלשע איז געווען אַזאַ פריצטע פון נעכטן. פאַרשלאָסן אין זיך, געחברט זיך נאָר מיט אירס גלייכן און ליב געהאַט דעם מאַיאָנטעק, יעדעס ביימעלע ליב געהאַט.

אין דאָמבראָווקע האָט מען גאַנץ אָפט גערעדט וועגן איר, גערעדט האָט מען נישט דערפאַר, ווייל מען האָט זיך אינטערעסירט מיט איר פערזאָן, מיט איר פאַרגאַנגענהייט, מיט איר געשמאַק און קאַפּריזן. ניין! דאָס איז זייער ווייניק וועמען אָנגעגאַנגען. דערמאָנט האָט מען זי דערפאַר, ווייל זי האָט פאַרמאָגט אַ שיינעם וואַלד פון עטלעכע קוואַדראַט-קילאָמעטער, אַ וואַלד פון גלייכע, שלאַנקע סאָסנעס מיט אַ געזונטן-שטאַם, מיט ווייניק שוואָמהאָלץ. אַ גרויסער וואַלד, אַ רייכע ירושה פון גענעראַל. דער וואַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ צוויי הונדערט טריט פון באַביצקיס פאָלוואַרק און עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק, אַז די ביימער זענען זעלנער. אַ סך זעלנער, אַ געוואַלדיקער מיליטער-קאָרפּוס מיט אַ שטרענגער דיסציפּלין, אין סימעטרישע מאַרש-רייען. עס האָט אויסגעזעהן, אַז זיי וואַרטן אויף דעם גענעראַל, אויף זיין באַפעל...

דאָס איז געווען אַ שטרענגער רוסישער מיליטער-פירער, נאָר אין געהיים האָט ער ליב געהאַט פוילן און זיין חלום איז געווען, צו באַפרייען זי פון די זעלבע הערשער, וועלכע ער האָט געדינט. נאָך אין יענע צייטן, ווען מען האָט זיך נאָך נישט געריכט אויף אַזאַ שרעקלעכע מלחמה און אויף אַזעלכע גרויסע איבערקערענישן, דעמאָלט, ווען אַ ייד פלעגט קומען צו אַזאַ פּריץ ווי באַביצקי

און פאַרלייגן אָפּצוקויפן דעם וואַלד, פלעגט מען דעם ייד אַרויס־שליידערן פון טויער.

און די וואַלד־סוחרים פלעגן נישט אָפּלאָזן. יידן־מעקלערס זענען געקראָכן ארום פאַרקאַן פון גענעראַל באַביצקיס שלאָס און גאָרנישט אויסגעפירט.

נאָר דער גענעראַל איז שוין טויט און די גענעראַלשע האָט עקשנותדיק ליב דעם וואַלד און אין דאָמבראָוועקע רעדט מען:

— די אַלטע האָט זיך אייגעשפּאַרט, זי וויל דעם וואַלד נישט פאַרקויפן.

— אַ משוגעת, אַ נאַרישקייט! צוליב דעם וואַלד, אויף וועלכן געמזאַרס טאַרטאַק וואַרט, צוליב דעמדאָזיקן וואַלד האָט מען כסדר דערמאַנט דעם נאָמען פון דער אַלטער, מען האָט זיך אויף איר געבייזערט. אַ סך וועלדער ארום האָט מען שוין אָפּגעקויפט און אויסגעהאַקט און יענער וואַלד האַלט זיך צוליב דער עקשנות פון אַ גרויער פרוי. געמזאַר האָט עטלעכע מאָל געמאַכט פּרוּוון, פאַרגעלייגט גוטע פרייזן און פון „הויף" האָט מען בייז אָפּגעענטפערט.

עס זענען געקומען וואַלד־סוחרים פון ביאַליסטאָק, פון וואַרשע און אַלע זענען שטענדיק אוועק מיט גאָרנישט. די סוחרים האָבן שוין אַליין געוווסט, אַז כּל־זמן די אַלטע לעבט, וועט אויך דער וואַלד לעבן.

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד...

געמזאַרס שנייד־מעסערס פון טאַרטאַק זענען שאַרף און זיי גלאַנצן, ווי ליטער וואַסער פון זון באַלויכטן. געמזאַר האָט פאַרבינדונגען מיט די גרעסטע וואַלד־קאַנטאָרן פון גאַנץ אייראָפּע. מען קאָן פון אַזאַ וואַלד עפּעס מאַכן. מענטשן האָבן שוין דעם וואַלד מיט די אויגן לאַנג אָפּגעשאַצט און אויסגעמאָסטן. אַ געוואונטשער וואַלד, אָן שוואָם, אָן בראַק...

אָן אַלטער וואַלד, און די באַלעבאָסטע זיינע איז שוין אויך גענוג אַלט. מאָדנע קאַפּריזן האָבן זיי די פּריצים... און וואָס מיינט זיך אַזאַ פּריצטע? זי וועט אייביק לעבן? זי וועט דעם וואַלד אויף יענער וועלט מיטנעמען.

שלעכט געווען. דער וואלד האט אלעמען געריסן די אויגן און די אלטע וויל נישט פאר'ויפן.

אבער איינמאל פארנאכט האט מען פון פאלווארק אנגע-קלונגען צום פאן נעמזאר. אפגענומען דעם טעלעפאן האט דער בוכהאלטער ראבינאוויטש.

— ווער רעדט?

— איך, גענעראלשע באביצקא...

— ווער? וואס?

בא ראבינאוויטשן זענען די אויגן גרויס געווארן.

— דער פאן נעמזאר איז אין וואלד, מיט וואס קאן איך איך דינען? עס רעדט נעמזארס בוכהאלטער.

— גוט, זאל פאן נעמזאר מארגן זיין בא מיר, איך וויל רעדן וועגן מיין וואלד.

און אין עטלעכע מינוט האט שוין דאמבראווקע געוווסט. אלע האבן געוווסט, אז פון „הויף" האט מען געקלונגען צו נעמ-זארן, די אלטע וויל פארקויפן דעם וואלד.

עס איז געווען א סוד, נאר איינער דעם צווייטן האט דעם סוד פארטרויט און דערביי פארשווירן, אז יענער זאל מער קיי-נעם נישט דערציילן. אלע האבן שוין געוווסט און אלע האבן געציטערט, אז נעמזארס קאנקורענטן זאלן זיך וועגן דעם נישט דערוויסן. איין ראבינאוויטש איז געווען רויק:

— קיינעם וועט נישט לוינען צו געבן אזא פרייז, ווי מיר גיבן. מיר האבן דאך אזוי נאענט דעם טארטאק...

„מיר".

אזוי פלעגט ער זיך שטענדיק אויסדריקן.

— אבער איך האב געוווסט, אז דער וואלד וועט ארייגפאלן צו אונז, איך האב געהאט א פארגעפיל.

ער איז גליקלעך און אויפגערעגט פון דער געשעעניש. אלע ארום טארטאק זענען מונטערער געווארן. מען האט גע-רעדט:

— ס'וועט שוין זיין א גוטע סעודה פאר די גא-טארס...

— מען וועט זיי צעשניידן די ביימעלעך...

און דאָרט איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקער, הונדערט-יעריקער וואַלד, האָט געחלומט חלומות פון אייביקייט. געשטאַנען אַ וואַלד אַ שטומער, אַ טויבער און נישט געהערט דעם ביזן פּסק-דין. און אפשר האָט זיי דער ווינט געבראַכט די בשורה פון די מענטשן?

אַ טאַרטאַק האָבן זיי דאָ אויפגעבויט, אַוועקגעשטעלט ביי-זע, שאַרפע מאַשינען און וואָס דעם מענטש ווילט זיך, דאָס מאַכט ער פון די ביימער. נישטאָ קיין רחמנות, ווען פון בערלין און פון לאָנדאָן קומען אָן באַשטעלונגען, אויף זיבן און דרייסיק צעליקע און אויף ניין און צוואַנציק צעליקע ברעטער...

נעמזאַר איז אין אָנהייב אַליין נישט געפאָרן צו דער באַביצ-קאַ, ער האָט געשיקט ראַבינאָוויטשן מיט אַ באַפולמעכטיקונג. די אַלטע האָט דערציילט, אַז די קינדער נעמען זי צו קיין פּאַריז און זי באַדאַרף געלט...

נאָך ראַבינאָוויטשן זענען געפאָרן אַנדערע פון נעמזאַרס מענטשן, מען האָט עטלעכע טעג דעם וואַלד געמאָסטן און געשאַצט. דערנאָך איז מען דורכגעקומען מיט דעם פּרייז און נעמזאַר אַליין איז געפאָרן פאַרענדיקן. צוויי בריטשקעס זענען אַריינגעפאָרן אין „הויף". אין דער ערשטער בריטשקע זענען געזעסן נעמזאַר מיט קנישינסקין, אין דער צווייטער בריטשקע ראַבינאָוויטש מיט אַ גאַנצן שטאַב געהילפן.

מען איז געפאָרן דורך וואַלד, כסדר דורך וואַלד. דאָ און דאָרט האָט מען געזען אַ שטיק חורבן. דאָ אויסגעהאַקט אַ קוואַד-ראַט וואַלד און דאָרט פעלט ווידער אַ שטיק גרין לעבן, עס וואַלגערן זיך אויף דער ערד פאַרפוילטע סכך-צווייגן מיט שוואַר-צע נאָדלען, עס קוקט אַרויס אַ נאַקעטע קני פון אַ בוים, פון אַ סך ביימער.

דער עולם פון דער צווייטער בריטשקע האָט זיך גע-וויצלט:

— סוף כּל סוף איז זי איינגעגאַנגען די אַלטע...

— אַז מען באַדאַרף געלט, איז פאַרפאַלן, ברודערקע!

— צי די פריצים באַדאַרפן געלט, גיב זיי אַ טייך מיט גאָלד איז אויך ווייניק פאַר זיי.

און עס הייבן זיך אָן מעשיות פון פריצים, וועלכע פאַרהוליען מאַיאָנטקעס. עס פליען איצט בעמען פון פוילישע גראַפן, פון רוסישע פירשטן.

אין דער ערשטער בריסקער רעדט מען נישט. געמזאַר איז אַריין אין זיך, צי ער טראַכט פון דעם נייעם געשעפט, וואָס ער גייט איצט מאַכן, צי ער טראַכט פון אַנדערע זאַכן...

אפשר פון בעלאַן?

זי האָט די טעג מיט אים געהאַט אַ שמועס. זי האָט בא אים געפרעגט:

— דו ווילסט טאַקע, אַז איך זאָל דאָ בלייבן מיט די קינדער אַ גאַנצן ווינטער?

און ער האָט איר געענטפערט:

— איך וויל דאָס און איך וויל, אַז דו זאָלסט עס אויך וועלן. אויב עס וועט זיך מיר איינגעבן צו קויפן אויך בא בראַניצקין דעם וואַלד, וועט אין דעם ווינטער זיין אַ סך אַרבעט. איך וועל אויף אַ רגע פונדאַנען נישט אַרויספאָרן און איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין לעבן מיר, איך וויל דאָס שטאַרק, בעלאַ! פאַרשטיי מיך...

צי זי האָט אים פאַרשטאַנען, דאָס האָט ער נישט געוווּסט, נאָר אַז זי האָט פון זיין באַשלוס גרויס קלעמעניש, דאָס האָט ער גוט געזען אין איר בליק.

איצט זיצט ער דאָ און שווייגט. קנישינסקי — דאָס זעלבע. שטענדיק, ווען ער פאַלט אַריין אין אַזאַ כאַאָס פון ביימער, פאַרלירט ער דאָס לשון, עס פּלאָנטערן אים זיך אין קאָפּ קינדערשע דערינערונגען, פון יענע טעג, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל אַ וואַלד דערזען, און אפשר דערמאַנט זיך אים עפּעס פון נאָך פאַר אים, פון אוראַלט, פון פאַרגאַנגענע דורות, ווען די וועלט איז איבגאַנצן מיט וואַלד געווען באַדעקט.

די בריסקע שטעלט זיך אָפּ בא אַ געמויערטן פּאַרקאַן און בא אַ טויער מיט צוויי צעשערבלטע פיגורן. פון אַ גרויס ווייס הויז קוקן אַרויס עטלעכע פענסטער.

נעמזאַרן מיט קנישינסקין האָט מען פאַרבעטן אין די צימערן פון פאַלאַץ, דער עולם פון דער צווייטער בריטשקע מיט דעם „שטאַב" זענען געבליבן אויף דער גאַס. דאָרט אינעווייניק איז געווען געגרייט אַ טיש. עס זענען געווען: אַ רעיענט פון ביאַליסטאָק, ער איז ספּעציעל געקומען, כּדי צו באַשטעטיקן די קניה, עס איז אויך געווען אַ קרוב פון דער גענעראַלשע, אַ קרוב אירער און אַ פּאַרוואַלטער אינאיינעם.

די גענעראַלשע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קלייד. אירע ווייסע האָר האָבן אויסגעזען צוליב דער שוואַרצן קלייד נאָך ווייסער. מען האָט צום אָנהייב זייער ווייניק גערעדט, שטייף געווען. נאָר דער רעיענט האָט דער ערשטער געזאָגט:

— פּאַנאָוויע! מען קאָן צוטרעטן צו דער זאַך. נאָר אויב די באַלעבאָסטע וויל, וועלן מיר פריער אָנגיסן צו גלעזלעך...

נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעטרונקען און צוגעביסן, איז די שטימונג געוואָרן אַ פרייערע.

אין שמועסן האָט דער רעיענט צוגעטראָגן די פּאַפּירן.

מען האָט עס אונטערגעשריבן און ווידער צוגעטרונקען צו גלעזל קאָניאַק. אַ ווייסער הונט, אַן עכטער כאַרט איז געלעגן בײַ די קני פון דער גרויער באַלעבאָסטע. אויף די ווענט בילדער פון פּוילישע אַריסטראָקאַטן, אַלטע בילדער, אַן אַלטער קלאַוויר און אַלט מעבל. די פרוי פון גענעראַל האָט כּסדר געקוקט אין פענצטער און צוגעשאָקלט מיט דעם קאָפּ:

— מ'ר דאַכט זיך, אַז איך האָב היינט עמעצן באַגראָבן.

דער רעיענט, אַ קליינער און אַ דאַרער מיט אַ ראָזאָווען שטערן און ריינע, ווייסע האָר בײַ די שלייפן, ער האָט זיך אָנגערופן:

— איר באַדויערט דעם וואַלד, פּאַני גענעראַלאָוואַ, היינט איז שוין אַזאַ וועלט, מען באַדאַרף נישט קיין וועלדער, מען האַקט זיי אויס, מען האַקט זיי אויס...

נעמזאַר מיט קנישינסקין זענען געזעסן, ווי אויף הייסע קוילן, זיי האָבן מיטגעפּילט דער אַלטער. אָבער ווער באַדאַרף וויסן אַזעלכע סענטימענטן? ווער? נעמזאַר? זאָל ער נישט קויפן דעם

וואַלד, ווען זי דאָ האָבן צוואַנציק אַנדערע קונים. ער, נעמזאַר, האַקט וועלדער, ער האָט צוליב די וועלדער אַ גרויסן טאַרטאַק דאָ אויסגעבויט, מיט גרויסע שנייד-מאַשינען און די מאַשינען זע-נען אַזוי ווי ריזיקע חיות, זיי באַדאַרפן פרעסן און פרעסן. וואַלד-קלעצער איז שפּייז פאַר זיי און מען קאָן זיי גאָרנישט אַנזעטיקן... און דער קנישינסקי האָט יאָ ליב די וועלדער, אָבער ער פאַר-מאָגט נישט אפילו אויף איין בוים אָפּצוקויפן. נישט אין זיין מאַכט ליגט עס איינצוהיטן די וועלדער, אָדער אויסצוהאַקן די וועלדער. ער גייט אַרום און חוזקט אַ ביסל פון דער וועלט און רופט יעדע זאַך אָן מיט אַן אויסגעטראַכטן נאָמען. נעמזאַרס טאַרטאַק האָט ער אַ נאָמען געגעבן:

— דאָס שעכט-הויז.

און נעמזאַרס אַלע מענטשן הייסן בא אים:

— די שוחטים.

זיי שעכטן, ווי די אמתע שוחטים, ווען מען לאָזט, וואָלט אַזאַ חברה קיין איין בוים אויף דער ערד נישט געלאָזט. קנישינ-סקי איז שוין איצט אין זיינע טעג געווען גלייכגילטיק צו אַ סך זאַכן. פון אַ שרייבער געוואָרן אַ משרת... אַלצאיינס, אַבי אַ ביסל רויקייט, אָבער טיף אין האַרץ האָט ער די וואַלד-שוחטים נישט ליב געהאַט.

ער איז איצט געזעסן בא דער באַביצקאַ אין דעם אַריסטאָ-קראַטישן צימער און אַ שטיק פרעמדע פאַרגאַנגענהייט האָט אים געשוועבט פאַר די אויגן. ער האָט געטראַכט פון די אַמאָליקע פריצים, פון זייער רייך פריי לעבן, ער איז עפּעס מקנא געווען די אויסגעשטאָרבענע דורות פון די יחסנים... נעמזאַר האָט אים אַ רוף געטון:

— קנישינסקי! מיר פאָרן צוריק.

די אַלטע פריצהטע איז זיי אַרויסגעגאַנגען באַגלייטן, אויף דער טעראַסע האָבן זיי זיך געזעגנט. אין דער לעצטער רגע האָט די אַלטע אָנגעוויזן אויפן וואַלד, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אויס-גערופן:

— זייט געזונט, מיינע ביימעלעך!

פונוווייטגס האָבן ביידע, נעמזאַר מיט קנישינסקין, געזעען, ווי די אַלטע ווישט די אויגן.

די צווייטע בריטשקע איז אַוועקגעפאָרן אין באַביצקאַס וואַלד אריין, נאָכאַמאָל באַטראַכטן, מעסטן און ציילן. איצט איז דאָס שוין נעמזאַרס וואַלד, מען דאַרף זיי אָנזאָגן, די ביימער, אַז מיט זיי וועט מען זיך לאַנג נישט שפּילן.

אַהיים קיין דאָמבראָווקע זענען געפאָרן בלויז נעמזאַר און קנישינסקי.

זיי זענען געפאָרן צוריק און ווידער נישט גערעדט. עס קאָן זיין, אַז יעדער איינער פון זיי האָט געטראַכט דאָס זייניקע און עס קאָן זיין, אַז ביידע האָבן געטראַכט פון דאָס זעלבע, אָדער ביידע האָבן געפילט דאָס זעלבע.

זיי זענען געפאָרן דורך דעם שווייגנדיקן וואַלד. איצט גע־הערן שוין דידאָזיקע ביימער נישט צו דער אַלטער פּריצהטע. איצט נעמזאַר הייבט אויף די אויגן, ווייסט קנישינסקי, אַז אין דער רגע ווערט אָפּגעשאַצט אַ בוים...

קנישינסקי אַליין פילט שוין דאָס אויך אַ ביסל, אַז ער דערזעט אַ גוטן בוים, אַ גלייכע סאָסנע אָן סענקעס, גיט ער אין זיך אַ טראַכט: אַ טייערער בוים, אַ גוט שטיקל האָלץ!

יאָ, ער לערנט זיך דאָ אין וואַלד.

ער ווייסט שוין אַ סך...

אַ בוים באַשטייט פון דריי טיילן, די אונטערשטע טייל הייסט שטאַם, דערנאָך גייט „מיטל", דערנאָך „צאָפּ"... דער שפּיץ פון בוים הייסט „צאָפּ", אַ שיינער פּאָעטישער נאָמען, יעדער בוים האָט אַ צאָפּ, נאָר גראָד דער שפּיץ פון בוים מיטן צאָפּ אינאיינעם, דאָס איז דאָס ביליקסטע פון בוים...

מיטאַמאָל רופט זיך אָפּ נעמזאַר:

— וועגן וואָס טראַכט איר? קנישינסקי!

— אין וואַלד טראַכט איך פון וואַלד.

— וועגן דער פּאָעזיע פון וואַלד?

— ניין... אפילו וועגן שטאַם און צאָפּ טראַכט איך אויך.

נעמזאַר ענטפערט:

— דאָס איז אויך פּאָעזיע, אפילו שוואם, אפילו די קראנקע ביימער האָבן אין זיך אַזאַ טרויעריקע, אַזאַ שווארצע שיינקייט און די אַלטע, וועלכע פאַרט איצט אוועק קיין פּאַריז, זי וועט נישט זעען, ווי די ביימער פאַלן, זי וועט ביזן לעצטן אָטעם חלומען פון איר וואלד, ער וועט איר פאַר די אויגן שטיין, ווען די ברעטער וועלן שוין זיין אין דייטשלאַנד, צי אין ענגלאַנד. יעדער איינער האָט זיך זיין חלום...

קנישינסקי רייסט איבער נעמזארן:

— אָבער זייערע חלומות זענען גאָר אַנדערע, ווי בא אונז יידן.

— ווייל זיי ווערן אַנדערש געבוירן, אַנדערש דערצויגן... צום ביישפיל נעמט אַזאַ זאַך ווי יאַגד. איר האָט עפּעס ליב זיך צו יאָגן נאָך חיות, דערשיסן זיי און דערנאָך פּראַוון יום-טוב?

— איך? איך האָב זייער ליב יאַגד, נאָר...

— וואָס — נאָר?

— נאָר איך האָב נאָך קיינמאָל קיין ביקס נישט געהאַלטן אין מיין האַנט.

— אָבער נישט דאָס, פּאַניע נעמזאר? איך האָב געוואָלט רעדן וועגן דער אַלטער באַביצקאַ. איר האָט געזען, ווי די הענט האָבן בא איר געציטערט, ווען זי האָט אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך. דערנאָך דאָס געזעגנען זיך מיטן וואַלד: „זייט געזונט, מיינע ביימעלעך!" איך וויל און איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, אַז מיין באָבע זאָל אַזוי רעדן צו אַ וואַלד און וויינען צוליב די ביימער.

נעמזאר האָט דאַכט זיך נישט געהערט, וואָס קנישינסקי רעדט. ער איז איבערגעזאַנגען ווידער צו יאַגד:

— איר קאָנט קיין ביקס נישט האַלטן?...

— ניין! פונוואַנען? פון וואָס? קיין זעלנער נישט געווען...

— און איך קאָן יאָ האַלטן אַ ביקס, און בין שוין געווען נישט איינמאָל אויף יאַגד, איך ציל און טרעף כמעט שטענדיק, נאָר ערגעץ אינעווייניק אין האַרץ איז מיר דער גאַנצער ענין פרעמד, בא זיי איז דאָס גאָר אַנדערש. איר האָט געדאַרפט זען זייערע אויגן דער מענטש באַקומט, ווען ער לויערט אויף אַ חיה, אויגן פון אַ חיה באַקומט ער... איר קענט דאָך קאָסטעניצקין, בראַ-

ניצקעס פּאַרוואַלטער, איך רוף אים דער צאַפּל־מענטש, ווייל די־פיס טאַנצן בײַ אים באַזונדער, די הענט באַזונדער, אַט באַלד צע־פאַלט ער. מיט דעם קאָסטניצקין האָב איך געהאַט די טעג אַ באַ־געגעניש אין וואַלד, ער איז געקומען שיסן קוראָפּאַטוועס. איר האָט אים באַדאַרפט זעען. מיט די לעצטע כּוחות איז ער געלאָפן, קוים געסאָפּעט און קוים געלאָפן. הלוואי וואָלט ער דעמאָלט געשאָסן אַ צוויי קוראָפּאַטוועס, איך וואָלט זיין גליק אויסגענוצט, ער וואָלט שוין אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך...

ער איז געוואָרן אָפּנהאַרציק בעמזאַר און אויסדערציילט פאַר קנישינסקין די גאַנצע געשיכטע מיט די קוראָפּאַטוועס, ביז קני־שינסקי האָט זיך צעלאַכט:

— ער איז געלאָפן און איר זענט נאָכגעלאָפן ?

— כ'האָב קיין ברירה נישט געהאַט...

— ער האָט געוואָלט כאַפּן אַ פויגל און איר דעם גאַנצן וואַלד?

— דער וואַלד וועט סיי־ווי זיין מיינער ! און דאָס געשפּרעך האָט זיך אָפּגעריסן, בעמזאַר האָט זיך געפילט געטראָפן פון זיין אָנגעשטעלטן...

## VIII

# דער דריטער ברודער

פאַלק איז געווען דער ייִנגסטער. ער איז געזעסן אין פּאַריז און ווי שטענדיק געפאָדערט געלט, וועלכעס קובאַ נעמזאַר פלעגט איצט אַליין זעלטענער שיקן.

— איך קאַרג נישט דאָס געלט, — פלעגט ער זיך פאַרענטפערן פאַר בעלאַן — איך קאַרג נישט... וואָס איז געלט בײַ מיר? בראַניצקי האָט בײַ מיר פאַר אַ שטיקל וואַלד געגעבן הונדערט טויזנט דאָלאַר, שפּעטער האָט אים קאָסטניצקי אָנגערעדט, אַז דאָס איז ביליק און איצט פאָדערט ער שוין הונדערט מיט פינף און צוואַנציק טויזנט. איך וועל עס באַצאָלן. פאַלקן פטר איך אָפּ מיט הונדערט, מיט צוויי הונדערט דאָלאַר, אָבער אויף די גראָשנס פאַרזוריסט מיך אויך, עס באַליידיקט, וואָס איך אַרבעט פאַר אַ פּאַראַזיט און איך אַליין שטיק דאָס אונטער זיין פּוסט און פּאָס... ער אַליין לאַכט דאָך פון מיר.

— ער לאַכט פון אַלעמען, עס איז שוין אַזאַ נאַטור.

— און מיין נאַטור איז: אַרבעט און זעלבסטשטענדיקייט.

אַזעלכע שמועסן פלעגן גאַנץ אָפט פאָרקומען, יעדעס מאָל, ווען פון פּאַריז פלעגט אָנקומען אַ בריוו און יעדעס מאָל פלעגט בעלאַ האַלב פאַרטיידיקן פאַלקן. זי האָט נישט געוואָלט די ברידער לאָזן זיך אויף אייביק צערייסן...

און די בריוולעך פון פאריז קומען כסדר. דאָ שרייבט פאַלק, אַז ער איז קראַנק און שפּעטער קומט אַ בריוו, אַז ער גייט חתונה האָבן.

— אפשר איז דאָס אמת? — פרעגט בעלאַ.

— ס׳איז ליגנט, דער מענטש איז געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער ליגנער, — בייזערט זיך נעמזאַר.

— און אַז דו וועסט נישט שיקן, וועט זיין בעסער, ער וועט אַראָפּקומען אָהער קיין דאָמבראָווקע, ער וועט אַראָפּקומען מיטן גלעזל אין אויג...

און דאָס פלעגט ווירקן. פאַר פאַלקס גלעזל אין אויג האָט נעמזאַר מורא געהאַט מער, ווי פאַר פאַלקן...

— דו ווייסט, בעלאַ! ווען ער קוקט אויף מיר מיט זיין מאָנאָקל, דאַכט זיך מיר, אַז זיין האַרץ און זיין נשמה זענען פון גלאָז. זאָל ער שוין זיין אין פאַריז, איך וועל אים שיקן געלט.

אין די טומלדיקע האַרבסט-טעג, ווען מען האָט זיך געיאָגט בא די נעמזאַרס נאָך וועלדער, איז פּלוצלינג געקומען דער דריטער ברודער איסאַק.

דער מיטעלער ברודער איסאַק, אים האָט מען גערופן דער „דריטער ברודער”, די אַלע מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט בא די נעמזאַרס, אַלע פלעגן אים אַזוי רופן.

נאָך איידער ער איז געקומען פון רוסלאַנד, ווען ער איז נאָך געווען בא די באָלשעוויקעס, האָט מען אים אַזוי אַ נאָמען געגעבן:

— דער דריטער ברודער.

— דער דריטער ברודער איז אין רוסלאַנד.

אַלע האָבן אויך געוווּסט, אַז ער האָט זיך דאָרטן „געמישט”, געווען אַ גאַנצער מאַכער, אַ קאָמיסאַר...

און איצט, ווען ער איז אַראָפּגעקומען, האָט אים דער גאַנצער טאַרטאַק באַטראַכט און גאַנץ דאָמבראָווקע האָט חזגן אים גערעדט:

— ענלעך צו אונזער נעמזאַר...

— אָבער אַ ביסל אויסגעהונגערט...
— געקומען אוודאי נאָך דער ירושה...
— אַ צווייטער פּאַלק...
— ער האָט נישט קיין נחת אונזער באַלעבאָס פון זיינע ברידער...

אָבער עס איז געווען אַ טעות, דער מענטש האָט גאָרנישט פאַרלאַנגט. פון אַזאַ גרויס, טומלדיק לאַנד איז ער אַראָפּגעקומען אַ שווייגנדיקער. ער האָט גענומען אַרבעטן אַרום די וועלדער, אין די טאַרטאַקן, האָט אַלץ געטון פלייסיק, רויק און שווייגנדיק. געאַרבעט האָט ער נישט ווי קיין באַלעבאָס און נישט ווי קיין משרת. זיין אַרבעט האָט קיין נאָמען נישט געהאַט. דאָ איז וואַלד האָט ער גיך באַקומען אַן אַנדער פּנים. די שמאָלע באַקן האָבן זיך פאַררונדלט, דער קאַרק גלייכער געוואָרן, נאָר די אויגן זיינע זענען פריילעכער נישט געוואָרן...

צוערשט האָט ער זיך געחברט מיט קנישינסקין. דערנאָך האָבן זיי זיך צעווערטלט אין אַ שמועס וועגן פּאָליטיק, זיי האָבן אויפגעהערט צו דיספּוטירן און יעדער פון זיי האָט זיך געטון דאָס זייניקע.

מיט בעלאַן זיך אויך נישט שטאַרק באַפריינדעט. פלעגט קומען צום טיש און זיצן באַם עסן מיט אַ בוך, נאָכן עסן מיט אַ בוך, מען האָט געזען, אַז דער מענטש וויל מער זיין מיט זיך, ווי מיט אַנדערע.

קובאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז דער מענטש לעבט עפּעס איבער, געפרעגט. האָט יענער נישט געענטפערט, איז צווישן זיי געבליבן נישט דערזאָגטס, און נעמזאַר האָט זיך אָנגערופן צו זיין ווייב:
— מיט מיין ברודער איז עפּעס...
— וואָס רעכנסטו?
— איך קאָן גאָרנישט וויסן, ער האָט דאָך געאַרבעט פאַר דער וועלט, געוואָלט איבערקערן די וועלט... איצט טראַכט איך, אַז די וועלט האָט אים איבערגעקערט...
— אפשר אַ ליבע?
— אפשר פאַרלוירן דעם גלויבן אין מענטש?

קובא האָט אים פאַרגעלייגט געלט, זאָל ער פאָרן קיין אויס־לאַנד, זעען די וועלט, פאַרברענגען.

— לאָז מיך צורו! דאָס איז געווען איסאַקס ענטפער. און דער „דריטער ברודער" האָט זיך באמת מען זאָל אים ווייניקער באַמערקן, ער האָט געהאַט אַ צימער מיט ביכער, אַ רוסישע גיטאַרע און זיין פערד, אויף וועלכן ער פלעגט אַוועקרייטן, ווער ווייסט, ווי ווייט...

ווען ער איז געקומען קיין דאָמבראָווקע, האָט זיך קובאַ אין האַרצן דערפרייט:

— אפשר וועל איך האָבן אַ ברודער, ס'וואָלט גוט געווען, ווען מיר זאָלן אַרבעטן צוזאַמען. דערנאָך, ווען ער האָט דער־זען, ווי דער ברודער מיידט אים אויס, האָט עס אים שטאַרק גע־קלעמט:

— שוין בעסער מיט פאַלקן, מיט יענעם ווייסט מען כאָטש, וואָס ער וויל.

— דענגי דאַוואַי, און אַ סוף...

און דאָ גייט אַרום אַ שטיק שטומעניש... גישט גוט מיט מיין משפחה, אַ סך הכל געוואָרן...

דער איסאַק וואָלט דאָ באמת געקאָנט אָפּרוען, ער וואָלט גע־קאָנט לעבן, פאַרברענגען.

קובאַ האָט געהאַט אַ גוט האַרץ צו אים..

צוליב וואָס איז ער דאָ געקומען? אויסשווייגן זיך? אפשר האָט ער אין רוסלאַנד צופיל גערעדט, צופיל געטומלט...

אַ פעסט געבויטער מיט אַ זיכערן טריט. עס האָט זיך צו אים פשוט נישט געקלעפּט זיין גלייכגילטיקער בליק.

איינמאָל האָט זיך צו אים בעלאַ גענומען, זי האָט געוואָלט ווירקן אויף אים, ער זאָל זיך פונאַנדערטומלען אַ ביסל. זי האָט געוואָלט דערגיין די סיבה פון זיין מעלאַנכאָליע.

— הער נאָר, איסאַק! קוקסט אויף מיר קרום... האָסט עפּעס צו מיר?

— ניין, בעלאַ! מיין ברודער האָט זייער אַ גוט ווייב...

— אָבער אַ בורזשויקע, יאָ?

— נישט די איינציקע, אָבער לאָז מיך איצט מיט די פראַגן.

— איך וועל דיך נישט לאָזן, האָב איך שוין אָנגעהויבן, וויל איך ענדיקן.

— וואָס ווילסטו ?

— איך וויל וויסן, צי דו ביסט דאָ מיט אונז, צי דאָס האָסטו דאָרטן אין רוסלאַנד איבערגעלאָזט דעם גאַנצן איסאַק.

ער האָט אויפגעהויבן אויף איר די אויגן. און געזען האָט מען, אַז ער וויל שמייכלען און מיט אַן אויסגעמאַטערטער גוטמוטיקייט האָט ער זיך אָפּגערופן :

— דו, בעלאַ... דו ביסט דאָך טאַקע אַ ווילער מענטש, דו באַדאַרפסט וויסן און פילן...

— וואָס ? איסאַק ! וואָס באַדאַרף איך וויסן און פילן ?

— אַז אַ מענטש שווייגט...

— יאָ...

...באַדאַרף מען אים לאָזן שווייגן.

מען האָט אים געלאָזט שווייגן, נאָר קובאַן איז דאָס נישט געפעלן געווען און ער האָט באַשלאָסן פריער צי שפּעטער בײַ איסאַקן אַלץ דערגיין.

4

עס איז אַראָפּגעפאַלן דער ערשטער שניי. איינדערפרי, ווען דער עולם איז אויפגעשטאַנען, האָט מען די בערטער נישט אַרויסגעזען. ווייסע, שניייקע פּיראַמידעס זענען געשטאַנען. אויף דעם שטענדיק ליכטיקן פּלאַץ פון טאַרטאַק איז היינט נאָך ליכטיקער געוואָרן... און אַרום, ווען נישט די גרינע ווענט פון די סאָסנאָווע וועלדער, וואָלט געווען איין ווייסע וועלט אַרום. דער שניי איז געלעגן רויק, מיט נחת זיך אויסגעשפּרייט, טרוקן געווען אַרום און די זון האָט געשיט קאַלטע שטראַלן...

די קינדער האָבן זיך געשפּילט מיטן ערשטן שניי, געשפּילט זיך מיט נאָך קינדער און מיט צווייי, גרויסע וועלפישע הינט, מיט

„אַסן" און מיט „ראַלפן" צוויי גרויסע הינט, בייזע צו פרעמדע, נאָר מיט קינדער האָבן זיי זיך געשפּילט, ווי מיט זייערס גלייכן, געשפּרונגען איבער זיי, אומגעוואָרפן דעם מזיק באַרקאַ און געגלעט אים מיט די שניי־פייכטע, הינטישע מאָרדעס.

אין פענצטער איז געשטאַנען בעלאַ און געקוקט אויף די קינדער, געקוקט אויף אַלץ און אַלעמען.

ווייס אַרום...

און איר אומעט איז אויך געווען אַ ווייסער. עס האָט גענאָגט, נאָר נישט ווי געטון. פון דער גאַנצער ווייסער וועלט האָט זיך צו איר געצויגן אַ ווייסע גלייכגילטיקייט, ווי אַ קאַלט פלעמל האָט עס געברענט אין איר. נישט אָנגעצונדן זי און אין ערגעץ נישט גערופן. אַ רגע, ווען זי האָט זיך וועגן זיך אַליין אויפגעהערט צו קימערן... אַלץ איינס. קובאַ האָט אויסגעפירט זיינס: זי מיט די קינדער זענען דאָ געבליבן ווינטערן. זי האָט צו אים קיין פּרעטענזיעס נישט. ער וויל זי זאָל זיין לעבן אים. לעבן אים, דאָרט, וווּ ער לעבט און אַרבעט. ער וויל אַזוי. פון רוסלאַנד אָן וויל ער זיך אַלץ אַזוי באַהאַלטן אין ווינקעלעך. ער האָט מורא באַקומען פאַר דער שטאָט, פאַר די מחנות מענטשן. און זי איז דאָך זיין ווייב, זי באַדאַרף דאָך זיין מיט אים...

זי וואָלט אפשר גענומען טראַכטן, עס וואָלט זיך אפשר אויפגעוועקט אין איר בענקשאַפט נאָך דער שטאָט, נאָך די קרובים און באַקאַנטע, נאָר די קינדער הינטער פענצטער שרייען אַזוי פריילעך, היינט אין שנייִקן פרעסטל קלינגען זייערע שטימען, די הילכיקער מעטאַל... זיי פרייען זיך און אַ קליין ביסעלע פון זייער פרייד גייט זיך איר איבער... זי קוקט מיט מער נייגיריקייט אַרויס דורך די שויבן: וואַסיל איז געקומען מיט אַ האַק, מיט טשוועקעס און מיט ברעטלעך, ער קלאַפּט צונויף שליטעלעך פאַר די צוויי יאַמלעך. ער זעט מאָדנע אויס, דער וואַסיל, מיט אַ גרויס היטל איבער די אויערן, ווי אַ סיבירער מענטש זעט ער אויס... ער מאַכט ערנסטער די ווייסקייט אַרום מיט זיין אַלטן, ענערגישן פּנים...

זי קוקט יעדערן אָן, ווער עס גייט דאָ פאַרביי.

אָט איז פאַרבייגעגאַנגען קנישינסקי. ער האָט זיך באַגריסט מיט אַ שמייכל און איז ווייטער געגאַנגען. פון יענעם אָוונט, ווען ער האָט איר אַ קוש געגעבן, איז ער אַנדערש געוואָרן, ווי ער וואָלט האָבן מער רעספּעקט פאַר איר. ער שטייט מער פונדערווייטנס און פאָלגט: „זי האָט אים דאָך אָנגעזאָגט, אַז מער זאָל דאָס נישט זיין". פונדעסטוועגן וואָלט זי וועלן, ער זאָל מער אַריינקומען, ער זאָל מער זיין אין איר געזעלשאַפט, זי קאָן זיך אַליין נישט אָפּגעבן קיין חשבון, צי איז עס נאָר דערפאַר, ווייל עס איז לאַנגווייליק...

פלוצלינג זענען די קינדער מיט וואַסילן ערגעץ אַנטלאָפן, דאָרט אונטער די ברעטער און אויפן שניי זענען בלויז געבליבן די נישט פאַרענדיקטע שליטעלעך... ליידיק געוואָרן אַ שטיק פלאַץ. די קינדער זענען אַנטלאָפן ערגעץ אויף אַ צווייטן פלאַץ, זיי וועלן שוין געפינען מיט וואָס זיך צו שפּילן, נאָר זי, אַ דערוואַקסענע, אַ מאַמע פון קינדער, פילט זיך איצט, ווי אַ פאַרלאָזט קינד...

אויפן ראַנד פון פענצטער איז געלעגן איר ווייסע האַנט, זי האָט אַ קוק געגעבן אויף די לאַנגע פינגער... אירע פינגער... אַזעלכע עלנטע. זי האָט רחמנות געהאַט אויף זיי און אָן ווילן איז זי צו צום קלאַוויר און גענומען שפּילן, וועגן זון, בלומען, וועגן ווייטקייט און חלום...

אויף דער גאַס איז דער ערשטער שניי געלעגן.

און דער טאָג איז אַ קורצער, עס קריכן מענטשן מיט ברעטער, מיט קלעצער און באַלד ווערט פינצטער.

אין די עטלעכע צימערן פון בעמזאַרס קאַנטאָר איז וואַרעם און טומלדיק. ווינטער אין אָוונט, דער טאַרטאַק רוישט און סקריפּעט, דאָס אַרבעט מען נאַכט-אַרבעט, אָבער די אַלע, וואָס אַרבעטן באַטאָג זענען זיך שוין אַוועק אַהיים. אַ טייל פון בעמזאַרס מענטשן זענען איצט אין קאַנטאָר. וואַסיל דערלאַנגט אַלעמען טיי. בעמזאַר שרייבט אונטער בריוו און פּאַפּירן — דאָ אין קאַנטאָר וואַלגערן זיך געשעפטס-ביכער און ביכער צום לייענען, יידישע און פּוילישע צייטונגען, אַ גמרא און מחזור. אין אַ ווינקל שטייט אַ יעגער-ביקס און אויף איינעם פון די טישלעך ליגט אַ שווערער רעוואָל-

דער, אויף דער וואנט א טעלעפאן, מיט וועלכן מען רעדט זיך צונויף מיט וואַרשע, מיט דאַנציג. דאַ איז אויך פאַראַן דער פינף־לאַמפיקער ראַדיאָ־אַפּאַראַט סבעציעל פאַר די „מענטשן".

אַלץ צוזאַמען, אויסגעמישט...

אַפּגעשניטענע שטיקער האָלץ־מוסטערן אין דער פאָרם פון א פלאַכן טעלער, עטלעכע שווערע פעלצן, שטיוול, שרויפן, שלעסער, א וועגטקע צו כאַפּן פיש שטייט אין א ווינקל און דערצו נאָך די צוויי גרויסע כלבים, וועלכע טוליען זיך צו צו די פיס פון יעדן.

קיין אַרבעט איז שוין נישטאָ, די לעצטע קלייניקייטן פון טאָג ווערן אָפּגעפּטרט און עס קומט די געטלעכע שעה, ווען מען כאַפּט א שמועס גלאַט אין דער וועלט אַריין.

מען כאַפּט אַ שמועס בײַ אַ גלעזעלע טיי. די אידיליע פון אַ ווינטער־נאַכט אין וואַלד, ווייט פון דער גרויסער וועלט, נעמט מען דאָ אַרויף די גרויסע וועלט אויפן טיש אָן כעס, אָן בייזקייט, דורך דעם טיי־קאָליר, דורך דער לוימערער ברוינקייט קוקט מען אויף דער וועלט. און אַ מאָדנע איז די וועלט, גאָר אַ מאָדנע... אַלץ, וואָס עס איז פאַרגאַנגען, איז שיין, יעדער דור, וואָס איז שוין אויסגעשטאָרבן, יעדער זיידע, וואָס פוילט אין דער ערד. דער גאַנצער נעכטן פון דער וועלט איז איינגעהילט אין אַזעלכע בלויע וואַרעמע קאָלירן.

נאָר ווען מען קומט צו דער ווירקלעכקייט, זענען אַלע בייזע און אַלע זענען פאַלשע, שלעכטע, נישטאָ קיין רחמנות, נישטאָ קיין נשמה...

אמאָל איז דאָס יאָ געווען.

דער בוכהאַלטער ראַבינאָוויטש מיט נאָך עטלעכע יידן זיצן אין אַ ווינקל און מען רעדט וועגן דער וועלט. זיי רעדן שטיל, אין האַלבן קול. ווייל זיי האָבן אויך געמוזאַרס נאָמען דערמאָנט, זיי רעדן... אָ, וויפיל מאָל האָבן זיי שוין גערעדט וועגן דער זעלבער זאַך...

וועגן דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס די רויטע האָבן בײַ אים צוגענומען.

— די נעמזאַרס האָבן געהאַט װעלדער, אין װאָלאָגדער גו־בערניע האָבן זיך די װעלדער געצױגן...

— זײ האָבן געהאַט אַקציעס פֿון די גרעסטע רוסישע אונ־טערנעמונגען...

דערמאַנט מען די קאָמוניסטן. גײט שױן אַװעק װעגן זײ אַ שמועס אויף שעהן.

ראַבינאָװיטש, דער בוכהאַלטער, װעלכער זעט גיכער אויס מיט זײן באָרד, װי אַ מלמד, ער רעדט מער פֿאַר אַלע:

— שלאָגט מיך! איך פֿאַרשטײ נאָך אַלץ נישט דאָס װאָרט „צוגענומען”. װאָס הײסט „צוגענומען”? װער האָט עס רעכט צו־צונעמען. ער דענערװירט זיך, ער װערט אױפגערעגט, פּונקט װי מען האָט בײַ אים אַלײן טאַקע עפּעס צוגענומען...

נעמזאַר איז שױן פֿרײ פֿון זײַנע פּאַפּירן. ער איז גוט גע־שטימט און װען ער הערט דעם שמועס פֿון זײַנע אָנגעשטעלטע, גײט ער צו און פֿרעגט:

— װעגן װאָס אַמפּערט איר זיך אַזױ?

ענטפֿערט דער בוכהאַלטער:

— אַלץ װעגן דעם זעלבן, איך קאָן זײ נישט פֿאַרשטײן, די באָלשעװיקעס, מיט זײער אָרדנונג. װען מען זאָגט מיר די װעלט װעט אַמאָל אונטערגײן, פֿאַרשטײ איך דאָס, עס װעט געבן אַ ציטער, אַ טרײסל אונזער װעלט און נישטאָ קײן װעלט, אָט אַזױ װי אַ טעלער פֿאַלט אַראָפּ און צעבראָכט זיך, שערבעלעך, בּרעקלעך בלײַבט — נישטאָ קײן טעלער, אָבער כּל־זמן די װעלט שטײט און כּל־זמן איך האָב עפּעס, איז דאָס, װאָס איז מײנס, דאָס איז מײנס... מיט װעלכער רעכט נעמט מען עס צו בײַ מיר?

— מען נעמט, װײַל דאָרט װו כּוח איז פֿאַראַן, דאָרט גע־פֿינט מען שױן רעכט.

מיט רויקײט צערעדט זיך נעמזאַר װעגן דער פֿאַרגאַנגענ־הײט, ער דערצײלט װעגן שװערע איבערלעבונגען און ענדיקט:

— איך האָב נישט צו קײנעם קײן פּרעטענזיעס, איך בין מײן טאַטנס אַ קינד. איך אַרבעט, איך זאַמל קאַפּיטאַלן, איך װיל פֿאַרזאָרגן אויף מײן אופֿן מײַנע קינדער, אפֿשר איז מײן אופֿן

שוין פֿאַרעלטערט, איך האָב קיין צייט נישט וועגן דעם צו טראַכטן. איך טו דאָס, וואָס מיר איז ליב צו טון.

ראַבינאָוויטש פֿרעגט אים מיט אַ נייגיריקן שמייכל:

— און ווען איר וואָלט אַלץ קאָנען אָפּנעמען?

— וואָלט איך אַלץ אָפּגענומען... אָבער ווי אָפּנעמען און ווען אָפּנעמען? דאָס האָט עפּעס בײַ מיר איינער צוגענומען, בײַ־פֿאַלן און צוגענומען... דאָס איז דאָך נישט איינער, אַ ים איז אַרויס פֿון די ברעגן און האָט אָפּגעשווענקט אַ וועלט. איך האָב זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף אַ פֿעלז... אָט, דאָ אין בראַניצקיס וועלדער. נאָך אַזעלכע אַנדערע ווי איך, האָבן זיך געראַטעוועט, מען אַרבעט מיטן אַמאָליקן אימפּעט, נאָר אָן דער זיכערקייט פֿון נעכטן... האָ, האָ! עפּעס האָט געפּלאַצט, עפּעס לאָזט זיך שוין נישט פֿאַרריכטן, שותּפֿים זענען געקומען צו אַלע אונזערע געשעפֿטן, צו אונזער וווילסטאַנד און רחבֿות... שותּפֿים... פֿאַניע ראַבינאָוויטש! אויב איר האָט ערגעץ אַ קניפּל מיט אַ ביסל דאָלאַרן, זאָלט איר זיך שטאַרק נישט איבערנעמען מיט דעם...

דער עולם האָט געלאַכט. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ראַבינאָוויטש האָט אַזאַ קניפּל...

געמזאַר, דער וואָס האָט אין רוסלאַנד אַזוי פֿיל פֿאַרלוירן, ער היצט זיך נישט אַזוי פֿיל, ווי די מענטשן, וועלכע אַרבעטן בײַ אים, די אַלע, וועלכע האָבן זייער ווייניק, אָדער כמעט גאָרנישט, זיי אַמפּערן זיך, יעדער איינער זוכט אַ שטאַרקער וואָרט אַ חוזק־וואָרט, וואָס זאָל זיי, די באָלשעוויקעס, פֿאַרניכטן אין איין רגע. . .

פּלוצלינג קומט אַריין פֿון צווייטן חדר איסאַק געמזאַר. ער איז דאָרט אַ לאַנגע צייט געשטאַנען און זיך געוואָרעמט בײַם אויוון. זעלטן ווען ער רעדט לענגער מיט די מענטשן. ער איז צוגעגאַנגען צו די יידן, וועלכע פֿירן דעם שמועס, און געפֿרעגט:

— איר זענט דאָך גוטע, פֿרומע יידן? האָ! גוטע פֿרומע יידן, און אַז גוטע יידן, איז דאָך דאָס זעלבע ווי גוטע מענטשן. . . אמת?

קיינער האָט נישט געענטפערט, נאָר שטום מיט די אויגן געפרעגט:

— וואָס וויל ער, דער „רוסישער“?

איסאַק נעמזאַר האָט נישט געשמייכלט און נישט געבייזערט זיך, עס האָט אויסגעדאַכט, אַז ער פירט אַ דיסקוסיע מיט זיך אַליין:

— הערט זיך איין! גוטע יידן... וועגן אַלץ טראַכט איר, נאָר וועגן איין זאַך פאַרגעסט איר צו טראַכטן. איר אַלע ווייסט, אַז עס זענען פאַראַן קליינע שטעטלעך און גרויסע שטעט, אין די קליינע שטעטלעך און אין די גרויסע שטעט זענען פאַראַן גבירים, מענטשן, וואָס האָבן געלט און מאַכט. עס זענען אויך פאַראַן מענטשן אָרימע, הונגעריקע, און אַט די רייכע האַלטן פאַרשלאָסן גרויסע שפּייכלערס מיט ברויט, מיט צוקער, מיט קאַרטאָפל... שטעלט זיך פאָר: אויף אַ גרויסער גאַס שטייט אַ גרויסער שפּייכלער מיט ברויט... פאַרשלאָסן, און עטלעכע טריט פון דעם פּלאַץ שטאַרבט אַ מענטש פון הונגער. עטלעכע טריט פון אים ליגט ברויט פאַר טויזנטער מענטשן און ער שטאַרבט פון הונגער... גוטע יידן גייען פאַרביי, גוטע מענטשן ווייסן פון דעם און קיינער פּראָטעסטירט נישט קעגן דעם. אייערע זיידעס האָבן אַזוי אָפּגעלעבט, אייערע טאַטעס און איר אַליין האָט נאָך אויך קיינמאָל וועגן דעם נישט אַ טראַכט געגעבן: ס'טאָרן נישט זיין קיין הונגעריקע אין דער זעלבער שטאָט, אויף דער זעלבער גאַס, ווו ברויט איז פאַראַן לרוב... דאָס טאָר נישט זיין.

אַלע האָבן אים אָנגעקוקט, און דער ערשטער האָט זיך אָפּגערופן קובאַ:

— דער מענטש, אַז ער טראַכט עפּעס אויס, לאָזט ער דאָס שוין נישט אָפּ, ער האָט אויסגעטראַכט אַ שלאָס, וועט ער שוין דעם שליסל פון האַנט נישט אַרויסלאָזן...

זיין ברודער איסאַק האָט זיך אָנגעצונדן, אַ בליץ געטון מיט די אויגן און מיט כעס אָפּגעענטפערט:

— וועט מען אים די הענט אָפּהאַקן, דיין מענטש מיטן שליסל...

— און דער, וואָס וועט אָפּהאַקן די האַנט... וואָס וועט ער טון מיטן שלאָס? ער וועט אַליין ווערן דער זעלבער אייגנטימער... דאָס לעבן איז ווי אַ לייטער. יעדערן ווילט זיך מיט אַ טרעפּל העכער. איסאַק, דיין ברודער פּאָלק איז שוין קליגער, ער זאָגט, אַז אַלץ וואָס יענעמס איז זיינס...

נאָר איסאַקן האָט שוין, ווייזט אויס, פאַרדראָסן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן דעם שמועס, ער האָט עפּעס אַ בדום געטון און צוריק אַריין אין צווייטן צימער זיך וואַרעמען באַם אויוון און די, וואָס זענען געבליבן, האָבן ווידער גערעדט וועגן בעמזאַרס פאַרמעגן, וועלכעס מען האָט בײַ אים אָוועקגערויבט.

זיי האָבן זיך איצט מער געשושקעט, ווי פריער. זיי האָבן אויך נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער איסאַק וויל און צוליב וואָס איז ער דאָ געקומען קיין דאָמבראָווקע? איבערמאַכן די וועלט? דאָמבראָווקע וועט שוין אַנדערש נישט ווערן. די ביימער וועלן ווייטער וואַקסן אַזוי ווי ביז איצט: מיט די וואָרצלען אין דער ערד און מיט דעם סכך אינדערהייך...

ראַבינאָוויטש האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געקנייטשט דעם שטערן, ער האָט עפּעס געקלערט, געוואָלט זאָגן אַ קלוגע זאַך, און צום סוף:

— הע! מען באַדאַרף טרינקען נאָך אַ גלעזעלע וואַרעמס.

בעמזאַר אַליין איז שוין געווען בײַ זיך, און צו בעלאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיין ברודער האָט דאָרט איצט געהאַלטן אַ דרשה פאַר ראַבינאָוויטשן און פאַר די איבעריקע... ער וויל נאָך אַלץ איבערמאַכן די וועלט...

בעלאַ האָט צוגעגעבן:

— און אַליין איז ער שווייגנדיק און טרויעריק, עפּעס גלויבט זיך מיר נישט אין זיין קאָמוניזם, ער האָט זיין טראַגעדיע. אַ מענטש, וואָס גלויבט אין עפּעס, צוא מענטש דאַרף אַזוי פיל נישט שווייגן.

פון צײַט-צו-צײַט פלעגן זיך די צװײ ברידער אַזױ בײַנלעך איבערשמועסן און דאָס פלעגט פאָרקומען כמעט שטענדיק אין דער אַנװעזנהײט פון פרעמדע. עס װאָלט געקאָנט מאַכן אַן אײַנדרוק, אַז די צװײ ברידער װילן אַרױסװײַזן, װער עס קאָן בעסער אַרײַנזאָגן. בײדע האָבן זיך געפילט געערעכט. די סימפּאַטיע איז אָבער שטענדיק געװען אױף קובאַ נעמזאַר, ער פלעגט זיך פּשוטער אַרױסזאָגן, עס האָט זיך געגלײבט, אַז ער איז אױפריכטיקער, ער באַהאַלט גאָרנישט און יענער, איסאַק, איז געװען אײַנגעהאַלטענער. ער האָט עס געמוזט זײַן צוליב זײַן לאַגע: געקומען איז ער פון רוסלאַנד מיט אומלעגאַלע דאָקומענטן...

קובאַ האָט געליטן פון זײַן ברודערס װעלט-קוק. געמײנט האָט ער צום ערשטן, װען איסאַק איז געקומען, אַז ער װעט איצט אין אים האָבן אַן אמתן שותף, אַ מיטהעלפער און צום סוף — אַ שונא, װאָס קומט מיט יענע אַרגומענטן, װעלכע האָבן אים, קובאַן, פון רוסלאַנד פאַרטריבן.

אַ ברודער איז טאַקע אַ ברודער. נאָר קובאַ האָט געפילט אַ שנאה צו אים און די שנאה איז געװאַקסן אָן זײַן װילן... און איסאַק דאָס זעלבע. ער האָט צו קובאַן קײן הארץ ניט געהאַט באַלד פון אָנהײב און איצט, װען יענער האָט נאָך גענומען מיט אים דיספּוטירן, און צײַטנװײַז פלעגט איסאַק הערן פון אים געלונגענע, בײסיקע ענטפערס... אין זײַנע רויקע, מידע אויגן האָט זיך געפילט באַהאַלטענע בײזקײט.

דאָס האָט באַמערקט קובאַ...

און דאָס האָבן באַמערקט די מענטשן אין קאָנטאָר, פאַר װעלכע קובאַ האָט זיך באַקלאָגט:

— גאָט האָט מיר געהאָלפן מיט ברידער. אײנער אַ שאַרלאַטאַן, ער װאָלט די װעלט אױסגעשאָכטן צוליב זײַן װױלטאָג און דער צװײטער װאָלט די װעלט געשאָכטן צוליב דער װעלט גופא... ס'איז מיר פון בײדע זײַטן גוט.

און צײַטנװײַז דערגײט עס צו העזה, צו אַ מאָדנער אײַנבילדונג בײַ דעם איסאַקן.

װען קובאַ רעדט און אַמפּערט זיך מיט אים, איז קובאַ

דזשענטעלמעניש, רויק. ער לייגט אוועק זיין אַרגומענט מיט מענטש־לעכע זיכערקייט אָדער אומזיכערקייט, דערביי רעזערווירט ער זיך מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, און איסאַק...

איסאַק איז רויק, נאָר זיין רויקייט איז אינגאַנצן אַ געצוווּנגענע, ער בייסט צו די ליפּן און איז רויק. זיין אַרגומענט לייגט ער נישט אַוועק אַזוי רויק ווי קובאַן, נאָר ער גיט אים אַ וואָרף ווי אַ פייל און ער וואָלט וועלן, עס זאָל יענעם וויי טון...

אָט וואַרפט ער צו קובאַן:

— דו האָסט אַ קליינבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע, מען וועט דיך שוין נישט איבערמאַכן!

— הער נאָר, איסאַק! — ענטפערט קובאַ מיט אַ שמייכל, — ווער דאַרף דאָס מיך איבערמאַכן?

— די וועלט, די צייט...

— פאַראַן פאַרשידענע צייטן, מיין טייערער ברודער! פאַראַן צום ביישפּיל אַ צייט פון אַ מגפה, אַ צייט, ווען די כאָליערע בושעוועט...

— וואָס מיינסטו מיט דעם?

— גאָרנישט, וואָס קאָן אַ מענטש מיט אַ קליינבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע מיינען?

קובאַ איז היינט נישט אַזוי רויק, ווי אַלעמאָל...

— באַליידיקסט זיך, ווען מען זאָגט דיר: קליינבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע? ...

— ניין! איך האַלט דאָס פאַר אַ פראַזע, ווי אַ סך פראַזן... דו וועסט נאָך אפשר זאָגן, אַז איך לעב פון יענעמס פראַצע, וועט עס אויך זיין אַ פראַזע... מיין קאָפּ אַרבעט דאָ פאַר עטלעכע הונדערט מענטשן, וועלכע פאַרדינען בײַ מיר, מיר גלייכן זיך אויס אין אַרבעט. איך לעב בעסער פאַר זיי, דאָס איז טאַקע אַ זינד, אָבער שוין גאָר אַן אַלטע זינד... און ווען איך וואָלט דאָ אַלץ אַוועקגעוואָרפן, אַלץ, אויסגעטון דאָס לעצטע אָנשטענדיקע בגד, אָפּגעגעבן דעם לעצטן גראָשן און אַוועק אַהין... געווידלט, געקריצט מיט די ציין, געשאָסן און געשאָכטן...

— דעמאָלט...

— לאָז מיך, איסאַק! איך וועל דאָס נישט טון. דער מאָרגן, ווי שיין ער זאָל נישט זיין, איז ער דאָך אַ פּראַגע־צייכן, דער נעכטן איז אַ פאַקט. איך בין אַן אויפריכטיקער מענטש פון נעכטן און אַזוי וועל איך שוין בלייבן. דו רעדסט שטענדיק פון גלייכהייט, און פאַרוואָס ווילסטו נישט זיין גלייך מיט מיר, טאַקע! פּאַס זיך צו צו מיין פּסיכאָלאָגיע... גלייכהייט, גלייכהייט... ער האָט גענומען האַסטיק אַרומשפּרייזן איבער דעם גרויסן צימער, ער איז געווען גאָר־נישט אויף זיין שטייגער אויפגערעגט.

ער האָט געהייסן אַריינרופן וואַסילן.

וואַסיל דער באַדינער איז אַריינגעקומען.

— הער זיך איין, וואַסיל! גיי אַריין אין קיך און ברענג אַ שטיק פלייש. קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס קובאַ נעמזאַר פאַרלאַנגט פלייש.

ווען וואַסיל איז צוריקגעקומען מיט אַ שטיק רוי פלייש, האָט נעמזאַר גענומען שמייכלען:

— איך וועל אייך באַלד ווייזן, וואָס הייסט גלייכהייט.

ער האָט צוגערופן די צוויי הינט, וועלכע האָבן געשמאַק געדרימלט אין באַזונדערע ווינקלען פון קאַנטאָר.

— קוקט זיך צו!

ער האָט צעשניטן דאָס פלייש אויף צוויי שטיקער און דערביי גערעדט:

— „ראַלף" און „אַס"... ביידע פון איין מאַמען, ביידע אין זעלבן עלטער. אין די זעלבע באַדינגונגען און אין דער זעלבער עפּאָכע דערצויגן געוואָרן... גיט אַ קוק! ביידע האָבן זיי קיין הומאַניטאַרע ביכער נישט געלייענט, זיי הייסן אויך נישט, אַז אויף דער וועלט זענען אַמאָל געווען דעספּאָטן, זיי ווייסן נישט פון טאַמערלאַנען און נישט פון נעראָנען, זיי ווייסן גאָרנישט פון דער געשיכטע, ווי אַזוי דער מענטש האָט זיך אַנטוויקלט... פאַרדאָן! ווי אַזוי דער הונט האָט זיך אַנטוויקלט... זיי זענען געבליבן בא זייער אינסטינקט... גיט אַ קוק.

ער האָט אַ וואָרף געטון איין שטיק פלייש צו „ראַלפן", יענער האָט גענומען עסן און ווען „אַס" איז צוגעקומען, האָט „ראַלף"

אים גאַנץ רויק געלאָזט מיטעסן... דערנאָך האָט ער אַ וואָרף געטון דאָס צווייטע שטיק פלייש צו „אַסן“. אַס האָט גענומען פרעסן, נאָר ווען „ראַלף“ האָט זיך דערנענטערט, האָט „אַס“ גענומען ברומען און אָנגעשטעלט זיינע וועלפישע ציין אויף זיין היגטישן ברודער.

— אָט דאָס איז אייך אונזער מענטשלעכער אינסטינקט. איינער איז גוט, דער צווייטער איז שלעכט. איך גלייב נישט, צי אַלע ביכלעך מיט די אַלע טעאָריעס וועלן דאָ עפּעס העלפן. עס לעבט אין אונז אונזער מענטשיש-היהשער אינסטינקט, אונטער אַלע ביכער לעבט עס... אונזערע נעגל-אינסטינקטן, אונזערע פויסט-אינסטינקטן זענען איינגעוויקלט אין שיינע פראַזן, אין פלאַפּלערייען... אפשר ווערן געציילטע מענטשן בעסער, אפשר הייבן זיי זיך אויף, אפשר פאַרשטייען זיי די גרויסקייט פון מענטש, אָבער די אַלע, די מיליאָנען...

— הער שוין אויף, קובאַ! אַלע, די אַלע מיליאָנען האָבן אַ גרויסע נשמה, וואָס זוכט גערעכטיקייט.

קובאַ האָט אים איבערגעריסן:

— דו ווילסט זיך טיילן מיט „ראַלפן“, איסאַק! געזונטערהייט...

— און דו, קובאַ, ווילסט זיין „אַס“?

— ניין! נאָר אויב איך בין דאָס, וועסטו מיר קיין אַנדער האַרץ נישט איינפּאַסן. עס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך... מען קאָן וועלדער אויסהאַקן, מען קאָן די ערד אין דער טיפסטער טיפעניש צעגראָבן, מען קאָן איבער די וואָלקנס פליען, נאָר באַזיגן דעם אינסטינקט אפילו פון אַ קליינעם רויב-פויגל, דאָס וועט זיך נישט איינגעבן קיינעם, מען קאָן דעם פויגל דערשיסן, אָבער נישט אויסוואָרצלען אַן אינסטינקט...

איסאַק האָט געשוויגן, ער איז איבעררעשט געוואָרן פון קובאַס אַרגומענטן, ער האָט געשמייכלט און אפשר געטראַכט דערביי: וואָס פלאַפּלט ער, דער וואַלד-הענדלער? אין זיין שווייגן און אין זיין שמייכל איז געווען גרינגשעצונג, כמעט חוזק...

קובאַ האָט עס דערפילט:

— עך! וואָס האָב איך זיך צערעדט אַזוי? איך האָב גאָר פאַרגעסן ווער איך בין, איך בין די קליינבירגערלעכע פסיכאָ־לאָגיע...

ער שמייכלט און קוקט אויף זיינע „מענטשן"... ווען ראַ־בינאָוויטש טראָגט אים צו עטלעכע בריוו אונטערצושרייבן, רייסט זיך די דיסקוסיע אינגאַנצן איבער.

---

שנייאיקע טעג... אונטער די שניי־ברעטער און צווישן דעם שניי און די ברעטער האָבן זיך געפּלאָנטערט מענטשן. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלע האָבן נאָר אין זינען די ברעטער, נאָר יעדערער פאַר זיך האָט זיך געהאַט דאָס זייניקע: בע־לאַ האָט געבענקט נאָך דער שטאָט. קנישינסקי האָט גע־בענקט נאָך בעלאַן, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן איצט מער פונדער־ווייטנס, זעלטענער אַריינגעקומען צו בעמזאָרן אין שטוב...

קובאַ האָט געהאַט זיין זאָרג מיטן וואַלד. קאָסטניצקי פלעגט אויף גאַנצע טעג פאַרפאַלן ווערן אין די וועלדער אויף יאַגד. מען האָט דערווייל געהאַקט באַביצקיס וואַלד און די קלעצער זענען געקראָכן צום טאַרטאַק, גאַנצע טעג האָט מען געפירט די לאַנגע ביימער... אָבער קובאַ האָט געוואַרט אויף דעם גרויסן וואַלד. אַ וואַלד. וועלכן מען וועט האַקן דריי יאָר, דער קאָפּ וועט אים זיין רויק, ער וועט זיך דערמאָלט פילן זיכערער און איינגעפונדעוועטער אין דאָמבראָווקע... אָבער דערווייל איז דער וואַלד זיך רויק גע־שטאַנען אויף זיין אָרט און קאָסטניצקי שיסט אויף די ווילדע חזירים און ער איז בייז: ער טרעפט זייער זעלטן אין אַ „דזשיק".

איטאַק, „דער רוסישער", האָט אַנומלט געזאָגט צו בעלאַן, אַז ער קלייבט זיך צוריק קיין רוסלאַנד.

ווען בעלאַ האָט עס שפּעטער דערציילט קובאַן, האָט אים דאָס וויי געטון:

— איך פיל, אַז ער פאָרט שוין איצט אַוועק אויף שטענ־

דיק, מיר ווערן אויס ברידער... אָבער איינס פאַרשטיי איך נישט: צוליב וואָס איז ער דאָ געקומען און צוליב וואָס פאָרט ער אַוועק...

ער האָט באַשלאָסן מיט אים פאַר זיין אַוועקפאָרן צו רעדן.

מיט אַ טאָג שפּעטער זענען זיי ביידע געפאָרן צוריק פון באַביצקיס וואַלד. ביידע אַליין אויף אַ שליטן, דאָס פערד האָט אָנגעטריבן קובאַ. די ברידער זענען לאַנג געזעסן און געשוויגן. פּלוצלינג האָט זיך קובאַ אָנגערופן:

— בעלאַ האָט מיר געזאָגט, אַז דו פאָרסט אַוועק צוריק קיין רוסלאַנד, ס'איז אמת?

— יאָ!

— פאַרוואָס אַנטלויפסטו? ניין! דאָס איז דיין זאַך, נאָר זאָג מיר, צוליב וואָס ביסטו אַהערגעקומען? און פאַרוואָס ביסטו שטענדיק פאַרטרויערט, נידערגעשלאָגן, דאָס וואָלט איך וועלן וויסן...

— עך, לאָז! . . . ער האָט עס ביין אַרויסגעזאָגט. קובאַ האָט איינגעהאַלטן דאָס פערד און געקוקט אויף זיין ברודער און געטאָרט...

דער פאַרוויסטער וואַלד אַרום, דער וואַלד-וועג, אַלץ איז געבליבן אַזוי ווי פאַרגליווערט אין דערוואַרטונג...

און איסאַק האָט גערעדט:

— מיין קומען אַהער איז געווען אַ נאַרישקייט. איך האָב געוואָלט אַנטלויפן פון זיך, געוואָלט זיך באַרויקן. איך האָב עפּעס איבערגעלעבט און איך וויל דאָס דערשטיקן אין זיך.

— אַ ליבע? — האָט קובאַ געפרעגט.

— יאָ! איך האָב איינמאָל, מיט עטלעכע יאָר צוריק, דורכגעלעבט מיין טראַגעדיע. איך האָב ליב געהאַט אַ געוועזענעם גובערנאַטאָרס אַ טאָכטער, איך האָב אַליין נישט באַמערקט, ווי דאָס פערזענלעכע האָט זיך אַריינגעריסן אין מיין לעבן, וועלכעס איז פול געווען מיט אַרבעט, מיט האָפענונג, מיט איבערגעגעבנקייט צו איין זאַך, צו אונזער זאַך... איז געקומען אַ פרוי און איך האָב באַדאַרפט מיט איר טיילן מיין האַרץ, איין העלפט פאַר מיין אַרבעט און די צווייטע העלפט פאַר איר. נאָר

סיי מיין אַרבעט און סיי מיין געליבטע, ביידע האָבן געפּאָדערט אַ גאַנץ האַרץ, נישט קיין העלפט. האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנפליקטן, קליינע, נישטיקע. ווער האָט עס צוגעגעבן אַ באַדייטונג? איך האָב דאָך ליב געהאַט און גרייט געווען אויף אַ סך... ס'איז פיל צו רעדן און פיל צו פאַרשווייגן, איך בין נישט געקומען צו דיר זיך מתוודה זיין, דו וועסט מיך סיי ווי סיי נישט פאַרשטיין, ביסט צו־פיל פאַרנומען מיט דיינע ברעטער. כ'וועל זיין קורץ: זי האָט זיך דערשאָסן פאַר מיר אין די אויגן. זי האָט דערשאָסן נישט זיך אַליין, זי האָט אויך געטראָפן אין מיין גלייכגעוויכט, אין מיין רוי־קייט. פאַר מענטשן בין איך געבליבן דערזעלביקער: אַ דרייסטער, אַ זיכערער. און פאַר זיך אַליין האָב איך אַלץ פאַרלוירן, כ'געפין זיך קיין אָרט נישט... פאַרשטייסט? בין איך געקומען צו דיר, געוואָלט זיך באַרויקן, נאָר דיין וועלט מיט דיינע ברעטער איז שוין נישט מיין וועלט. איך האָב זיך דאָ צוגעקוקט, ווי דו יאָגסט זיך נאָך אַזאַ קאָסטעניצקין, ווי דו ראַנגלסט זיך און ווי דו ווערסט קלענער און קלענער... ניין! איך פאָר צוריק קיין רוסלאַנד, אין יענעם רוסלאַנד. וואָס דיר איז עס פרעמד, ווי מיר איז איצט פרעמד דיין וועלט מיט די מעקלערס פון וואַלד, מיט דיינע אַלע קאָמבינאַציעס. דאַכט זיך, אַז איך דאַרף דיר דאַנקען אַ ביסל פאַר גאַסטפריינטלעכקייט, דאַנק איך דיר. און וועגן מיר זאָרג נישט, איך וועל זיך איבערשטאַרקן.

קובאַ האָט גאָרנישט געענטפערט. די צוויי ברידער זענען איצט שווייגנדיק אַריינגעפאָרן אויפן פּלאַץ פון טאַרטאַק...

IX

## די לוויה פון וואַלד

עס שטייען וועלדער ווינטערדיקע, שווייגנדיקע, שטייען און לעבן פאַר זיך אַליין. מיט זיך אַליין. פאַראַן דאָרטן געדיכטע ווינקלען, ווו דעם מענטש איז שווער צו שפּרייזן, ווו דער פלינקער פוקס באַהאַלט זיך פון מענטשנס אויג און ביקס, געדיכטע ווילדגעוויקסן, צווישן וועלכע דאָס ווילדע חזיר פאַרגראָבט זיך.

עס שטייען וועלדער און שווייגן זומער מיט גרינקייט און ווינטער מיט ווייסקייט. דאָ צעטרעט קיינער נישט דעם שניי, די שפּיצן, די צווייגן פון די ביימער האַלטן אויף זיך יעדעס ביסעלע שניי, ווי אַ הייליקייט. אפילו דאַן ווען דער פלינקער ווינט יאָגט דעם שניי אַראָפּ פון די צווייגן, זעט עס גיכער אויס ווי אַ שפּיל איידער ווי אַ בייזקייט.

ווייסקייט שפּיגלט זיך אין ווייסקייט... און די שפּיציק-דינע, גרינע נאָדלען וואַרעמען זיך צווישן די שניי-קישעלעך, ווי דאָס וואָלט איינער געזאָרגט פאַר זיי און צוגעגרייט בעטגעוואַנט... וואָס דאָרט גרויסע וועלט און גרויסע שטעט! קיין אַנדערע וועלט, ווי די וואַלד-וועלט איז נישטאָ, קיין כומל איז נישטאָ, קיין קלאַנג נישטאָ. שטילקייט און ווייסקייט האָט גאָט באַשאַפן און מער איז גאָרנישטאָ און מער וועט גאָרנישט זיין. פון צייט-צו-צייט שפּאַצירט צווישן די ביימער אַ ווינטל, דאָ איז צופיל שניי און דאָרט צו ווייניק, גלייכט ער עס אויס: אָט אַזוי באַדאַרף עס זיין, אין

אזעלכע פארמען באדארף דער שניי ליגן, דאס איז נישט אינזער־קאמפאזיציע, נישט אונזער איינפאל. די נאטור האט אירע פארמען, אירע קרויזן און שפיצן, אזעלכע און אזעלכע בערגעלעך און גריבעלעך פון שניי. די צווייג מער איינגעוויקלט אין ווייסקייט און יעצט צווייג ווייניקער... אט אזוי באדארף עס זיין. פאראן געוויסערגעץ אן אויג, וואס קוקט אויף דעם אלעם און קוועלט פון דעם. אומזיסט איז נאך גארנישט באשאפן געווארן...

עס שטייען וועלדער מיט די ווארצלען אין טיפער ערד און פוצן זיך אין ווייסקייט, ווי פארגליווערטע ווייסע פאווען, און פליט א שנייעלע, זעט עס אויס, ווי אן אויסגעצופט, ווייס פעדערל... מענטשן, די האבן זיך פארשידענע געטער געשאפן, געטער אין די הימלען און אין דער פאנטאזיע. געטער פון ליים און האלץ, פון גאלד און שטיין, דער גאט פון ווייסן ווינטער־וואלד איז ווייס... ווייס ווי א שנייעלע און גרויס ווי א שנייעלע, און ווען מיליארדן אזעלכע שנייעלעך פארשיטן דעם וואלד, לעבט אין די אלע שנייעלעך איין נשמה...

ווייסקייט...

א ווייסע וועלט לעבט, טאגט און נעכטיקט מיט איר ווייסקייט. שטילקייט...

אין יעדער שטילקייט איז פאראן עפעס פון דער ענדלאזער אייביקייט. אין וואלד־שטילקייט טאפלט זיך די אייביקייט און זאל דער יעגער נישט זיין קיין גרויסער יחסן בא זיך: א שאס, אן עכא, איין רגע, און די שטילקייט קאנצענטרירט זיך ווידער אין זיך און שלינגט איין די חיזיע פון מענטש און זיין ביקס.

די מענטשן, וועלכע קומען דא אין וואלד מיט ביקס און הינט, זיי זענען נישט מער ווי צייטווייליקע געשפענסטער פאר דער אייביקייט. קיין קראפט קאן זי נישט באזיגן, גאט אליין איז געקומען פון איר, גאט באהאלט זיך אין איר...

מער נישט, אן אייז־קאלטער געמורמל גייט אריבער פון בוים צו בוים און דער ווינט טראגט אן ענטפער פון אלע ביימער: זאל דער מענטש טומלען, זאל ער אויסהאקן אלע ביימער און אויסגראבן אלע ווארצלען אונזערע... דער קלוגער מענטש גראבט מיט זיין

קלוגשאָפּט אַ קבר פֿאַר זיך, פֿאַר אַלע דורות. ער וועט זיך אַליין
פֿאַרניכטן. ער מוז זיך פֿאַרניכטן, עס וועט אַמאָל ווידער זיין אַ
וויסטע וועלט און אויף דער פֿאַראומרייניקטער ערד וועלן ווידער
אויפֿגיין וועלדער, גרויסע, געדיכטע וועלדער, אין די וועלדער
וועלן לעבן ווילדע חיות, ווילדע, שלעכטע. אָן אַ פֿאַלשן אמת, ווי
די מענטשן לעבן, זיי וועלן לעבן אין וואַלד און דער וואַלד וועט
לעבן פֿאַר זיי... דער וואַלד וועט זינגען מיט טויזנטער שטימען...
שטיינער שטומע, פֿעלזן וועלן הערן דאָס וואַלד-געזאַנג, ערגעץ-ווּ
וועט דער ווינט אַ ביסל שטויב צעטראָגן, דאָס וועט זיין דער שטויב
פֿון אַ ביין... געלעבט אַמאָל אַ מענטש...

לייג צו דאָס אויער צו דער פֿאַרפֿרוירענער ערד, צו אַ
קאַלטן בוים, וועסטו הערן וואָס וואַלד דערציילט נישט, וועסטו
פֿילן, וואָס וואַלד פֿאַרטרויט נישט. אַ גרויסער אמת באַדאַרף נישט
קיין פּרעדיקער. די נאַטור איז דער גרעסטער אמת... מענטש!
וואָלסט באמת געווען אַ גרויסער חכם, ווען דו קאָנסט אויפֿלערן,
צוליב וואָס לעבט אַזאַ פּיצל פֿויגל אין אַזאַ גרויסן וואַלד און וואָס
טרילערט ער דאָ אין דער ווינטערדיקייט? און זומער דער שמע-
טערלינג מיט זיינע קאָלירן. צוליב וואָס לעבט עס אַזאַ איינטאָגי-
קער פֿלאַטער? דער מענטש, דער פֿאַרנונפֿטיקער האָט יעדעס באַ-
שעפֿענישל פֿאַרשריבן, פֿאַרצייכנט, אַ נאָמען געגעבן, אָבער צו וואָס
לעבט עס און צוליב וואָס לעבט ער אַליין?

אָפּטמאָל דאַכט זיך, אַז דער גרויסער, אומגעלומפּערטער
שטיין, וואָס ליגט בײַ דער זייט פֿון אַ גרויסן שאָסיי-וועג, ער
ווייסט מער, ווי די קלוגע מענטשן ווייסן, ווייל ער ווייסט גאָרנישט,
זיין גרויער גראַניט-קאָפּ האָט נישט קיין אויגן. און אפֿשר זעט ער
מער פֿאַר אונז, ווייל ער זעט גאָרנישט. יעדעס קלאָרע וואַסערל
ווייזט אונז אונזערע בלייכע באַקן מיט די אומעטיקע אויגן און עס
בלייבט אַזוי גלייכגילטיק צו אונז, ווי דער גרעסטער יחסן. די נאַ-
טור איז אייביק גלייכגילטיק צו אונז, אפֿילו דאַן ווען מיר קניען
פֿאַר איר.

די גרויסע שטומע ווינטער-ווייסקייט פֿון וואַלד, וויפֿיל מאָל

דערשרעקט זיך דער מענטש פאַר אַזאַ ענדלאָזער ווייסקייט, תכריכים זעען אַזוי אויס.

עס שטייען וועלדער און שווייגן. ווייטע, טיפע, הונדערטער קילאָמעטער. ווו־נישט־ווו האָבן מענטשן דורכגעהאַקט אַ וועג.

עס זעען זיך אַלטע דערפער מיט שוואַרצע שטרויענע דע־כער, איינצלנע הייזער, אפשר לויפט ערגעץ דורך צווישן די וועל־דער אַ באַן־צוג אָבער די אייביקייט צעשטערט עס נישט. אַ גרוי־סע האַנט פון ווינטערדיקער ווייסקייט פאַרדעקט די גאַנצע וועלט און יעדער מענטש, וואָס גייט דאָ פאַרביי, אָדער פאָרט פאַרביי, יעדער איינער ווערט אַ ביסל פאַראייניקט צו דער וואַלד־אייביקייט, ער לעבט דורך אין איין רגע דעם יום־טוב פון טויט. עס טרעפן טעג, ווייזט אויס, אַז דאָס זענען די טעג פון וואַלדס יום־טוב... ווינטער...

ווער ווייסט דעם וואַלדס קאַלענדאַר? ווער עס קומט פון דער מענטשן־משפחה אין אַזאַ טאָג אין וואַלד, דער פאַרגרעבט־סטער מענטש ווערט איבערראַשט, די ווייסקייט האָט זיך אַליין אויסגעוועבט און אויסגעשפּינט גאַרדינען, וואַלן, וועלאָנען, די דינסטע קרויזן, לופטיק און לייכטער, ווי שפּינוועבס, פון בוים צו בוים, פון צווייג צו צווייג. אַ פלאָנטער, אַ נעץ פון לויטע־רע פעדעם, יעדער פאָדעם איז דורכזיכטיק און אַלע פעדעם צו־זאַמען, דאָס איז אַ ווייסע לעגענדע פון אייביקער ציטערדיקער ווייסקייט...

טויט־שטום, קאַלט־ווייס, ווער עס איז געבענטשט אַ ביסעלע פון גאָט, יענער הערט קלאַנגען, ווייסע קלאַנגען, אַ ווייסע סימ־פאָניע, דער נאָמען פון דער סימפאָניע איז „ששאַ!" לייען, אויב דו קאָנסט לייענען דעם שנייס שריפט, דעם פראָסטס העראָגליפן. דער מענטש שרייבט מיט שוואַרץ אויף ווייס, דער פראָסט צייכנט ווייס אויף ווייס. מאָדנע צייכנס, דאָס האָט דער פראָסט זיי געבראַכט פון ווייטע פאַרפרוירענע וועלטן, די שריפט פון אייביקייט און אור־אַלט, און אפשר...

אויף איין ביסעלע שניי איז אפשר מער אָנגעשריבן, ווי אין אַלע ביכער אונזערע. פאַראַן מענטשן, וועלכע גייען אַלץ מער צוועק

און מענטשנס ביכער, זיי בלאָנדזשען אין די לעצטע פאַרבליבענע וועלדער, זיי זוכן מיט די אויגן אַ סימן, אַ צייכן, וואָס זאָל זיי געבן רויקייט, זאָלן זיי אַוועקגיין נאָך טיפער אין די וועלדער, זאָלן זיי זיך לערנען לייענען, וואָס ווייסקייט שרייבט אויף ווייסקייט, מיט שוואַרצע טינט האָט מען שוין צופיל פאַלשקייט אָנגעשריבן און די אַלע אויסגעקלערטע אמתן האָבן נאָך קיינעם נישט געהאָלפן...

אפשר איז טאַקע דאָס שווייגן דער גרעסטער אמת? שטייען דאָך די גרויסע בערג און שווייגן, עס שווייגן די ווייטע שטערן... נאָר אים, דעם מענטשעלע, ווילט זיך טומלען און שרייען. עס שטייען די וועלדער, בוים נאָענט צו בוים, נאָר יעדער בוים רעדט מיט זיינע צווייגן אויף זיין שטום-לשון. יעדער בוים אַ וועלט פאַר זיך, און ער רירט נישט אָן זיין שכן...

אַ וועלט מיט שטילקייט האָט דער ווינטער-וואַלד. און וואָס איז די רגע, ווען די שטילקייט פון וואַלד רייסט זיך פּלוצלינג איבער?

עפּעס אַ מענטש האָט ערגעץ-ווו מיט זיין טריט, צי מיט זיין שאָס דערשראָקן אַ סאַרנע... לויפט זי האַסטיק איבערן וואַלד, דעם איידעלן קאָפּ אויפגעהויבן, די אומעטיקע אויגן דערשראָקן, זי לויפט אין דעם ווייסן קעניגרייך פון דינע שניי-פעדעם און זי צעפליקט עס. דער וואַלד בייזערט זיך נישט, ווייל זיין זילבערנעם אוצר איז נישט אויסצושעפּן...

לויפט אַזאַ סאַרנע.

און דער מענטש לויפט נאָך, ביז די ווייסקייט פאַרצויבערט אים. עס נעמט אים שווינדלען אין די אויגן און די ווייסעביימער שטעלן זיך אים אין וועג: לויף נישט, וועסט דעם קאָפּ צעשמעטערן. דער מענטש שטעלט זיך אָפּ, ער זעט, ער האָט דעם וועג פאַרלוירן, ווייל קיין צייכן איז אין ווייסן וואַלד נישטאָ, איין פּנים אַלע ביימער און איין מאָס האָבן אַלע דורכגעגאַנגען צווישן די ביימער. די סאַרנע איז געראַטעוועט, דער וואַלד האָט זי באַשיצט און דער מענטש גייט מיט ליידיקן צוריק, אָבער וואָס מער ער פאַר-

בלייבט אין וואַלד, אַלץ רייכער ווערט ער... דער וואַלד באַ־שענקט אים מיט זילבער, אַ פּאַרטונקלטע נשמה ווערט ווייס און ריין.

*

און ער ווייסט נישט, דער וואַלד, אַז עס איז פאַראַן אַ גרוי־סע שטאָט וואַרשע, מיט רייכע האָטעלן און רעסטאָראַנען, אַז ווינ־טער הוליעט מען מער, ווי זומער. אין דער שטאָט זענען פאַראַן אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, שאַנד־הייזער און שפּיטאָלן, מעקלערס און סוחרים, שפּיל־הייזער און לוקסוס־געשעפטן. אין דער שטאָט זענען אויך פאַראַן רעיענטן...

און באַ איינעם פון דידאָזיקע רעיענטן האָט מען די טעג אונטערגעשריבן אַ פּאַפּיר... וואָס גייט עס אָן דעם וואַלד, וואָס איינער אַ קאָסטניצקי, וועלכער איז אַ פּאַרוואַלטער פון כראַביע בראַניצקיס גיטער, האָט אונטערגעשריבן מיט שוואַרץ אויף ווייס אַ פּאַפּיר... וואָס ווייסט דער וואַלד? און וואָס באַדאַרף וויסן אַ וואַלד?

ער ווייסט נישט, דער וואַלד, קיין איין בוים פילט נישט, אַז די טעג האָט מען אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע אונטערגעשריבן זיין טויט־אורטייל...

יאָ! די טעג האָט געמזאַר מיט בראַניצקיס פאַרוואַלטער אונ־טערגעשריבן באַם רעיענט אַ קאָנטראַקט וועגן אויסהאַקן בראַניצ־קיס וואַלד, וועלכער ליגט נישט ווייט פון דאָמבראָווקע. אין דאָמ־בראָווקע, אין געמזאַרס טאַרטאַק, האָט מען שוין לאַנג געוואַרט אויף דער בשורה, און ווען דורכן טעלעפאָן האָט מען צו וויסן געגעבן, ווען מען האָט אָנגעקלונגען פון וואַרשע, האָט דער בוכהאַלטער ראַבינאָוויטש אַ געשריי געגעבן צו די איבעריקע פון די מענטשן איין וואָרט:

— אונטערגעשריבן.

איין וואָרט, איין וואָרט... און די איבעריקע מענטשן האָבן זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון זייערע ערטער. אייגער מיט אַ פּע־

דער אין האַנט, דער צווייטער מיט אַ גלאָז טיי אין זיין האַנט...

— אונטערגעשריבן? אמת? שוין אויף ריכטיק?

ראַבינאָוויטש האָט געריבן די הענט זיינע, האָט זיך געכאַפּט צו דער באָרד גלעטן און האָט געענטפערט:

— יאָ, אונטערגעשריבן, גאָט צו דאַנקען!

און דאָס וואָרט האָט זיך באַלד אַוועקגעקייקלט אין צווייטן הדר, פון צווייטן אין דריטן, עס איז אַריין אין טאַרטאַק, אַוועק איבער די נאָענטע ישובים, און אַלע האָבן פריי אָפּגעאָטעמט:

— עס וועט זיין אַרבעט, מען וועט האַקן דעם וואַלד, די פויערן וועלן פירן, דער טאַרטאַק וועט שניידן און געמזער וועט פאַרקויפן...

— עס וועט זיין אַרבעט...

— עס וועט זיין טומל און גערודער.

— אַ מזיק אונזער באַלעבאָס...

— איר שפּילט זיך מיט געמזאַרן...

— ער האָט אויסגעפירט, ער האָט זיינס אויסגעפירט, איר ווייסט, וואָס פאַר אַ וואַלד דאָס איז? סאַמע שטאַם... גאַלד, נישט קיין האָלץ, אַ פינף הונדערט מאָרגעט וואַלד, עס וועט זיין אויף דריי יאָר צו האַקן...

מענטשן האָבן זיך געקושט.

קנישינסקי, וועלכער איז נאָך נישט געווען אַזאַ פאַרקאָכטער וואַלד-מענטש, ווי די איבעריקע, ער איז אויך געוואָרן אַ ביסל איבערראַשט פון טומל, פון אַלעמענס שמחה און ער איז געלאָפן אַנזאָגן בעלאַן:

— אַ גוטער גרוס פון וואַרשע, אייער מאַן האָט טעלעפאָנירט, אַז מען האָט שוין אונטערגעשריבן, דער גרויסער וואַלד איז שוין זיינער, אין קאַנטאָר איז אַ שמחה.

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף אים, זי האָט זיך אָפּגעריסן פון די קינדער, מיט וועלכע זי האָט זיך געשפּילט אין רעבוס-קלעצעלעך...

— טאַקע ! אמת ? אַך ! קובאַ האָט אויסגעפּירט...

זי אויך. אַלע זענען געווען צופרידן פון דער געשעעניש. קנישינסקי איז אין יענעם אָוונט געבליבן לענגער דאָרט זיצן. די קינדער זענען אַוועק שלאָפן. די נאַכט איז אַרום שטיל געוואָרן און די צוויי זענען געזעסן אַליין אין אַ צימער און גערעדט און געזוכט וועגן וואָס צו רעדן...

פון יענער צייט, ווען קנישינסקי האָט אַ קוש געגעבן בעלאַן, ווען זי האָט אים דערנאָך אָנגעזאָגט, „אַז מער זאָל דאָס נישט זיין", פון יענעם אָוונט האָט קנישינסקי זיין דרייסטקייט פאַרלוירן און איצט האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער איז געבליבן מיט איר אויג אויף אויג. שוין געווען באַ זיך רויקער, און איצט רייצט זי אים ווידער... וויפיל מאָל... וויפיל מאָל ער וויל זיך צופרייסן פון זיין פּלאַץ און אַרומכאַפּן די פרוי, זאָל געשעען, וואָס עס וויל, זאָל געשעען ! זי איז אפשר נישט שולדיק, נאָר בעת זי רעדט און שמייכלט, בעת זי קוקט אויף אים, דאַכט זיך אים אויס, אַז זי וועט אים אין גאַרנישט אָפּזאָגן און נאָר צו אים, בלויז צו אים, שמייכלט זי אַזוי...

האָט ער דאָס שוין אָבער איינמאָל געפּרוווט און זי האָט אים אָנגעזאָגט, אַז מער זאָל דאָס שוין נישט זיין.

איצט הערט ער ווערטער, וועלכע צעטומלען אים ווידער :

— איר זענט אַזוי ערנסט געוואָרן, פּאַניע קנישינסקי !

— איך ווייס נישט, וועגן וואָס מיר זאָלן ערנסט איר רעדט...

— מיט מיר זענט איר ערנסט געוואָרן, איר רעדט ווייניקער, איר קוקט אפילו ווייניקער אויף מיר, מיט איין וואָרט : ערנסט...

— מיין לאַגע איז אַזאַ...

לאַכט זי זיך פונאַנדער מיט אַזוי פיל גוטמוטיקייט. פון איר געלעכטער און פון איר שמייכל צעטומלט זיך פריילעך קנישינסקי און ער איז שוין גרייט צו רעדן אַ סך, אַלץ אויסדערציילן, באַקלאָגן זיך און פאָדערן, ער איז שוין גרייט אויסצושטרעקן די הענט...

אין דעם קלאַפּט עמעץ אין טיר : ראַבינאָוויטש קומט אַריין.

זיין שווארץ-גרויע באָרד איז איינגאַנצן ווייס, עס פאַלט אויפן גאַס אַ פרישער שניי. ער איז געקומען דערציילן, אַז נעמזאַר האָט נאָכאַמאָל געקלונגען פון וואַרשע. מיט בראַניצקיס וואַלד איז געענדיקט און ער, נעמזאַר אַליין, קומט מאָרגן, מיט אים קומען אויך צוויי דייטשישע סוחרים פון בערלין, זאָל די מאַדאַם זיך ריכטן אויף געסט. ער איז נאָך לענגער פאַרבליבן, גערעדט און געלאַנגווייליקט.

בעת ער האָט גענומען אַוועקגיין, האָט שוין קנישינסקין נישט געפּאַסט צו פאַרבלייבן. ער איז אַרויס צוזאַמען מיט ראַבינאָוויטשן, אַ געדיכטער שניי איז געפאַלן, ווי אַ ווייסע וואַנט וואָלט זיך געשטעלט צווישן צוויי פרעמדע מענטשן. בעת קנישינסקי איז צו זיך אין צימער אַריין, האָט ער לאַנג געטרייסלט די רעשטלעך פון שניי, און אויפגעמונטערט פון נאַכט-פרישקייט, האָט ער צו זיך געמורמלט:

— מיט דער בעלאַ איז נאָך נישט געענדיקט.

אויף זיין געלעגער האָט ער געמאָסטן און געוויגן איר יעדעס וואָרט, יעדן פינטל מיטן אויג...

און אויף מאָרגן האָט דאָמבראָווקע טומלדיק געאַרבעט, מען האָט זיך געגרייט צום האַקן דעם נייעם וואַלד. נעמזאַר איז געקומען און צוליב זיין קומען האָבן די אַרבעטער געמאַכט אַ שטיקל יום-טוב. מען האָט אים אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד. לעבן טאַרטאַק האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ טריומף-טויער, דער אָרקעסטער פון די פייערלעשער האָט געשפּילט „הונדערט יאָר", מען האָט געשריגן:

— ניעך זשיע! זאָל לעבן נעמזאַר!

בײַנאַכט האָט מען געגרייט טישן און דער עולם האָט געטרונקען. דער פראָסט האָט געקנאַקט אונטער דעם פענצטער... דער פראָסט, דער פראָסט! זאָל ער לאַנג אָנהאַלטן, וועט מען מער קאָנען אַרויספירן. ווען בײַ נעמזאַרן אין קאַנטאָר האָט מען געטרונקען „לחיים" צוליב דעם, וואָס בראַניצקי האָט איבערגעשריבן דעם וואַלד, אין דער זעלבער צייט, זענען עטלעכע

בעמזאָרס מענטשן אוועק אין די נאָענטסטע דערפער אַנזאָגן די פויערים:

— מאָרגן זיך שטעלן האַקן...

— דער פראָסט איז מים אונז...

— דער וועג איז גרויסאַרטיק.

אַנדערע פויערים זענען שוין געשלאָפן, האָט מען זיי אויפגעוועקט פון שלאָף.

— מאָרגן באַגינען נעמט מען זיך צו בראַניצקיס וואַלד.

— כאַראַשאָ! און דער פויער שלאָפט איין צוריק, עס קאָן זיין, אַז די אַלטע צייטן פון נישט געריכטע וועלדער חלומען זיך אים.

די פויערים פון פאַלעסיע, די פאַלעשוקעס, נידעריקע, אין אָרימע זאַק-בגדים, אין לאַפּטשעס, שכנים פון אזעלכע געדיכטע וועלדער, זיי לעבן אַליין אין נידעריקע הייזלעך, וואָס זעען אויס, ווי חיהשע נאָרעס אין די וועלדער. זיי לייגן עס אוועק די אַלטע. הונדערטיעריקע ביימער און אין דער זעלבער צייט קוקן זיי קרום אויף זי, וועלכע באַצאָלן זיי פאַר זייער אַרבעט, זיי קרעכצן און זיפצן, וואָס עס ווערן אַלץ ווייניקער וועלדער. אין די וועלדער איז טונקל און די טונקלקייט פאַלט אויך אויף די דאָרפישע ישובים, האָבן זיי עפּעס מורא, די פויערים, ווען מיט דעם אויסהאַקן פון די וועלדער ווערט צו ליכטיק אַרום.

איצט לויפן באַנאַכט נעמזאָרס שליחים פון דאָרף צו דאָרף:

— מאָרגן צו דער אַרבעט!

— דער זאַמלפּונקט לעבן אַנטאָני, דעם גאַיאָווי.

זיי וועלן קומען מיט די העק, באַלד באַגינען, נאָך מיטן שלאָף אין די אויגן, זיי וועלן שפּרייזן פון בוים צו בוים מיט די העק און פאַר יעדן בוים, וואָס זיי וועלן אַוועקלייגן, וועלן זיי באַקומען אַ באַשטימטע מטבע, מענטשן פאַרהאַנדלען גאָטס גאָב...

זיי וועלן קומען די הונדערטער פויערים אין די לאַפּטשעס,

זיי וועלן פאַרניכטן דאָס צירונג, וואָס רינגלט אַרום ווייטע ישובים. . .

אין קאַנטאָר. נעמזאַר דערציילט, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין שטאָט מיט בראַניצקין. עס איז נאָך ערב קאַרנאַוואַל און יענער האָט זיך שוין געלאָזט הוליען אויפן גרויסן אופן. די נעכט געהוליעט און די טעג געשלאָפן. קאָסטניצקי האָט אויך געטון דאָס זעלבע... גיי כאַפּ זיי די פּריצים.

נעמזאַר דערציילט, ווי ער האָט זיך געערגערט און געמיינט אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן...

נאָר פלוצלינג, אינמיטן נאַכט, קלינגט מען צו אים:

— עס רעדט קאָסטניצקי... דאָברי וויעטשאָ

— מיט וואָס קאָן איך דינען?

— פּאַניע נעמזאַר! איר האָט בײַ זיך געלט? פאַר בראַניצקין. . .

האָט נעמזאַר באַלד פאַרשטאַנען: אוודאי פאַרשפּילט זיך אין קאָרטן...

— געלט... פאַר וואַלד... אַ טייל האָב איך בײַ זיך און אַ טייל מאָרגן עלף אינדערפרי...

— גוט, איך שיק צו צו אייך אַ מענטש.

— און ווען גייען מיר צום רעיענט?

— ווען איר ווילט, פּאַניע נעמזאַר!

אָט אַזוי איז דאָס געשעפט געשלאָסן געוואָרן...

און מאָרגן איינס אַ זייגער האָט מען טאַקע אונטערגעשריבן „אונטערגעשריבן".

עס איז עפּעס אַ טייער וואָרט, ווייל בײַ די אַלע, וועלכע זיצן דאָ בײַ נעמזאָרן, לויכטן די אויגן נאָך שטאַרקער ווי בײַ בראָנפן.

„אונטערגעשריבן".

עפּעס אַן אויפלעבונג פאַר אַ סך מענטשן. זיי וילן טאַנצן פון פרייד. זיי זינגען יידישע ניגונים. עס איז וואַרעם אינעווייניק, דער ווינט רייסט די לאָדנס, דער שטאַרקער סקריפּעט אונטערן סענ-

טער, ווי אַ גרויסע נאַכט־שפּין... אָ, דער טאַרטאַק וועט איצט נישט בלייבן שטיין, מען וועט ווידער אַרבעטן טאָג און נאַכט...

עס וועט זיין אַ סך אַרבעט.

אָבער דער וואַלד, וואָס שטייט איצט מיט זיין פראָסט־שטאָ־לענער ווייסקייט איינגעהילט אין נאַכט. ער ווייסט נאָך גאָרנישט, דער וואַלד, אויף מיילן ווייט ציט ער זיך, די אַלע חיות אין זייערע נאָרעס, די שטיפערישע וויעוויורקע אין איר קליין היימעלע...

קיינער אין וואַלד ווייסט נישט, אַז באַגינען וועלן קומען פויערים מיט זעגן און שאַרפע העק, עס וועט קרעכצן דער וואַלד, די אייביקייט וועט זיין אונטערטעניק ווי אַ שעפּסעלע... מאָרגן באַגינען...

און נעמזאַרן האָט געגליקט. אַ גוט פרעסטל האָט זיך אַוועק־געשטעלט. דיביימער האָבן זיך אַלע פאַרצויגן מיט טוי־פראָסט. דער אָנהייב פון וואַלד האָט אויסגעזעען ווי אַ פראָסט־וואַנט. זויס־געדאַכט האָט זיך, אַז דער גאַנצער פראָסט קומט טאַקע פון וואַלד, דאָרט, אין די געדיכטע טיפענישן, זיצט דער שטאַב פון פראָסט און ער צעשיקט עס די קאַלטע, שטייפע פאַליעס פון קעלט. גע־געראָלן מיט שניי־בערד קוקן און באַטראַכטן מיט פאַרגליווערטע אויגן דאָס שלאַכט־פעלד און בליצן מיט ברילאַנטענע פונקען פון נחת און גדולה.

ווען נעמזאַר איז שפּעט אַהיימגעקומען, האָט ער געשמייכלט צו בעלאַן:

— דער וואַלד איז מיינער, דער פראָסט איז מיט מיר. וועסט זען, בעלאַ, עס וועט איצט אַוועקגיין צו אַרבעט. כ'וועל דעם גאַנצן ווינטער נישט אַרויסבאַרן. מען דאַרף אַ סך אַרבעטן.

— צו וואָס אַזוי פיל אַרבעטן? — האָט בעלאַ ווי נישט ווילנדיק אַ פרעג געטון.

נעמזאַר איז געווען צו גוט געשטימט און בעלאַס פראַגע האָט זיין שטימונג נישט קאַליע געמאַכט.

— טייערע בעלאַ! צו וואָס אַרבעטן? פשוט דערפאַר, ווייל איך האָב עס ליב.

עס איז שוין געווען שפּעט און נעמזאַר באַדאַרף אויפשטיין

גייער פרי, ער וויל זיין דערביי, ווען מען וועט נעמען האקן בראַ־ניצקיס וואַלד...

נעמזאַרס שמחה און בעלאַס מעלאַנכאָלישע שטימונג האָבן זיך אין דעמדאָזיקן אָוונט גישט פאַרייניקט. מען איז געגאַנגען שווייגנדיק שלאָפן...

*

אין דער האַלב־פינצטערניש פון ווינטערדיקן פרימאָרגן גנבע־נען זיך פויערים צום וואַלד. זיי גייען דורך זייטיקע וועגן, מען זאָל נישט באַגעגענען אַ צווייטן, מען איילט זיך, ווייל ווער עס קומט פריער, באַקומט אויף אַ שנאַפּס, און ווער עס לייגט אַוועק דעם ערשטן בוים באַקומט אויף אַ גרויסן שנאַפּס, און וועלכער פויער עס ברענגט אין טאַרטאַק דעם ערשטן בוים, יענער באַקומט אויך אויף אַ שנאַפּס.

אַזאַ מנהג איז עס.

דעם שנאַפּס האָט גאָר באַדאַרפט באַקומען נעמזאַר אַליין, ווייל ער מיט עטלעכע פון זיינע מענטשן זענען געקומען די ער־שטע. עס איז נאָך פינצטערלעך געווען און מיט אומגעדולד האָבן זיי געוואַרט אויף מערער ליכט פון טאָג...

אויסגעזען האָבן די מענטשן, ווי אמתע פאַרשווערער. נעמ־זאַר איז געשטאַנען מיט אַ ביקס אויף די פּלייצעס, פון צייט־צו־צייט פלעגט ער מיטנעמען אַ ביקס... ווער ווייסט, וואָס אין וואַלד קאָן פּאַסירן. איז ער אַזוי געשטאַנען מיט דער ביקס און אויסגע־וואַרט דעם טאָג, און געוואַרט אויף די פויערים...

זיי זענען אָנגעקומען מיט האַק און זעג, מיט פעקלעך, אין וועלכע עס זענען שוואַרצע ברויטן געלעגן. אָרימע פויערים, אָנ־געטון אין לייוונטענע בגדים, איינגעוויקלט אין שעפּסענע פעלצ־לעך, ווער פון זיי אין „כאַקי"־הויזן, אָדער אין אַ דייטשיש זעל־נעריש היטל, דאָס זענען די טראָפּעען פון דער מלחמה, נישט איינער פון זיי האָט עס אָראָפּגעשלעפּט פון די געהרגעטע זעל־נער.

אין נעמזאַר האָט געוואַרט און זיך דערוואַרט דעם טאָג.

לאנגזאם איז עס אַרויסגעקראָכן פון דעם גרויען שלייער די העלע פראָסט-ווייסקייט פון טאָג און נעמזאַר האָט שוין געהאַט נאָכאַמאָל די מעגלעכקייט אַ קוק צו טון אויף „זיין" וואַלד...

צי מען האָט גוט געקויפט?

צי עס איז טאַקע פאַראַן אַזוי פיל גוט האָלץ, וויפיל די מענטשן זיינע האָבן אָפּגעשאַצט. ער מעסט די ביימער מיט די אויגן, ער שפּאַצירט אַוועק טיף אין וואַלד, ער מאַכט זיינע חשבונות און ער פאַרגעסט דערווייל, אַז אויף אים וואַרטן אַ סך מענטשן מיט העק...

ביז ער דערהערט זיין נאָמען.

אין דעם טוי-פראָסט צעקלינגט זיך זיין נאָמען:

פּאַניע נעמזאַר!

דאָס רופט אים ווער פון זיינע מענטשן, ווייזט אויס, אַז די די פויערן, די האָלץ-העקער, האָבן זיך שוין צונויפגעזאַמלט. „פּאַ-ניע נעמזאַר!" אין זיינע טיפסטע טיפענישן קלינגט אים אָפּ זיין אייגענער נאָמען, זיין זיידע, זיין טאַטע דערמאַנט זיך אים, מען רופט אים, מען רופט אים האַקן וואַלד...

אַן אים וועט זיך דאָס נישט אָנהייבן.

אַ מחנה פויערן באַגריסן אים... שווייגנדיקע און מונטערע פון פראָסט און פון געדאַנק, אַז מען האָט איצט אַזוי פיל אַרבעט. אַ גרויסע מחנה אַרבעטער וואַרטן און קוקן אויף נעמזאַרן.

אַ סיגנאַל, ער הייבט אויף אַ האַנט:

— כלאָפּצי!

זיי דערלאַנגען זיך אַ ריס אָפּ פון זייערע ערטער, אין וואַלד אַריין צו די ביימער, זיי לויפן האַסטיק, אין טיפן שניי אַריינגע-רוקט די פיס מיט די לאַפּטשעס. ווער עס טראָגט שטיוול, יענער מאַכט עס פלינקער, אָבער באַ אַ סך געדויערט עס אַן איבעריקע רגע, ביז מען ציט פון שניי דעם פוס אַרויס...

איינער פאַלט, דער צווייטער לאַכט, דער דריטער זידלט זיך אין אומשולדיק ווייסן וואַלד מיט דער מיאוסער רוסישער ברכה... אַ סך שניי צעטרעטן... די מענטשן לויפן צו צו די ביימער און נידערן פאַר זיי, נידערן מיט האַק און זעק...

אפשר וועט זיך דאָ געפינען איינער, וועלכער וועט אויפ־הייבן זיין קאָפּ און נאָך איינמאָל, צום לעצטן מאָל, באַטראַכטן דעם שיינעם ווייסן וואַלד־פּאַלאַץ, ווי לעגענדאַריש ער איז געבויט. די צווייגן פון איין בוים ציען זיך וויס־גרין צו די צווייגן פון צווייטן בוים, פרעכטיקע חופּה־שטאַנגען, ווייס־ציטערדיקע פּאַמוגעס, דורכ־זיכטיקע סופיטן... און די ביימער אַליין... וואָס דאַרט יאַנישע אָדער קאָרענטישע זיילן! דער וואַלד האָט זיין אַרכיטעקטור, יעדער בוים האָט זיינע קאָמבינאַציעס מיט די צווייגן. איין צווייג, ווי אַ ווייסער פליגל, די צווייטע צווייג, ווי אַ ווייסער פליגל און די דריטע צווייג זעט שוין אויס, ווי אַ שיפל, ווי אַ ווייס קינדעריש וויגל, וועלכעס וויגט זיך אונטערן סופיט אויף שטריק. צוויי קלענערע צווייגעלעך באַהאַלטן זיך אונטער אַ גרעסערן, ווי יונגע פייגעלעך געוואַרעמט פון דער מאַמען...

אפשר וועט זיך געפינען אַזאַ איינער, וואָס זאָל עס צום לעצטן מאָל באַטראַכטן. אַזוי פיל יום־טובדיקייט. אויסגעפּוצט האָבן זיך ביימער אין חתונה־בגדים און ווייסע בגדי מלכות... זאָל דאָס זיין, אַז זיי האָבן זיך אַזוי אויסגעפּוצט צום טויט... אַזוי פלעגן שטאַרבן הייליקע פאַר זייער גלויבן...

זאָל ווער אַ קוק געבן אויף דער שיינקייט...

דער וואַלד הערט קלעפּ פון העק. מיט זייער גאַנצן שטאָלץ שטייען די פאַרשנייטע ביימער און ווייסן און פילן נאָך דער־ווייל נישט די העק און די זעגן... פּלוצלינג בייגט זיך אַ בוים איין, זיין גרינער לאָקן־קאָפּ מיט די ווייסע שניי־סטענגעס ציטערט אויף פאַר־אַלע ביימער...

אָפּגעריסן זיך פון דער ערד...

און שוין ליגט ער אויף דער ערד...

און באַלד לייגט מען אַוועק אַ צווייטן בוים...

און אַ מענטש מיט אַ שאָב־מעסער נעמט אַרומשאָבן זיין קאָרע און אַ פויער וואַרט שוין מיט זיין פערדל.

— זאָל זיין מיט מזל! רופט זיך אָפּ איינער פון די יידן און נעמזאַר נעמט עס אַרויס עטלעכע אַסיגנאַציעס. דער, וואָס האָט אַוועקגעלייגט דעם ערשטן בוים, יענער באַקומט זיין באַלוינונג...

און ווער הערט זיין דאנק? בעת אַ סך העק קלאַפּן אין די געזונטע קנאַכען פון די ביימער...

עס גיט אַ קרעכץ, און אַ צווייטער בוים פאַלט, דער דריטער שאָקלט זיך שוין. און די ערד שווייגט, זי האַלט פעסט אין זיך די וואָרצלען פון די אונטערגעהאַקטע ביימער און זי מיינט, אַז זי האָט זיי נאָך די אַלטע הונדערט-יעריקע סאָסנעס, זי האַלט פעסט זייערע וואָרצלען, אָבער שוין נישט מער, ווי די וואָרצלען...

אין עטלעכע שעה אַרום. צום האַלבן טאָג זעט זיך שוין אָן דער ערשטער חורבן, אַ שטיק וואַלד איז שיטער געוואָרן, די גרויסע, די גראָבע גבורים פון וואַלד ליגן שוין אויסגעצויגן. איבער זיי קריכן מענטשן מיט העק און מען האַקט זיי אָפּ די אָרעמס... אַ סך אָרעמס-צווייגן האָט אַ בוים, נאָר די עקזעקוציע קומט פאַר שנעל. ליגט זיך אַזאַ גיגאַנט אויף דער ערד, ער איז נאָך איצט ריזיק מיט זיין שווערקייט, ער רופט נאָך איצט אַרויס דרך-ארץ מיט זיין ברייטן רוקן-ביין.

אַפילו די פויערן, בעת זיי רעדן און וויצלען זיך, רעדן זיי מיט דרך-ארץ וועגן אַזאַ בוים:

— אַ יחסן. אַ באַרין...

— וויפיל יאָר רעכנסטו אים? סטעפאַן!

— איך רעכן אים צוויי הונדערט און פופציק יאָר...

און אָט וואַלגערט זיך שוין לעבן דעמדאָזיקן יחסן אַ באַרג מיט גרינע סכך-צווייגן. נאָך פריש און לעבעדיק, נאָר אַ רחמנות צו קוקן אויף דעם... געוועזן אַזוי הויך, אין דער בלויקייט פון דער לופט זיך געבאָדן און איצטער ווערט עס פון פיס צעטרעטן... ווער קוקט זיך אום אויף דעם צירונג פון בוים? ווען דער בוים אַליין ווערט שוין אַרומגעשאָבן און אַ שליטן אַ פויערישער שאַרט זיך שוין צו אים...

עס ציען זיך שוין די פויערישע שליטלעך מיט די קליינע פערדלעך. לאַנגזאַם סקריפּעט עס אין דעם טיפן שניי פון וואַלדוועג. איין האַלבער שליטן פאַרויס און די צווייטע העלפט צום סוף. אויף די מיזערנע שליטלעך ליגן אַזעלכע לאַנגע, אַזעלכע אַלטע, פריש אָפּגעשונדענע ביימער.

עס ציען זיך, עס ציען הונדערטער אַזעלכע מתים, טויזנטער. עס דאַכט זיך אויס, אַז דער וואַלד טראַנספּאָרטירט זיך איבער אויף אַ צווייט אָרט, ער נעמט זיך אַראָפּ פון זיין פּאָזיציע... אַ וואַלד, אַ גרויסער הונדערטיעריקער וואַלד האָט זיך אַ ריר געטון און גענומען קריכן... קריכן בלינדערהייט צום טאַרטאַק, אַליין אין די הענט אַריין פון קובאַ נעמזאַרן, צו זיינע שנייד־מעסערס, צו די נייע באַטאָרס, וואָס ער האָט אַראָפּגעבראַכט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום דערקענט מען שוין נישט אַ גרויסן שטח פון וואַלד, אַ חורבן, אַ שחיטה. בוים לעבן בוים און די בערגלעך סכך צוימען דעם וועג, מען קאָן פּשוט נישט דורכגיין, פרישע שפּענער פון די צווייגן, בערגלעך קאָרע. דאָ פּלאָנטערן זיך נעמזאָרס משרתים. זיי חשבונען זיך מיט די האָלץ־העקערס. כטעפּאַן האָט אויסגעהאַקט אַזוי פיל ביימער און גריגאָרי האָט אַוועקגעלייגט אַזוי פיל און אַזוי פיל, באַקומט מען קוויטעלעך, רויטע קוויטעלעך, אויף וועלכע עס שטייט אַ שטעמפּעלע: „יאַקאָב נעמזאַר־טאַרטאַק און וואַלד־האַנדל". פאַר יעדן בוים אַ קוויטעלע, פאַר אַזעלכע ביימער־גיגאַנטן אַזעלכע נישטיקע פּאַפּירלעך...

טאָג איין, טאָג אויס. עס הערט נישט אויף, דער מאַרש פון די שליטעלעך ענדיקט זיך נישט. מען שלעפּט די לאַנגע קלעצער צום טאַרטאַק.

די פויערים פירן די ביימער רויק, גלייכגילטיק, זיי באַקומען געלט דערפאַר. אָבער דיזעלבע פויערים, אַ סך פון זיי האָבן אויף זייערע גרונטן אַ ביסל ביימער. אַנדערע האָבן צו הונדערט, צו פופציק, מער אָדער ווייניקער, נאָר זיי ווילן עס נישט פאַרקויפן פאַר קיין געלט נישט:

— זאָל זיין פאַר די קינדער, אַ בוים איז אַ צירונג.

אַ פויער פאַרקויפט נישט זיין ברעקל וואַלד, ווייל דאָס איז טאַקע זיין צירונג...

די שטעט האָבן שיינע בנינים מיט זיילן און אָן זיילן. די שטעט האָבן דענקמעלער, מאָנומענטן, אָבער וואָס האָט דאָס דאָרף? און ווי אָרים, ווי ליידיק־נעבעכדיק זעט אויס אַ דאָרף, אָדער אַ קליין שטעטל, ווען אין דער נאָענט איז קיין וואַלד נישטאָ...

דער טאַרטאַק-פּלאַץ איז שוין פאַרשאָטן מיט קלעצער. אַרום טאַרטאַק קלעצער, זיי ציען זיך אַזש ביזן וואָקזאַלכל. און אין טאַר־טאַק גייט אַ טאָפּלטע אַרבעט: מען צוילט, מען מעסט די קלעצער. יעדן טאָג נייע פאַראָרדנונגען:

— היינט זאָל מען שניידן „שטאָם"!

— מאָרגן זאָל מען שניידן „מיטל"!

דאָס ווענדט זיך, וועלכע דעפּעשן עס קומען אָן פון בער־לין, פון לאָנדאָן, וועלכע סחורה מען וועט באַדאַרפן. אַלע טומלען און אַלע אַרבעטן. אָבער איבער אַלעמען איז נעמזאַר אַליין. אומעטום זעט מען אים. אין וואַלד איז ער דאָ, אין טאַרטאַק איז ער דאָ.

ער איז פרייער און מוטיקער געוואָרן אין זיינע ווערטער, רירעוודיקער און באַוועגלעכער.

נישט נאָר דערפאַר, ווייל איצט איז פאַראַן אַרבעט, ווייל עס האָט זיך אים איינגעגעבן מיטן וואַלד, נישט נאָר דערפאַר, עס איז פאַראַן נאָך אַ סיבה, וואָס זיין שטימונג האָט זיך געבעסערט... איסאַק אָוועקפאָרן.

ער האָט זיך איינמאָל מודה געווען פאַר קנישינסקין:

— איר ווייסט, אַז מיין ברודער האָט מיך די גאַנצע צייט געשטיקט מיט זיינע אויגן. ער קוקט מיך אָן, און איך מיין, אַז איך בין די גרעסטע זינד באַגאַנגען, ער האָט געבראַכט אַ מאָדנע פּאָר אויגן פון רוסלאַנד. מיר האָט זיך שטענדיק אין זיין אַנוועזנ־הייט אויסגעדאַכט, אַז וואָס איך טו, איז נישט גוט, כאָטש נעם און חענג זיך אויף אויף אַ בוים. מיט יעדן וואָרט, וואָס איך האָב גערעדט צו קאָסטניצקין, האָב איך געזינדיקט, מיט יעדן געשעפט־פּאַפּיר, וואָס איך האָב אונטערגעשריבן, בין איך אַ פאַרברעכן באַגאַנגען...

אָבער איצט איז איסאַק שוין נישטאָ און מען קאָן אַרומ־לויפן פון וואַלד אין טאַרטאַק אַריין און פון טאַרטאַק אין וואַלד אַריין. ער איז צופרידן פון זיינע מענטשן, ער איז צופרידן פון די ביימער, וואָס זיי זענען נישט קיין פאַרפוילטע, ער איז צופרידן

פון פראָסט, וועלכער האַלט כסדר אָן, פונקט ווי דער פראָסט האַלט מיט אים א קאָנטראַקט געמאַכט...

אַ טייערער ווינטער, אַזאַ ווינטער איז שוין לאַנג נישט געווען...

און ווען עס טרעפט אַמאָל, נעמזאַר טרעט אַרויף אין וואַלד אויף אַן אונטערגעהאַקטן בוים, וועלכער ליגט אויף אַ צווייטן בוים, אַזוי, אַז עס קומט אויס אַ גאַנץ הויכער פּיעדעסטאַל. ער שטייט אַזוי אויף דעם קלאָץ און גיט באַפעלן אויף רעכטס און אויף לינקס, קוקט אים דאַן אָן, ווי עס לויכטן זיינע גרויע אויגן און דאָס פּנים שיינט אין רעמל פון זיין שוואַרץ בערדל, ער דריקט צו דעם בוים מיט זיינע פיס, ווי אַ זיגער דעם באַזיגטן...

# X

## אין די ווייסע טעג

דער שניי האָט זיך געשפּילט מיט די מענטשן פון טאַרטאַק. ער האָט פאַרשיט אַלע דורכגענג צווישן די ברעטער, ער האָט פאַרדעקט די ברעטער, אין ווייסע קוואַדראַטן זענען געשטאַנען די צווייצעליקע און פירצעליקע ברעטער. דער שניי מיט זיינע שנייקאַפּריזן. היינט ווילט זיך אים פאַלן אַ גאַנצן טאָג, און בײַנאַכט בלייבט ער רויק ליגן, ווי אַ זאַטער ווייסער בער, גרויס ווי די וועלט. בײַנאַכט. דער הימל איז אויסגעשטערנט. אַ רונדער זילבערנער טעלער אַ געשייערטער שווימט איבערן טאַרטאַק... די לבנה באַטראַכט בײַנאַכט נעמזאַרס מאַיאַנטעק און אַזוי ווי זי בלייבט דאָ לאַנג, איז אַ סימן, אַז עס איז פאַראַן אַ כך צו באַטראַכטן. צום באַגינען כאַפּט אַרום אַ לינד ווינטל די אויסגעפּרעסטע ווייסקייט. דער שניי ווערט פייכט. דער הימל איז פאַרצויגן מיט באַוועגלעכע וואָלקנס. נאָר עס דאַכט זיך, אַז דעם שניי וואַרעמט ווער אונטער פון אונטן, פון אונטער דער ערד...

נעמזאַר ווערט פלוצלינג צעטראָגן:

— דאַכט זיך, אַז דער וועג ווערט קאַליע...

ער באַדאַרף דעם פראָסט, ער איז גרייט צו מאַכן אַ רעיעני-טאַלן קאָנטראַקט מיטן פראָסט, מיט געוואַלט אים איינהאַלטן. מען דאַרף ברענגען אַהער אַ סך קלעצער, טויזנטער אונטערגעהאַקטע ביימער, מען דאַרף זיי פירן זיבן, אַכט און צוועלף קילאָמעטער

ווייט... און דאָ זעט אויס, אַז דער פראָסט זאָל פּלאַצן, דאָס בעשטערט זיינע פּלענער. צום גליק ווערט די לופט פאַרנאַכט ווידער שטייף און דער שניי קרעכצט און שערבלט זיך אונטער די פיס, דער ווינט בייט זיך פון צפון אויף מערב. דער פראָסט ווערט נאָך שטאַרקער:

— וואַסיל! עס וועט זיין אַ פראָסט?

— יאָ, באַרין! ס'איז שוין אַזאַ ווינטער, זיך אויסצעשטעלט פרי מיטן גאַנצן קנאַק...

וואַסיל קוקט אויף זיין באַלעבאָס. ער איז צופרידן, וואָס יענער האָט הנאה פון פראָסט, ער האָט שוין עפּעס צו זאָגן:

— פאַראַן פאַרשידענע קאַפּיטאַנען, אַזעלכע, וואָס ווילן, אַז דער ים זאָל שטענדיק זיין רויק און אַזעלכע, וואָס קאָנען זיך אין די רויקע, לאַנגווייליקע טעג נישט דערוואַרטן דעם שטורעם און קומט אַ שטורעם, דאַן הייבט זיך אָן באַוועגונג, שרעק און געפאַר, דעמאָלט לעבן זיי מיט אַ טאָפּלט לעבן די אמתע קאַפּיטאַנען...

— צוליב וואָס זאָגסטו עס? וואַסיל!

— ווייל... ווען איר זאָלט זיין אַ קאַפּיטאַן, וואָלט איר ליב געהאַט דעם שטורעם, יאָ, יאָ!

— לאָז, וואַסיל! מיר האָבן שוין געהאַט אַ שטורעם, אַ רוסלאַנד...

— יענע דאָרטן זענען בעזבאָזשניקעס... האָ, האָ! יענע...

ער פאַררייכערט זיין ליולקע און רוקט זיך אַוועק אונטער די ברעטער. אויך פונווייטן הערט מען, ווי ער ברומט: „האָ, האָ! יענע"... ער איז פאַרנומען מיט דאָס זייניקע. ער לאָזט זיך יעדן טאָג אין וואַלד, ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, צו כאַפּן אַ לעבעדיקן פוקס, ער האָט עס צוגעזאָגט בעלאַן, אַ מתנה פאַר די קינדער, עס גיט זיך אים אָבער נישט איין. ער איז קלוג, דער אַלטער, אָבער דער פוקס איז אויך נישט קיין נאַר, עס העלפן נישט די נעצן, וואָס ער שטעלט אויף, די שפּייז, וואָס ער לייגט אַוועק, און ער קומט צוריק פון וואַלד מיט אַ וואָרטשערייַ:

— אַרויסגעגלימשט זיך ווידער דער געלער שד, מירן

נאָך זעען, חער ס'איז קלוגער מענטש צי חיה? מיר וועלן נאָך זעען.

אינדערפרי פאַרשאַרט ער דעם שניי לעבן געמזאַרס שטוב, און די צוויי רונדבאַקיקע ייִנגלעך פּויקן צו אים אין די שויבן:

— וואַסיל! ווו איז דער פוקס...

— נאָך נישט געכאַפּט, טייערינקע!

ער פאַרשעמט זיך פאַר די קינדער, ער וואַרפט אַוועק דעם בעזעם מיט דער הילצערנער לאָפּאַטע, ער לויפט צו זיך אין שטיבל און גייט פון דאָרט אַרויס מיט אַ פעקל שטריק, מיט האַ־ שיקעס, דאָס זענען די מכשירים, מיט וועלכע ער לאָזט זיך אויף יאַגד. די חברה פון קאַנטאָר טרייבן לצנות:

— וואַסיל! און אַ ביסל פּסחדיק זאַלץ, נעם מיט זאַלץ! אַ פוקס האָט דאָך אַ גרויסן וויידל...

האַלט ער זיין פּייקע אין מויל און ענטפערט נישט קיין וואָרט, מיט די „קאַנטאָרשטשיקעס“ האָט ער נישט קיין גוט לעבן, זיי זענען אין זיינע אויגן, ווי די געדוונגענע יונגען אויף די שיפן, קיין אָנשטענדיקער מאַטראָס האָט מיט זיי נישט קיין געשעפטן.

ער שפּרייזט אַוועק אויף דעם ווייסן וועג, די פון קאַנטאָר קוקן אים נאָך, נאָר זיי זעען בלויז זיין קאַרק און זיי פאַרשטייען אים נישט, דעם אַלטן, וועלכער קומט אין די וועלדער, ווי צו זיך אינדערהיים...

אויף דעם ווייסן טאַרטאַק־פּלאַץ באַווייזן זיך אַפּט סילועטן. אויף רעכטס אָדער אויף לינקס שפּרייזט דורך אַ מענטש אין אַ פּעלצל. דאָס זענען נישט קיין לײדיקגייערס. יעדער איינער פון זיי איז געמזאַרס אַ שליח, דער גייט מעסטן און אויסקלויבן ברע־ טער, דער צווייטער גייט לאַדעווען וואַגאָנעס, איינער קומט פון וואַלד, דער צווייטער איילט אין וואַלד אַריין. דאָס באַוועגן זיך שרייפעלעך פון אַ גרויסער מאַשין... טריט שפּרייזן אויף דעם ווייסן שניי, און ווען ס'גייט דאָ אָן, וואָס דער שניי איז ווייס, זאָל פאַלן אַ בלויער שניי, וועט מען אים אויך אַזוי צעטרעטן... דער עיקר איז דער טאַרטאַק מיט די ברעטער,

דער עיקר איז דער טאַרטאַק...

איין בעלאַ וויל דאָס נישט פאַרשטיין. זי קוקט אָפּט אַרויס פון פענצטער אויף דער ווייסקייט און זי האָט שוין אַ נאָמען דער-צו. קנישינסקי האָט זיך אַנומלט געפרייט מיט דעם וואָרט:

— די תּמעוואַטע ווייסקייט פּייניקט מיך...

זי קוקט ווייט מיט די בליקן, ביז צום וואַלד איז כסדר ווייס און דאָ נאָענט אויף די ראַמען פון די פענצטער ליגט אָנגעבלאָזע-נער שניי, רונדע הויפנס שניי, אַנדערע זענען אויסגעפאַרמט אין געשטאַלטן פון גענז, ווייסע פּוכיקע גענז... לאַנגווייליק פאַר בעלאַן.

און ווען קובאַ קומט פּלוצלינג אַריין צו מיטאָג, רייסט זי זיך אָפּ פון פענצטער און רופט אויס צו אים, צו זיך, צו איר אייגענער הילפלאָזיקייט:

— סיביר! מיר דאַכט זיך, אַז איך בין פאַרשיקט אין סיביר.

— דיר דאַכט זיך בלויז, בעלאַ! און גלייב מיר, אַ סך סי-בירער פאַרשיקטע וואָלטן וועלן אַזאַ „סיביר". דיין מאַן איז לעבן דיר, דיינע קינדער לעבן דיר, אין שטוב איז וואַרעם און ליכ-טיק, דאָ איז אַזוי נאָענט אַ באַן-סטאַציע, פאַראַן פּאָסט און טע-לעגראַף, ראַדיאָ, ביכער, קלאַוויר, דינסטן.

ער האָט עס אַרויסגערעדט מיט אַ שמייכל, צו בעלאַן קאָן מען אַנדערש נישט רעדן, מען טאָר נישט אַנדערש רעדן צו איר, נאָר זי האָט באַמערקט אין זיינע ווערטער אַ באַהאַלטענע אויפרע-גונג און זי האָט עס נישט געוואָלט. ער איז די לעצטע טעג אַזוי צופרידן מיטן פּראָצעס, מיט דער אַרבעט, וואָס גייט אַזוי גוט, ער איז געקומען עסן מיטאָג און זי וויל נישט קיין בייזן לעבן.

דערייבער רופט זי זיך אָפּ:

— דו מיינסט, אַז איך טראַכט דאָס ערנסט, דו מיינסט, אַז איך באַקלאָג זיך? אָט אַזוי, עס טרעפן מינוטן פון לאַנגוויי-ליקייט...

— איך פאַרשטיי דיך און דו פאַרקלענער נישט! עס קאָנען

איך זיין בא דיר נישט נאָר מינוטן, נאָר שעהן און גאַנצע טעג פון לאַנגווייליקייט, דאָ אין דער וועלט פון ברעטער...

— נו, רעד נישט מער וועגן דעם, איך בעט דיך.

די צוויי יאָטלעך זענען אריינגעלאָפן, פאַרפרוירענע מיט רויטע בעקעלעך, ווי עפּל רויטע און זיי האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן צווישן טאַטע־מאַמע. די אויגן פון קובאַן זענען געפאַלן אויף די קינדער און די ליפּן פון בעלאַן האָבן געקושט די קינדער. ווען קובא נעמזאַר האָט זיך באַגעגנט מיט בעלאַס אויגן, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער פרעגט בא איר:

— וואָס זאָגסטו? סיביר...

*

פון וואַרשע זענען אָנגעקומען בריוו. בריוו פון בעלאַס און קובאַס קרובים. די בריוו זענען געשריבן געוואָרן צו בעלאַן. „וואָס? בעלאַ! דו טראַכסט טאַקע אַ גאַנצן ווינטער צו זיצן דאָרט אין ווילדן וואַלד, אין צען טעג אַרום איז ניי־יאָר און עס הויבן זיך אָן בעלער, פאַרוויילונגען. מיר אַלע גרייטן זיך, מיר נייען זיך נייע קליידער און דו ווילסט פון דעם גאָרנישט וויסן, אַ מאַן באַדאַרף מען טאַקע ליב האָבן, נאָר באַגראָבן זיך לעבעדיקערהייט באַדאַרף מען נישט.“

אַזעלכע בריוו און אין יעדן בריוו אַ רוף, אַ רייץ...

ווען בעלאַ האָט איינמאָל פאַר קובאַן איבערגעלייענט איינעם פון דידאָזיקע בריוו, האָט ער באַמערקט אין איר בליק, אַז זי וואָלט וועלן פון אים אַן ענטפער, נישט צו די קרובים, נאָר צו איר אַליין... און ער האָט אַן ווילן אַרויסגערעדט:

— נו, אויב דו ווילסט שטאַרק, טאָ פאָר זיך אַדורך אַ ביסל קיין וואַרשע...

זי איז פריילעך געוואָרן, זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אַן זיינע פאַר ווערטער און נישט געוואָלט טראַכטן פון דעם, ווי אַזוי די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן...

פאָרן... זיין אין וואַרשע, באַווייזן זיך און עפּעס זען, אַ קוק טון אויף דער וועלט, שוין אַכט חדשים, חי זי לעבט דאָ

אין דאָמבראָווקע... ווי זעט עס אַלץ אויס דאָרטן ? שטימען, קלאַנ־גען האָבן זי אַהינגערופן... יאָ, און קליידער זיך מאַכן אַ פּאָר נייע באַדאַרף מען נישט ?

זי האָט זיך גענומען גרייטן צו דער רייזע. געקושט יעדע רגע די קינדער און גלייכצייטיק געפּאַקט די וואַליזקעס...

און אויסגעמיטן קובאַס בליק, טאָמער וועט ער חרטה האָבן...

ווען זי איז אַוועקגעפאָרן האָט קובאַ געליטן. אין זיך גע־ליטן און געאייפערט צו דער שטאָט, צו די פאַרווײַלונגען, ער האָט זיך געביזערט אויף זיינע און אירע קרובים, צוליב די בריוו, מיט וועלכע זיי האָבן זי געררייצט און גערופן... ער האָט זיך אפילו געשראָקן: חער ווייסט ? זי וועט ווידער פאַרזוכן דעם טעם פון דער שטאָט, דער טומל וועט זי ווידער אַריינציען און זי וועט נישט וועלן קומען צוריק. באַלד האָט ער זיך באַרויקט און באַשלאָסן, אויב נישט צוליב אים, וועט זי צוליב די קינדער קומען...

קוים זיך דערוואַרט אַ בריוול פון איר.

אַ וואַרעם בריוול, זי איז איבערראַשט, אַנטציקט, אַלע פרייען זיך מיט איר. מען גרייט זיך צו פייערן די סילוועסטער־נאַכט, זי נייט זיך קליידער... און צום סוף „גריס און קוש די קינדער און זיי געזונט, מיין טייערער קובאַ".

אויף דעם בריוול האָט ער פון קאַלטן וואַלד געענטפערט עטלעכע קאַלטע ווערטער: „מען פירט די קלעצער, מען שניידט די ברעטער, די קינדער בענקען נאָך דיר, דיין אייביקער פריינד."

דער צווייטער בריוו אירער איז שוין נישט געווען אַזאַ הי־ציקער און אין דריטן האָט זי זיך באַקלאָגט, אַז זי איז שוין מיד אַ ביסל פון דער שטאָט, תמיד פאַרווײַלונגען, שטענדיק טומל... „פאַראַן רגעס, ווען דאָס רויקע דאָמבראָווקע זעט מיר אויס, ווי אַ טייערער פּלאַץ, איך בענק נאָך דיר און איך הער נישט אויף צו טראַכטן וועגן די קינדער."

מיט דעם לעצטן בריוול האָט זי געטראָפן צו קובאַס האַרץ, זי איז אים נאָכאַמאָל נאָענט געוואָרן און ער האָט באַשלאָסן אָנ־

צושרייבן אַ גרעסערן בריוו און אָפּן אַרויסזאָגן, וואָס ער טראַכט. ער איז פריער אוועק פון קאַנטאָר. ס׳איז געווען אָנהייב אָונט, די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין צווייטן חדר, און ער האָט זיך אוועקגעזעצט שרייבן. שווער איז דאָס אָנגעקומען, שוין לאַנג נישט געשריבן אַזאַ מין סאָרט בריוו, האָט ער אים עטלעכע מאָל צעריסן און ווידער געשריבן:

„בעלאַ! דיין אוועקפאָרן האָט מיך באַליידיקט. דו ווייסט, איך בין אַן אָפּנהאַרציקער און איך קאָן קיין כעס אויף קיין באַגעבטן מענטש נישט טראָגן. עס האָט מיר באַליידיקט, ווייל סוף-כל-סוף זענען מיר אַלע, די בעסערע און די ערגערע, אַלע זענען מיר עגאָיסטן... אַזוי איז דאָס. איך פאַרשטיי דיך אויסגעצייכנט. איך האָב אין די גרויע טעג פון הערבסט, אין די קורצע טעג און אין די לאַנגע נעכט, געלייענט דיין נשמה פון דיין געזיכט, פון דיין יעדן וואָרט, פון יעדן בליק און באַוועגונג. עס איז דיר שווער געווען מיט מיר צו זיצן אין וואַלד, דו, מיט דיין פריילעכער זאָרגלאָזער יוגנט, דו, מיט אַזאַ קרייז פאַרערער און חברטעס, דו, מיט דיין געשמאַק, מיט דיין ליבע צו שיינקייט, צו שיינע קליידער און שיינע ווערטער, דו, בעלאַ, פון די אַריסטאָקראַטישע לוריעס, דו ביסט אַריינגעפאַלן מיט מיר אין אַ וואַלד, ווו עטלעכע הייזער וויקן זיך אין נעץ פון יעשיען, ווו פון די וועלדער אַרום קומט אַזאַ נעפּל מיט אַזוי פיל אומהיימלעכקייט... טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך, מען דאַרף שטאַרק זיין, איך זאָג דיר דעם אמת, מען דאַרף זיין געדולדיק צו אַזאַ לעבן. דו ביסט נישט קיין לייכטזיניקע, דו האָסט מיך ליב און ווען די ליבע צו מיר וואָלט שוין נישט געווען, זענען מיר שוין געבונדן מיט עפּעס, וואָס איז שטאַרקער פון ליבע, מיט אונדזערע צוויי קינדער. די יאַטלעך שרייען פון צווייטן חדר, ווי צוויי פריילעכע פייגל, זיי לאָזן מיך פּשוט נישט שרייבן דעמדאָזיקן בריוו. איך האָב דיך געפילט די גאַנצע צייט פאַר דיין אוועקפאָרן: די קינדער האָבן דיך געהאַלטן. איך האָב דיך געהאַלטן און דאָך האָט דיך געצויגן קיין וואַרשע, די בריוו, וואָס דו האָסט באַקומען פון דיין קוזינע דאָראַ און פון דיין צווייטע קוזינע אַליע, די בריוו האָבן דיך רוען נישט געלאָזט.

עס קאָן זיין, אַז דו האָסט זיך שוין אַ ביסל איינגעלעבט אין אונזער לעבן און די „תמעוואַטע" ווייסקייט איז דיר שוין אַ ביסעלע נאָענט. וועסט דאָך נישט אָפּלייקענען, אַז דער ווינטער איז דאָ גרויסאַרטיק, נאָר די בריוולעך האָבן דיך געסמט, זיי האָבן אָנגערירט דיינע גרויס־שטאָטישע כטרונעס... יאָ, דאָס האָט געמוזט געשעען און בסך קיין זינד מיט דעם נישט באַגאַנגען, און דאָס, וואָס איך לייד פון דעם, איז אויך נישט דיין שולד, נאָר אַ רעזולטאַט פון מיין צושטאַנד. מיך ציט נישט אַהין, אָט דאָ אין דאָמבראָווקע בין איך רויק און פאַר דיר אין דיינע אויגן האָט גענומען שווינדלען, ווען דו האָסט די בריוועלעך באַקומען:

עס הייבן זיך אָן די בעלער, קאַרנאַוואַל, קליידער, טענץ, מאַסקעס. וויפיל מאָל, בעלאַ, וויפיל מאָל האָסטו שוין אַליין די אַלע זאַכן אויסגעלאַכט, אָבער איצט, אין וואַלד, אין גרויען טאָגטעגלעכן לעבן פון אונזער קליינער משפחה, זענען די אַלע זאַכן געוואַלטיק אויסגעוואַקסן אין אונזערע געדאַנקען. עס האָט זיך דיר געוואָלט געניסן פון די נייע קלאַנגען אין שטאָט, פון די קאָלירן, דו האָסט דיך דערפילט אַזויווי באַגראָבן אין וואַלד. איך האָב דיך פאַרשטאַנען, איך האָב אַליין געוואָלט דו זאָלסט פאָרן זיך אַ ביסל ווײַלן און דאָך האָב איך באַלד נאָך דיין אַוועקפאָרן די ליפּן געביסן פון כעס און איינזאַמקייט... ווייל, ווייל... איך האָב דיר שוין געזאָגט, מיר אַלע זענען עגאָיסטן און איך אייפער צו דיינע פאַרווײַלונגען, ווייל איך, דיין מאַן, דיין געליבטער, איך קאָן דאָס דיר נישט פאַרביטן, איך מיט מיין גאַנצער ענערגיע, מיט מיין ליבע צו דיר... גאָרנישט. די בריוועלעך פון דיינע קיזינעס זענען שטאַרקער געווען. איצט ביסטו דאָרטן און איך בין דאָ, די קינדער זענען דאָ און יעדן טאָג פרעגן זיי: „ווו איז מאַמאַ?" „ווען קומט מאַמאַ?" איך ענטפער זיי, אַז די מוטער זייערע איז זיך געפאָרן היילן קיין וואַרשע, זי איז קראַנק פון לאַנגווייליקייט... באַליידיק זיך נישט און אַנטשולדיק, זיי מיר שטאַרק מוחל! אויב מיין בריוו וועט צעשטערן איין רגע פון דיינע פאַרגעניגנס אין דער גרויסער שטאָט... איך האָב דאָ מיין פרייד. עס שטייען ווייסע פרעסט, מען האַקט איצט כסדר בראַניצקיס

וואלד, דריי הונדערט מענטשן ארבעטן, מען מוז איצט וואָס מער
ביימער אוועקליייגן, כּדי מען זאָל קאָנען וואָס מער ארויספירן. עס
גייט אַן ארבעט און איך פיל זיך, ווי אַ פיש אין וואסער, אַ גאַנצן
טאָג בין איך אין וואלד. איך גיי צופיס אַ סך מאָל צו צען
קילאָמעטער, מיט די שטיוול אין טיפן שניי, איך גיי און איך
טראַכט פון דיר, פון די קינדער, און אַ סך מאָל טראַכט איך פון
זיך אַליין, פון די אַלטע איבערלעבונגען: רוסלאַנד גייט מיר נישט
ארויס פון זינען, נישט די וועלדער, וואָס איך האָב דאָרט גע-
לאָזט. די שטאַרקע רויקייט פון קובאַ נעמזאַר האָב איך געלאָזט
באַ זיי, די לאַנגע חדשים אין תּפיסה צווישן טויט און לעבן פאַר-
געס איך נישט, איך בין געוואָרן... ווי זאָל איך דאָס דיר אָנרופן?
איך בין געוואָרן פון דעמאָלט אַ ביסל פּאָעטיש. פילאָזאָפיש. איך
האָב צופיל געגומען קוקן אויף קלייניקייטן, אין דער צייט, ווען
פריער האָב איך נאָר געלעבט מיט גרויסע פּלענער פון ארבעט,
אזוי ווי מיין טאַטע, אזוי ווי מיין זיידע. זיי זענען געווען סוחרים מיט
קאַלטע טרוקענע ציפערן, זיי האָבן געקענט רעכנען און איך... הער
זיך איין! ווען איך שפּרייז זיך איצט דורך אַ וואַלד, הער איך,
פיל איך, אַז דער וואַלד לעבט, דער וואַלד האָט אָטעם און קלאַנג...
נאַטור!... אַמאָליקע צייטן, ווען איך פלעג לייענען אַ בוך, פלעג
איך דורכלאָזן די אַלע זייטלעך מיט די נאַטור-באַשרייבונגען און
איצט ווער איך איבערראַשט, ווען איבער נאַכט ווערט דער גאַנ-
צער וואַלד לעגענדאַריש ווייס און צייטנווייז ווער איך סענטימענ-
טאַל און איך לייד, וואָס איך אַליין בין אַזאַ גזלן און לייג אַוועק
אַזוי פיל ביימער. וואָס איז דאָס? בעלאַ, אַ רעגרעס פון אַ מענטש,
וועלכער איז געווינט געווען צו ארבעט און נאָר צו ארבעט? יאָ
און ניין... ס'איז נאָך ווערווייל נישט אזוי געפערלעך. איך לעב
און ליב דאָס לעבן, איך ארבעט און ליב די ארבעט. נאָר ווען איך
קום צוריק אַהיים אין אונזערע וואַרעמע צימערן, נעם די קינדער
אויף די קני און גיב אַ קלער וועגן זייער מאַמע, פאַל איך באַ
זיך אַראָפּ: קובאַ נעמזאַר! דו ביסט אויס יחסן, דיין בעלאַן איז
געווען לאַנגווייליק מיט דיר, איז זי געלאָפן פאַרברענגען אין וואַר-
שע... נו, פאַרברענגסטו עפּעס גוט? בענקסטו נישט נאָך די צוויי

קליינע שדימלעך? זיי שטייען איצט לעבן מיר און בעטן זיך, איך זאָל זיי דערלויבן אַרויסצוגיין און זיך שליטלען אַ ביסל אויפן פרישן שניי. איך דערלויב זיי. וואָסיל וועט אַכטונג געבן אויף די שטיפערס. לויפן זיי אַרויס מיט די קלינגענדיקע קולכלעך, ווי די גלעקלעך פון שליטן, און ווי זיי פרייען זיך... דיינע קינדער, בעלאַ.

נאָכאַמאָל, בעלאַ! נישט באַליידיק זיך אויף די ווערטער, וואָס איך האָב דאָ געשריבן. איך אַליין האָב צו דיר קיין פּרעטענזיעס נישט. ווען מען זאָל באַ מיר פּלוצלינג אַ פרעג טון, וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר, וועל איך נישט וויסן, וואָס צו ענטפערן. נאָר איינס ווייס איך: איך וויל דיך האָבן לעבן זיך, דיך מיט די קינדער. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט זיך אָן דיר, אַז מיין גאַנצע פליייסיקייט איז באַפליגלט דורך דיר — נו, זיי געזונט!"

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען אַן ענטפער אויף קובאַס בריוו, אַ בריוו, פאַר וועלכן נעמוזאַר האָט זיך געשראָקן. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס וועט זיין אַ בריוו מיט טרערן, זי וועט זיך באַקלאָגן אויף איר גורל, וואָס זי מוז זיך וואַלגערן אין אַ וואַלד, נאָר געלייענט האָט ער גאָר אַנדערע ווערטער, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. בעלאַ איז געוואַקסן אין זיינע אויגן און ער אַליין איז באַ זיך שטאָלצער און מונטערער געוואָרן:

„מיין קובאַ! מיט דיין בריוו קלאַפּסטו זיך אין אַן אָפענע טיר. איך האָב זיך נישט באַליידיקט, ווייל דו ביסט מיט יעדן וואָרט גערעכט... וואָס איז דאָס געווען מיט מיר? וואָס האָט מיך אַהערגעצויגן? דאָס קאָן איך נישט באַגרייפן און איצטער זע איך, אַז פאָרן האָב איך יאָ געמוזט, כדי איך זאָל זען, ווי ליידיק און פּוסט דאָס לעבן איז געוואָרן... יאָ, איך וויל זיך, איך באָד זיך אין פאַרגעניגנס, בעלער און טענץ... נאָר איך האָב זיך שוין אויסגעטאַנצט. און איצט, ווען איך האָב נישט די בענקשאַפט צו די קינדער, צו דיר, צו אונזער רויקן לעבן, דאַן וואָלט איך גאָרנישט געהאַט. איך מוז דאָ נאָך זיין עטלעכע טעג, ווייל איך ניי זיך אַ פּאָר קליידער... צו וואָס איך באַדאַרף זיי דאָרט אין וואַלד, די

קליידער, ווייס איך נישט. פארפאלן, איך האב שוין באשטעלט איצט הער זיך איין: איך בין געווען אויף עטלעכע בעלער, איך האב זיך געוואלט ווײַלן, געוואלט כאפן כאטש די שטימונג פון ווײַלן זיך און גארנישט... ווו איז אהינגעקומען דער פיינער טאן פון פריער? וווּ איז דער מאן, דער דזשענטעלמען? אָ, איך האב דא געהאט, ווי מען רופט עס, דערפאלג, די אידיאטן זענען מיר נאכגעגאנגען ווי... אידיאטן. וואלסט געדארפט הערן די פראזן, די קאמפלימענטן, וואלסט באדארפט זען מיט וואס פאר אן אויגן מען קוקט היינט אויף א פרוי. דו ווייסט דאך, אז איך בין נישט קיין הייליקע אין די געדאנקען, איך בין שטענדיק מוחל אלע „זינדיקע“, נאר דאס באנאלע קאן איך נישט מוחל זיין. הונדערטער מענער אין פראקן מיט ווייסע וועסטן און ווייסע העמדער, א ראטע זעלנער אין קראכמאל, אלע פארבייגן זיך אויף איין שטייגער, אלע ווארפן די זעלבע פראזן. און ווי מען קוקט אויף א פרוי? מען פרעסט מיט די אויגן, יונגע שניעקעס און אלטע מענער, מען לאזט נישט צורו א פרוי, וועלכע געפעלט א ביסל. איך בין דא געווען א פרישער מענטש, האב איך געזעען מער, ווי אנדערע און געפילט האב איך: מען איז קראנק. די מענטשן האבן פון די ביכער ארויסגענומען דאס ערגסטע, און פון די קינא-בילדער איז דא איבערהויפט נישטא וואס צו נעמען. יעדער איינער פון די שטאטישע זעט איבער דער וואך עטלעכע בילדער.

אויף יעדן בילד קושט מען זיך, טויזנטער אקטיארן ווייזן די קונסט פון קושן זיך... נו, אויף מענטשן ווירקט עס, מען איז שטענדיק צערייצט און ווען מען באגעגנט זיך מיט א פרוי, שוועבט פאר די אויגן דאס קינא-בילד. עס איז שווער צו פילן אויף זיך די בליקן פון הייזעריקע מענער, עס באליידיקט אויף שריט און טריט. קובא! פארענטפערן זיך איז נישט אין מיין נאטור און איך האב נישט פארוואס זיך צו פארענטפערן, איך האב געמאכט א נארישקייט, געוואלט זיך אפפרישן און אוועק פון פרישן רייניקן וואלד, וווּ איך לויף צוריק... יא, איין זינד בין איך יא באגאנגען, איך האב מיינע קינדער נישט געטארט אויף א רגע פארלאזן, א מוטער טאר עס נישט, פאר דעם דאזיקער זינד מוזסטו מיר מוחל

זיין און דו וועסט מיר מוחל זיין, ווייל איך בין דיינע און איך האָב ליב מיין קובאַ, דעם ענערגישן, דעם ריינעם מענטש. און אויב דו ביסט לעצטנס געוואָרן אַ ביסל פּאָעטיש, אַ ביסל פילאָזאָפיש, ביסטו נאָך מיט דעם שענער, ליבער פאַר מיר, ווייל פרויען האָבן נישט שטענדיק ליב יענע מענער, וועלכע האַלטן אין איין חשבונען. די קוזינעס מיינע לאַכן פון מיר, ווען איך קריטיקיר די היינטיקע שטאָט מיט די פאַרוויילונגען, זיי גלאָצן אויף מיר מיט די אויגן, ווען איך איל אַהיים. „דו איילסט זיך אין קבר, אין וואַלד!" און איך האָב זיי שוין איינמאָל געענטפערט: אויב דאָרט איז קבר, דאַן איז בײַ אייך דאָס גיהנום...

זיי רופן מיך „די רוסישע מאָראַליסטין". ווי געפעלט דיר, קובאַ! איך אין אַ ראָל פון אַ מאָראַליסטין. ניין! ס'איז נישט מיין באַרוף. נאָר זייער מעגלעך, אַז אויך מיך האָט רוסלאַנד עפּעס אויסגעלערנט, ערנסטער בין איך אוודאי געוואָרן. קיין סך קומט נישט אויס צו אַמפּערן זיך מיט זיי, ווייל זיי לויפן באַלד טאַנצן און איך מיט זיי. איך וויל זיך איבערצייגן, אפשר זענען זיי גערעכט? נאָר איך זאָג דיר, קובאַ! ס'איז פּוסט בײַ זיי, מען נאַרט זיך אָפּ, ס'איז נישטאָ קיין אמתע פרייד און עס איז נישטאָ קיין אויפריכטיקייט פון איינעם צום צווייטן. ווען די גאַנצע נשמה ווערט אַריינגעלייגט אין דעם נייעם קליידל, — וואָס בלייבט שוין פון דער נשמה גופא? מיר האָט זיך פאַרוואָלט איינמאָל אין אַ יאָר אַרויספאָרן, אַ קוק געבן אויף דער וועלט, פאַרשיכורן זיך מיט דער וועלט און זיי ווילן זיך ווייל זיך יעדן טאָג, יעדע שעה. ווייל זיך און ווייל זיך. ס'איז אַזוי פאַרדעכטיק דאָס שטענדיקע געיעג נאָך פאַרגעניגן, ס'איז קרענקלעכקייט. מיט ליידיקע נשמות לעבן זיי. ווען טראַכטן זיי? וואָס ווייסן זיי פון דער העכסטער פרייד, ווען אַ מענטש טראַכט? דו דערציילסט מיר פון דיין וועלט, פון דיין אַרבעט, פון וואַלד און איך בין שטאָלץ מיט דיר. איך, אַ פרוי, איך פיל, אַז די פולקאָמע זעלבסטשטענדיקייט האָב איך נאָך נישט דערגרייכט, וועל איך נעמען אַ ביסל בײַ דיר, מיר וועלן זיך טיילן. איך פאָר צו דיר, מיין טייערער קובאַ... איך ווייס, עס וועלן ווידער זיין לאַנגווייליקע נעכט פון ווינטער, עס וועלן ווידער

זיין אומעטיקע שעהן... אָבער ווי געפינט מען עס די שטענדיקע פרייד? און צוואָס באַדאַרף מען אייביקע פאַרוויילונגען? ווען אומעט און ליידן איז אויך לעבן און אפשר דאָס שענסטע פון לעבן... דאָך געווגג, דו זעסט, ווי טריי איך בין דיר, דו ביסט געוואָרן אַ ביסל פילאָזאָפיש, טו איך דיר שוין נאָך, איך פילאָזאָפיר שוין אויך, נאָר איך הער גלייך אויף, ווייל אין דער רגע שוועבן פאַר מיר די צוויי שוואַרצע קעפּלעך פון אונזערע קינדער, איך בין שוין מיט זיי... ווען איך האָב איצט אַ צוג, פאָר איך גלייך צו דיר... נאָך אַ צוויי טעג. די קליידלעך, די שמאַטקעס. לאָז מיך נאָך אַ ביסל זיך נאַריש מאַכן. מען ווערט דאָך עלטער, מען וועט דאָס גיך פאַרגעסן. אַ שיין קליידל האָב איך נאָך אַלץ ליב... קוש די קינדער, מאָרגן וועל איך אַרומלויפן קויפן שפּילצייג פאַר זיי און איבערמאָרגן וועל איך זיי דריקן צום האַרץ... אַזאַ זינדיקע מאַמע, ווי איך בין: פאַרוויילונג האָט זיך מיר פאַרוואָלט. יאָ, דאָ פאַבריצירט מען אַזוי פיל פאַרוויילונג און מען פרייט זיך אַזוי ווייניק און דאָרטן אין שטילן וואַלד, קובאַ, מיט דיר, מיט אינזערע קינדער, איך האָב ביז איצט נישט פאַרשטאַנען, ווי גליקלעך איך בין. זיי געזונט און זיי מיר מוחל מיין לעצטע נאַרישקייט, וואָס איך וואַרט דאָ אויף די קליידלעך"...

עס האָט אין יענעם טאָג קיינער נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס געמזאַר איז אַזוי מונטער, נישט אין קאַנטאָר און נישט אויפן טאַרטאַק-פּלאַץ, קיינער האָט פון זיין פרייד נישט געוווּסט. ער איז געשטאַנען אויף די קלעצער אין קורצן פּעלצל, די הענט אין די קעשענעס און די אויגן זיינע האָבן אַלץ געזעען און אַרומגענומען. ער האָט זיך געוויצלט מיט די אַרבעטער, און ווען יענע האָבן זיך געמאַטערט מיט אַ ריזיקן קלאָץ, איז ער אַליין צוגעשפּרונגען און געהאָלפן עס אַרויפלייגן אויף דעם אייזערנעם וועגעלע... ס'איז אים ווויל געווען אויף דער נשמה.

אַ פּאָר טעג זענען אַוועק. בעלאַ איז צוריקגעקומען, אויסגעבלייכט פון דער שטאָט, נאָר מונטער. זי האָט זיך אויף אַן אמת געפרייט, וואָס זי וועט זיך דאָ אויס־ועון, און צוגעפאַלן איז זי צו די קינדער מיט אַ סך שטומע קושן, בלויז געקושט און געשוויגן,

פונקט ווי אַ מאַמע וואָלט קיין אַנדערע שפּראַך פאַר די קינדער נישט געהאַט. זי האָט אין איילעניש אויסגעפּאַקט די שפּילצייגן פאַר די קינדער און געפרייט זיך מיט זייער פרייד, זיי מקנא געווען... אין אַ שעה אַרום, ווען קובאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, אַוועק איז ער צו זיינע עניינים, ווען זי איז פאַרבליבן אַליין מיט זיך, האָט זי שוין נישט געהאַט וואָס צו טון מיט זיך. קובאַ איז אַוועק, די קינדער זענען פאַרנומען מיט די שפּילצייגן, זי אַליין אין אַ גרויסן באַלויכטענעם צימער... וואָס טון? זי איז דאָך מיד נאָך פון דער רייזע, האָט זי זיך צוגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע און אַזוי ליגנדיק האָט זי נאָך דייטלעכער געפילט די אַליינקייט... זאָל דאָס קיינער נישט חיסן, זאָל קיינער פון דעם נישט טראַכטן: זי האָט געבענקט נאָך וואַרשע, נאָך דעם זעלבן וואַרשע, וואָס זי האָט מיט עטלעכע טעג צוריק אין אַ בריוו צו קובאַן אויסגעלאַכט... שוין אין דער רגע האָט זי די נעכטיקע געשטאַלטן געזען אין אַ בעסערן ליכט. עס האָט איר געפעלט דער טומל, דער נאַרישער טומל פון די גרויסשטאָטישע. זי האָט אַ זיפץ געטון און מיטן זיפץ זיך אַ ביסל געראַטעוועט. באַרויקט זיך, נאָר איינליגן אויף דער קאַנאַפּע האָט זי נישט געקאָנט. זי האָט געזוכט עפּעס אַן אַרבעט, מיט עפּעס זיך צו פאַרנעמען און אויפגעעפנט האָט זי איר גרעסטע וואַליזע, אַרויסגענומען פון דאָרט אירע נייע קליידער, נעשפּילט זיך אַ רגע מיט דעם זייד און טול און זיך אין די געדאַנקען געפרעגט: צו וואָס באַדאַרף איך עס? אפשר נעמען די קליידער און אָנטון אויף די ביימער? אויספּוצן די ביימער אין די שיינע קליידער. ווי נאַריש דאָס איז... זי האָט עס נייטיק באַדאַרפט די געקינסטלטע שמאַטקעס, די לעצטע מאָדע, נישט אַנדערש! און שעהנוויין איז זי צוליב דעם געזעסן בא דער „לוציינע" אין וואַרטע-צימער. עס וואָלט זיך באַשטימט אויסגעוועבט אַ שווערע שטימונג פון די אַלע טראַכטענישן, נאָר פון צווייטן צימער האָט זיך דערהערט אַ געשריי:

— מאַמאַ! באַרקע האָט צעבראָכן דעם עראָפּלאַן...

איז זי געלאָפן צו די קינדער און געטראַכט: זיי מיט זייערע שפּילצייגן, איך, מיט מיינע.

אויף מאָרגן פרי איז זי געווען מונטער, רויק. זי איז אַרויס שפּאַצירן מיט די קינדער און געפּלאָנטערט זיך לאַנג צווישן דעם כאַאָס פון די קלעצער. ס'איז געשטאַנען אַ ליכטיקייט, געמישט פון שניי, זון און אָפּגעשיינדענע סאָסנעס. עס האָט געבלענדט די אויגן און די פרישע קלעצער האָבן געשמעקט מיט וואַלד-פרישקייט. דאָ בײַ די קלעצער האָט זי באַגעגנט עטלעכע מענטשן פון קאַנטאָר, קנישינסקין באַגעגנט און זיך דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע פראַזן וועגן וואַרשע. אָבער זי איז איצט געווען מער איבערראַשט פון די גרויסע קלעצער-הויפנס, אפשר מער איבערראַשט, ווי פון דעם וואַרשע. זי האָט זיך אויפן קול געוווּנדערט:

— אַזוי פיל! פּאַניע קנישינסקי! איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן אַזוי פילביימער.

— דאָס איז גאָך גאָרנישט, איר האָט באַדאַרפט זען, וואָס עס טוט זיך אין וואַלד...

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן זײַן פראַזע:

— יאָ, פאַרוואָס זאָל איך טאַקע נישט צופאָרן אַ קוק טון, ווי דאָס זעט אויס אין וואַלד. אויב מאָרגן וועט זײַן אַזאַ שיינער טאָג, ווי הײַנט, וועל איך זיך דורכפאָרן מיט די קינדער. איך וויל אײַך זען, ווי מען האַקט ביימער, אַ מאַן האָב איך אַ האָלץ-העקער און אַליין בין איך...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

קנישינסקי האָט איבערגעפרעגט:

— און אַליין וואָס זענט איר?

— איך ווייס אַליין נישט... אַ מאַמע, אַ ווייב...

— דאָס איז שוין אַ סך...

— דאָס איז אַמאָל געווען אַ סך, הײַנט איז דאָס ווייניק. די טיפּישע מאַמע און ווייב איז אויסגעלאַכט געוואָרן אין טויזנטער ביכער, מען האָט גענומען זוכן דעם „מענטש” אין דער פרוי און דערנאָך זעלבסטשטענדיקייט פון דער פרוי, אַ פרוי מוז עפּעס טון, זי מוז עפּעס זײַן און איך ווייס נישט צו וואָס איך זאָל זיך נעמען, צו וואָס זיך כאַפּן... איך וויל דאָך עפּעס זײַן...

— איר זענט דאָך בעלאַ נעמזאַר...

ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַ גוטן טאָן, קנישינסקי. ער האָט עס אַזוי אַרויסגערעדט, אַז די פראַזע האָט געזאָלט זיין האַגיק און ווירדיק פאַר בעלאַן...

זי האָט זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט און אין דער רגע האָט מען קנישינסקין אָוועקגערופן. פאַרן אָוועקגיין, האָט ער געזאָגט:

— אַ שיינעם פלאַץ האָבן מיר אויסגעקליבן פאַר אונזערע געשפרעכן, איר זעט נישט, וואָס דאָ טוט זיך! קלעצער, קלעצער און קלעצער... איך און מיר אַלע דאָ זענען משרתים באַ די קלעצער, און צו איינעם פון די טאַרטאַק־מענטשן האָט ער אַ געשריי געטון:

— נאָכמיטאָג זאָל מען נעמען שניידן געזיימטע! און אַליין איז ער אַוועקגעלאָפן צום וואָקזאַלעכל. מען האָט געלאַדעוועט וואַגאָנעס פאַר דאַנציג... ער האָט לעצטנס אַ סך געאַרבעט און װעגן בעלאַן ווייניקער געטראַכט. ס'איז געווען ווינטער, די וועלט איז געפרוירן, פאַלט אויך אַ ביסעלע פראָסט אויפן האַרץ...

אין אַ טאָג שפּעטער, ווען ער איז געווען אין וואַלד און קאָנטראָלירט די אַרבעט פון די, וועלכע האָבן אָוועקגעלייגט די ביימער, האָט ער דערזען צום ערשט די צוויי גרויסע וועלף־הינט און דערנאָך האָט ער דערזען צווישן די שיטערע ביימער אַ שליטן מיט צוויי פערד: בעלאַ איז געקומען. דעם שליטן האָט מען פאַרהאַלטן אויפן וואַלד־טראַקט.

זי מיט די קינדער...

אויסגעפּוצט, יום־טובדיק, אַ פריצטע מיט אירע קינדער. דאָ האָט זיך נאָך אויסגעזען רייכער. די וואַלד־העקערס טראָגן אויף זיך שעפּסן־פעלץ און זאַק־קליידער. נעמזאַרס מענטשן זענען אויך געווען פשוט־אָרים אָנגעטון, אַזוי ווי מען באַדאַרף אין וואַלד זיך אָנטון. אָבער בעלאַ מיט די קינדער... אַ שושקעריי איז אַדורך צווישן די אַרבעטער, זיי האָבן נייגיריק געקוקט אויף איר.

קנישינסקי האָט זיי געפירט. זי האָט געוואָלט צוגיין נענטער, אַרויפגיין אויף דער אמתער אַרענע, וו די לעצטע וואַלד־טראַגע־

ריע שפילט זיך אָפּ, דאָ לייגט מען אוועק מיט העק די הונדערט־יעריקייט. אָבער עס איז געווען אוממעגלעך פאַר איר מיט די קינדער צו שפּרייזן אויף אַזאַ פּלאַץ. דער שניי איז געווען טיף, אין קריכט אַריין אַ פיס, קאָן אים נאָר ראַטעווען אַ שטיוול. בעלאַ און די קינדער האָבן געטראָגן „באָטעס", דער שניי האָט עס אַראָפּגעשלעפּט און נישט געלאָזט ווייטער גיין.

— כלאָפּצי! — האָט אַ רוף געטון קנישינסקי.

עס זענען צוגעלאָפן אַ צענדליק פויערן.

— די פּאַני קאָן נישט שפּרייזן, ס'איז נישטאָ קיין דורכגאַנג. טרעט אויס אַ וועגז...

און צען פּאָר פיס, געזונטע פויערישע פיס אין גראָבע שטיוול, האָבן גענומען מאַכן אַ וועג... זיי זענען געגאַנגען פאָרויס און קנישינסקי, בעלאַ מיט די קינדער נאָך די פויערן. זי האָט געלאַכט:

— ווען אין רוסלאַנד וואָלט מען געמאַכט אַזאַ פּאַראַד פאַר אַ בורזשויקע... אָ, וואָס דאָרט וואָלט זיך אָפּגעטון.

— נישט פאַר קיין בורזשויקע, נאָר פאַר אַ דאַמע, — האָט קנישינסקי געשפּאַסט אונטער איר פּלייצע.

זיי זענען צוגעקומען נענטער צום סאַמע שחיטה־פּלאַץ. אויף רעכטס און אויף לינקס זענען געלעגן אין זייער גאַנצער לענג געזונטע, אָבער שוין טויטע ביימער. מיט אַ האַלבע שעה צוריק האָט מען זיי אַוועקגעלייגט. איצט האָט מען זיי אָפּגעהאַקט די הענט, די צווייגן, אַנדערע זענען שוין געווען אינגאַנצן רונד און אַנדערע האָבן זיך הילפלאָז געהויבן צום וואַלד... עס האָבן זיך געוואַלגערט אומגעלומפּערטע בערגלעך מיט סכך, גאָר פרישע, שמעקעדיקע נאָדלען און שוין פאַרטריקנטע, ברוין, ווי זשאַווער. בעלאַ איז צוגעגאַנגען צו איין בוים, זי האָט אים אָנגערירט מיט דער האַנט און אַ פויער האָט געשפּאַסט:

— ער איז נאָך וואַרעם... יאָ...

די איבעריקע פויערים האָבן מיטגעלאַכט פון דעם וויץ. די קינדער האָבן געשוויגן און נאָר געקוקט, געקוקט אויף די שטייעוודיקע ביימער און געקוקט אויף די ביימער, וואָס ליגן אויסגעצויגן.

די צוויי גרויסע הינט, די גרויע ווילדקייטן, זענען אַרומגעלאָפן איבערן וואַלד און געבילט. זיי פלעגן אַנטלויפן ווייט און קומען צוריק פאַרשוויצט, צערייצט, אָן אָטעם... די פויערים האָבן אַרומגעהאַקט מיט שאַרפע העק די צווייגן און אַרום איז געשטאַנען פון אַלע פיר זייטן אַ גרינע וואַנט, אַ וואַנט פון ביימער, פיר ווענט פון ברוינעם מעש, סאַסנעס מיט ליכטיקע, גרינע קעפּ. אַ רויקייט האָט געשוועבט אינדערהייך פון לופט און הימל, אַ רויקייט אין דער טיפעניש, צווישן די ביימער.

— דאָס וועט מען אַלץ אַוועקלייגן, בלויז אַ ביסל וואַלד בלייבן אויף איבעראַיאָר. קנישינסקי האָט עס געזאָגט צו בעלאַן און באַ די קינדער האָט ער געפרעגט:

— איר ווילט זען, ווי מען לייגט אַוועק אַ בוים?
די יאַטלעך האָבן זיך דערפרייט:
— יאָ!...

קנישינסקי איז גלייך צוגעלאָפן צו די אַרבעטער:
— כלאָפּצי! קלויבט אויס אַ רעכטן „נפש" און לייגט אים אַוועק, איינס צוויי! זשיוואָ, שנעלער, די קינדער ווילן זיך פרייען.

אַ פסק דין אויף אַן אַלטן בוים איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן. די פויערים האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט.

זיי האָבן אויסגעהאַקט מיט די העק אַ רינג האַלץ־פלייש און דערנאָך זיך גענומען אונטערזעגן. דערדאָזיקער בוים, וועלכן מען האָט איצט גענומען אַראָפּלאָזן האָט מער פאַראינטערעסירט, ווי אַנדערע ביימער. די איבעריק עאַרבעטער האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייער אַרבעט. אַלע האָבן זיך צוגעקוקט, עס האָט לאַנג געדויערט, לענגער, ווי אַלע מאָל. וואַלד און מענטש האָט אָטעם פאַרהאַלטן. די פויערים מיט דער זעג זענען אָפּגעשפרונגען פון בוים, עס האָט זיך דערהערט אַ שטומער קרעכץ, ווי פון אונטער דער ערד, דאָס נישט דערזעגטע פון בוים האָט זיך איינגעבראָכן, די גרינע צווייגן פון זיין קאָפּ האָבן זיך אַ שאָקל געטון מיט אַ ציטער... אַ סעקונדע, נאָך עטלעכע סעקונדן און דער ריזיקער בוים האָט זיך

גענומען בייגן, בייגן און פלוצלינג האָט ער זיך, ווי אַ וויל, וואָס פאַלט, אַ ריס געגעבן צו דער ערד...

נאָך איידער די סעקונדע פון זיין פאַלן איז אַריבער, האָבן זיך בעלאַס צוויי קינדער דערשראָקן. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אַן דער מאַמעס מאַנטל און גענומען שרייען. איינס האָט אויסגעשריגן:

— מאַמאַ! און דאָס צווייטע:

— ער פאַלט... מאַמאַ!

זיי האָבן זיך פונאַנדערגעוויינט פון שרעק אויפן קול און געטוליעט זיך צו בעלאַן. דער הינט האָט גענומען יאָמערן און בילן. ס'איז אַ מאָדנע טומל אין וואַלד געוואָרן. דאַכט זיך, אַז אַלע האָבן זיך פאַר עפּעס דערשראָקן. ס'איז געווען אַ רגע פון אומבאַוווסטער שרעק און דאָס איז בּאַלד אַריבער...

דער בוים איז געלעגן מיט זיין געפּלאַנטענער קרוין פון גרינעם, פרישצאַפּלדיקן סכך, זיין שטאַם, זיין ברייטע קני, דאָרט, ווו די זעג איז דורכגעגאַנגען, האָט געלויכטן מיט הונדערטער די־בינקע רויפּעלעך, אַ פריש ווייס האַרץ, אַ רונד שטיק האַרץ האָט געטריפט מיט פייכקייט, ווייס בלוט פון לעבעדיקן האָלץ־פלייש. ווען נישט די קינדער, וואָלט ער נאָך געשטאַנען עטלעכע טעג און געזויגן פון דער ערד זאַפט, פאַר יעדער צווייג זיינער, פאַר יעדער גרינער נאָדל.

דער בוים איז געלעגן און די מענטשן האָבן געקוקט אויף אים, די קינדער האָבן זיך באַרויקט. קנישינסקי האָט זיך אָוועקגעזעצט רייטן אויף דעם טויטן גיגאַנט.

דעמאָלט איז אָנגעקומען פון הינטער די ביימער נעמזאַר. פלוצלינג זיך באַוויזן. ער איז פון פריער געווען אין וואַלד, גאָר איז אַוועק סאָנטראָלירן אַן אַנדערן פונקט, ווו מען לייגט אויך אַוועק ביימער. ווען ער איז אָנגעקומען און דערזעען בעלאַן, און דערזעען די קינדער אויפן רוקן פון בוים, האָט ער זיך זייער דערפרייט:

— וואָס זאָגסטו, בעלאַ! זיי וועלן זיין האָלץ־העקער?...

פון פרעסטל, פון דער גרין־ווייסער ליכטיקייט אַרום... באַ

אַלעמען איז איצט געהען אַ גוטע שטימונג. די אויגן האָבן געלויכטן, די געזיכטער פֿאַררויטלט. בעלאַ האָט געשענקט די אַרבעטער עטלעכע אַסיגנאַציעס און מען איז צוריקגעפֿאָרן. נעמזאַר, בעלאַ, קנישינסקי, די קינדער — אַלע אין איין שליטן. שוין געווען שפּעטלעך, דער וואַלד אַרום האָט זיך שוין געטונקט אין די ערשטע שאָטנס פֿון פֿאַרנאַכט, פֿון זיין אינעווייניק, פֿון זיין צווייגן־האַרץ איז געגאַנגען אַ קאַלטקייט. נאָר די מענטשן אויפֿן שליטן האָבן הויך גערעדט, דעבאַטירט, דערמאַנט זיך פֿאַרגעסענע זאַכן, בעוועגן אַפֿנהאַרציק און נאָענט...

קנישינסקי איז פֿאַרבעטן געוואָרן צום מיטאָג. ליב און היימלעך איז צו זיצן בײַ אַזאַ ליכטיקן טיש, טרינקען אַ גלעזל קאָניאַק און עסן געשמאַק פֿון אַלדאָס גוטס. בײַם עסן האָט נעמזאַר פֿאַרגעלייגט, ער, קנישינסקי, זאָל פֿאָרן קיין וואַרשע און דאַנציג דערליידיקן זײַנע עטלעכע וויכטיקע ענינים.

— נעמזאַר האָט געזאָגט :

— איך וויל נישט און קאָן נישט פֿונדאַנען אַרויספֿאָרן, איר זעט דאָך ! עס גייט אַזאַ אַרבעט. זומער איז עפּעס אַנדערש, אָבער איצט איבערלאָזן די שיף אָן אַ רודער. קנישינסקי איז געווען צופֿרידן פֿון דער פֿאַרטרויונג צו אים. ער איז געווען גוט געשטימט פֿון דער האַרעמקייט אַרום אים... ער דערמאַנט זיך, וואָס פֿריער איז געווען, דעם קוש, די געדאַנקען וועגן בעלאַן, די בענקשאַפֿט צו איר און איצט... איצט איז געווען בײַ אים אַזאַ רגע, בעת ער דאָט חרטה געהאַט אויף זיין בייזן ווילן: ער, נעמזאַר, האָט בעלאַן ליב, ווי דאָס לעבן, זי האָט אים ליב און קינדער האָבן זיי און געליטן אַ סך האָבן זיי שוין צוזאַמען... מיט וועלכע רעכט קומט ער, אַ ווילד פֿרעמדער מענטש, און קריכט אַריין צווישן זיי בײדע ? ער האָט זיך געדאַנקלעך געשטראָפֿט.

אָבער ווען קובאַ נעמזאַר איז אַרויס פֿון שטוב און ער איז אַליין געבליבן מיט בעלאַן, איז ער שוין צופֿרידן געווען, וואָס דער באַלעבאָס זיינער איז אַוועק. ער האָט מיט גאָר אַנדערע אויגן אַ קוק געגעבן אויף בעלאַן. אַ געדאַנק איז אים דורכגעפֿלויגן : ווען די לאַדנס וואָלטן געווען פֿאַרמאַכט און די, וועלכע שמייכלט צו

אים אזוי פריינדלעך, ווען זי וואָלט חעלן זיין נאָך איין ביסעלע גוט צו אים... דער קאָפּ רוישט פון אזא געדאַנק. ער ווונדערט זיך אויף זיך אַליין, ווי אַזוי דער זעלבער קאָפּ קאָן טראַכטן גוטע און שלעכטע זאַכן.

בעלאַ רופט זיך אָפּ:

— געוועזן היינט אַ גוטער טאָג. ניין! אין וואַרשע ווייסט מען פון אַזעלכע פאַרגעניגנס נישט. איך בין עפּעס רייכער געוואָרן, פולער און מיד בין, אוי, בין איך מיד, עס ציט מיך ערגעץ אַראָפּ אין אַ זינגענדיקן תהום אַריין, אויף ווייכע קישעלעך...

קנישינסקי האָט זיך געכאַפּט:

— איר ווילט זיך אָפּרוען?

— איין ביסעלע...

ער האָט נישט געהערט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט הערן, זי האָט אים נישט געבעטן, ער זאָל בלייבן און ער איז אין דער מינוט אַליין געפאַלן אין תהום, נאָר אָן ווייכע קישעלעך. ער האָט זיך אַנטשולדיקט און איז אַרויס... געווען צעטומלט, זי האָט אים זינדיק געריצט אין דער מינוט, בעת זי האָט גערעדט פון איר מידקייט. ער האָט געזען געדאַנקלעך, ווי זי ציט אויס קעציש די מידע גלידער, ווי זי שלענגלט זיך אויף איר קאַנאַפּע, ווי זי אָטעמט פון לעבנס-איבערפלוס. ער האָט זיך געריסן צו איר מיט גוף און נשמה... אַ גליק נאָך, וואָס עס איז פאַראַן אַ ווינטער ווען די נעכט זענען קאַלט. אַ קאַלטער שטראָם האָט אַרומגענומען זיין צעהיצטן קאָפּ, ווי אַ קאָמפּרעס. ער איז געגאַנגען ווייטער ביז ער איז אַריין אין דעם שטח פון די ברעטער און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז נישט מער, ווי אַ משרת בײַ די ברעטער...

## XI

# סוף־ווינטער

עס זענען זיך אָנגעפאָרן פון וואַרשע יחסנים־געסט: אַ געוועזענער מיניסטער, אַ טעאַטער־דירעקטאָר, אַ הויכער באַאַמטער און אַ כראַביע. בײַ נעמזאָרן אין שטוב איז געווען די הויפּט־קוואַרטיר. מען האָט געמאַכט מאָלצײַטן, מען האָט געגעסן און געטרונקען. עס האָט זיך ירידעוועט, הינט מיט ביקסן, ביקסן מיט הינט. נעמזאָר האָט זיך געפילט ווי אַ פּעאָדאַל אין מיטלאַלטער... ניין! דאָס איז אַ שפּאַס, די גאַנצע שׂמחה איז אים פרעמד געווען. נאָר ער האָט מיטגעטאַנצט. קאָסטעניצקיס לײַדיקגײַערישער קאָפּ האָט עס אַלץ אָנגעדרייט, ער האָט געוואָלט יאַגד...

עס איז דאָרט אויך געווען דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון די רעגירונגס־וועלדער. מיט אים האָט נעמזאָר גערעדט וועגן וועלדער און יענער האָט געהאַלטן אין איין וווּנדערן זיך, וואָס אַ ייד, אפילו ווען ער איז אַ וואַלד־סוחר, האָט אַזעלכע באַגריפן און פאַרשטענדענישן פאַר וואַלד. דער עולם האָט זיך בײַ די נעמזאָרס גוט געפילט. די רוסישע יידן פון מאָסקווע האָבן געהאַט אַ ביסל פּראַקטיק אין דער הינזיכט. זיי האָבן געוווּסט, ווי אויפצונעמען געסט...

קאָסטעניצקי האָט עס דעם גאַנצן ענין פאַרקאָכט. ער האָט זיך פאַרטרויט פאַר נעמזאָרן:

— איך אין מײַן שטוב, אין וויסאָקע, קאָן איך דעם פּאַראַד

ניש‏ט מאכן. איר פארשטייט ! ס'איז נישט אמאליקע צייטן, דער כראביע בראניצקי איז אוועקגעפארן קיין מאנטע-קארלא, דעריבער דארפט איר איינשטימען, זיי וועלן זיין מיינע און אייערע געסט...
קאסטניצקין איז געגאנגען אין איין זאך — עס זאל זיך א ביסל רו־דערן און דאס האט געהייסן בא אים : א ביסל טרינקען, עסן און זיך באגעגענען מיט יחסנים, דעמאלט האט ער זיך אליין געפילט אלס אן אמתער יחסן. ער האט ליב געהאט די סעודהלעך, ווי דאס לעבן, ווי א קאמאנדיר האט ליב די סימעטרישע רייען פון די זעלנער, אזוי האט ער ליב געהאט די פלעשלעך אויפן טיש. און ער האט אויסגעפירט : נעמזאר האט איינגעשטימט.

נעמזאר האט שוין דערנאך חרטה געהאט, ווייל דער קאסט־ניצקי האט באלד פארגעסן זיין גאסט-פריינטלעכקייט און ער פלעגט פון צייט-צו-צייט אים, נעמזארן, אין די ביינער קריכן. נעמזאר האט אים אמאל דערציילט, אז ער שיסט נישט שלעכט. אין די רוסישע וועלדער האט ער עס געפרווט, אויך אין דער צייט פון דער מלחמה, אין די קארפאטן, האט ער נישט איין חיה אוועקגע־לייגט.

נישט בארימט זיך, נאר פשוט דערציילט... יא... און איצט, ווען ער באדארף צוגלייך מיט אלעמען אנטייל נעמען אין דעם יאגד אויף ווילדע חזירים, האט קאסטניצקי געווארפן שטעך־ווערטלעך :

— איר זענט א ייד און איר האט נישט קיין מורא פארן „דזשיק"?

נעמזאר פלעגט באהאלטן זיין כעס און זיך אויסדרייען דיפ־לאמאטיש :

— נישט אלע יידן האבן מורא און נישט אלע קריסטן זע־נען העלדן...

שוין שפעט געווען זיך צו קריגן און זיך אמפערן מיט דעם געוועזענעם „קאמערהער". די געסט זענען שוין געווען נעמזארס געסט און ער האט אלץ געטון, זיי פיין אויפצונעמען. מען האט אראפגעבראכט פון ווארשע געשיר, מען האט געבראכט וויינען און שפייז. בעלא איז איצט צום ערשטן מאל געווען פארנומען גאנצע

שעהן. ווען זי פלעגט צריינקומען, ווען זי פלעגט זיך באווייזן פלעגן די אלע מענער זיך אויפהייבן, עס פלעגט זיך אנהייבן א שאַרקאַריי מיט די פיס:

— „פאַני", „פאַני", און נאָך אַמאָל „פאַני"... זי, מיט איר בליק און טריט. אַכטונג און אָנטציקונג האָט זי בא אַלעמען אַרויסגערופן. זי האָט זיך געמאַטערט מיטן פוילישן לשון, איז דער עולם אַריבער אויף רוסיש. און אויב רוסיש, האָט מען שוין גע־רעדט וועגן רוסלאַנד, וועגן אַמאָליקן און היינטיקן רוסלאַנד, קיין טעמעס האָבן נישט געפעלט... און דער עיקר: יאַגד. וואָס איינער האָט עפּעס געוווּסט וועגן יאַגד, אמתע מעשיות, פאַנטאַזיעס און שקרים. אין צוויי מאָל זיצן באַם טיש, האָט מען דאָ אַוועקגעלייגט הונדערטער דזשיקעס, פוקסן, הירשן, סאַרנעס און טאַקע עטלעכע בערן אויך און וועלף גאָר אַ כך... דער טעאַטער־דירעקטאָר איז געווען אַמאָל אין אַפריקע, נו, און אַפריקע האָט דאָך לייבן, די לייבן זענען בייז, נאָר ווער האָט מורא פאַר זיי? דאָ אין וואַרע־מען, ליכטיקן צימער, באַ דעם פיין סערווירטן טיש... ווער האָט דאָ מורא פאַר די אַפריקאַנער לייבן? דער טעאַטער־דירעקטאָר אוודאי נישט: וואָס מער קאָניאַק ער האָט געטרונקען, אַלץ גרע־סערע וווּנדער האָט ער באַוויזן... דאָרט אין אַפריקע אָדער אין דער פאַנטאַזיע זיינע...

מען איז אין אַזאַ אָוונט באַכן גוטן קאָניאַק און נאָך די רייצנדע יאַגד־פאַנטאַזיעס אַוועק פריער שלאָפן, ווייל מאָרגן פרי פאָרט מען אַרויס אויף אַן אמתער יאַגד, מען פאָרט אויף „דזשי־קעס".

זיבן אַ זייגער אינדערפרי, נאָך גוט פינצטערלעך. עטלעכע שליטנס זענען שוין געשטאַנען גרייט. דער עולם איז איינציקווייז אַרויסגעקומען, אין די וואַרעמע פעלצלעך, מיט די דובעלטוווקעס אויף זיך. נעמזאַר מיט זיי...

בעכטן האָט ער נאָך געהאַט אַ ביסל אַמביציע, ער האָט גע־וואָלט ווייזן קאָסטעניצקין, אַז ער קאָן שיסן און טרעפן אין ציל, נאָר איצט אין קאַלטן פרימאָרגן, האָט ער זיך גאַנץ קאַלט גע־טראַכט: „וואָס ווילן זיי פון מיר זי" פטרן אַ טאָג אויף וואָס און

אויף ווען? שיסן אַ ווילד חזיר, וואָס האָט אים דאָס חזיר געטון און צו וואָס באַדאַרף ער דאָס חזיר? אויף אָנצוואַרעמען זיך האָט מען מיטגענומען עטלעכע פלעשלעך קאָניאַק מיט צובייס. איין פלעשל איז שוין נישט אַריין אין דער וואַליזקע, האָט עס געמזאַר אַריינגעשטעקט צו זיך אין קעשענע, און איצט אין שליטן, ווען ער כאַפּט זיך צו דער קעשענע, טאַפּט ער אָן דאָס פלעשל שנאַפּס, שמייכלט ער און בייזערט זיך אויף זיך אַליין: וואָס בין איך געוואָרן פאַר זיי? אַ שענקער?

צוועלף וויאָרסט האָבן זיך די שליטנס געגליטשט און דאָרט אין טיפן וואַלד, אויף אַ פלאַץ, ווו די ביימער זענען זייער שיטער געווען, דאָרט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, מען האָט זיך באַגעגנט מיט נאָך עטלעכע יעגערס, שכנים גוטסבאַזיצער. אינאיינעם זענען געווען אַ צוואָנציק פּערזאָן. איינער פון די גוטסבאַזיצער, אַ בקי אין יאַגד-ענינים, האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע. ער האָט צעטיילט דעם עולם אין גרופּעס און יעדע גרופּע אויסגעשטעלט, איינער פון צווייטן איז געשטאַנען אַ צוואָנציק טריט, אַזוי, אַז פון צוואָנ-ציק מענטשן האָט זיך געשאַפן אַ קייט פון פיר הונדערט טריט. קאָסטיניצקי איז געשטאַנען נישט ווייט פון געמזאַרן. ער האָט גע-שמייכלט צו געמזאַרן, ווי ער וואָלט דערביי געמיינט:

— איר זעט... מיינע מענטשן!

דער עולם האָט געוואַרט. עטלעכע וויאָרסט פון דעם פלאַץ, ווו די יעגערס זענען געשטאַנען, האָט זיך אָפּגעשפּילט די צווייטע העלפט פון בלוטיקן שפּיל. דאָרט האָט מען מאָביליזירט עטלעכע דערפער, יונג און אַלט זענען אַרויס מיט שטעקנס, מיט קאָסעס און גראַבליעס, זיי זענען אַריין אין וואַלד, אין יענע ווינקעלעך, ווו די דזשיקעס באַהאַלטן זיך. זייער ציל איז געווען אַרויסטרייבן די ווילדע חזירים פון זייערע באַהעלטענישן און טרייבן זיי, טרייבן אויף דער לעבעדיקער קייט פון די צוואָנציק מענטשן מיט די ביקסן...

אין וואַלד איז געווען שטיל. די מענטשן זענען געווען צע-טיילט, אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן אויף צוואָנציק טריט, די פלינקערע הינט, וואָס מען האָט מיטגענומען, האָט מען געהאַלטן

לעבן זיך און נישט אויסגעלאָזט אין וואַלד, זיי זאָלן נישט שטערן. געמזאַר איז אויך געשטאַנען מיט דער ביקס אין האַנט... און דער־בײַ געטראַכט... געטראַכט פון דעם, וואָס ער האָט נעכטן געהערט אין קאַנטאָר פון איינעם אַ צוגעפאָרענעם סוחר. יענער האָט געזאָגט, אַז די וואַלד־פירמע לאַנדער אין בערלין איז געגאַנגען אָדער עס האַלט בײַ פּליטה און ער איז דאָרט אַרײַנגעקראָכן מיט אַ גרעסע־רע סומע. ער האָט אויך געטראַכט פון דעם, וואָס די לעצטע עט־לעכע מאָרגעס וואַלד האָבן געגעבן זייער ווייניק שטאַם. ער האָט הײַנט געוואָלט איבעררעדן מיט ראַבינאָוויטשן, יענער זאָל צוזאַ־מען מיט קנישינסקין גוט נאָכקאָנטראָלירן די אַרבעט אין טאַרטאַק...

יאָ, און איצט פּטרט ער אַ טאָג. שטייט מיט דער ביקס און קוקט אויף די ביימער, אויף וועלכע עס ליגן פּאַסן פון צעשמאָל־צענעם שניי, די זון האָט עס נעכטן צעוואַרעמט און די נאַכט האָט עס פאַרגליווערט אין אײַז־גיפּס.

קאַלט איז אויך געווען אַ ביסל און לאַנגווײַליק... ער האָט זיך געבייזערט אויף דער וועלט. איסאַק איז גערעכט געווען, ער טאַנצט צופיל נאָך דעם קאָסטניצקין. ער האָט גענומען טראַכטן פון איסאַקן, פון רוסלאַנד... אין דעם האָט זיך דערהערט אַ ליאַרם, חייט נאָך, אָבער דײַטלעך. הונדערטער שטימען האָבן זיך דער־נענטערט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זײַנע געדאַנקען און באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר: דאָס האָבן די אָניאָגער אויס־געטשאַטעוועט די „דזשיקעס“ און איצט יאָגט מען זיי אין איין ריכטונג, צו די יעגערס, אויף די יעגערס.

אַ סיגנאַל: זייט גרייט!

אַלע האָבן זיך געכאַפּט צו די ביקסן און גענומען קוקן אין וואַלד אַרײַן, אין איין ריכטונג. דאָס געשריי, דער ליאַרם איז אַלץ נענטער און נענטער געוואָרן. הו, הו, האָ, האָ? הי! הא! לאַאַאַ, פּאַאַי, הו! האָ! הא! מאָדנע משונהדיקע געוואַלטן זענען גע־גאַנגען פון צווייטן עק וואַלד, פּונקט ווי אַ מחנה משוגעים האָט זיך אַרויסגעריסן פון דול־הויז... אַ שטאַרקער קאָנטראַסט פון דער וואַלד־שטילקייט. דער וואַלד איז פולער געוואָרן, שטרענגער,

ערנסטער, געפאַר און נייגיריקייט... נעמזאַר האָט זיך אַליין אויך אַ רגע פאַרגעסן, פאַרגעסן דעם מאַרטאַק און די בערלינער פּירי־מעס, ווייב, קינד און היים, אָפּגעריסן זיך אויף אַ רגע פון זיין וועלט און זיך דערזעען אין וואַלד. יאָ, איצט אין דער מינוט פון ליאַרעם און דערוואַרטונג, האָט ער דייטלעכער דערזעען און דערפילט דעם וואַלד, די נאָז־לעכער זיינע צעשפּרייטן זיך פון שטאַרקן עטעמען, די אויגן זעען ווייט און נאָענט, יעדע קלייניקייט כאַפּן זיי אויף... אָט די סאָסנע, וואָס שטייט אַנטקעגן אים, זי איז אַזוי מאָדנע ברוין, ווי אַלטער קופּער. ער טראַכט, אַז ער האָט נאָך אַזאַ ברוינקייט פון אַ בוים נישט געזעען, עפּעס ניי, עפּעס פרייש. עפּעס נאָענט־פרעמד איז אים דער וואַלד...

אַ שאָס...

צווי הונדערט טריט פון אים האָט זיך דערהערט אַ שאָס. אַ ווידערקול און אויך אַן עכאָ פון ווידערקול.

— „זיי שיסן שוין", טראַכט ער און זיין אַמביציע וועקט זיך אויף, זיי שיסן שוין, זיי האָבן שוין אוודאי דערהרגעט אַ „דזשיק". און עס פאַרדריסט אים, וואָס ער שטייט ליידיק. אין וואַלד שרייט מען שוין נישט, די אַניאַגער שווייגן, אַ סימן, אַז די חזירים זענען שוין נאָענט. ער קוקט און פאַרשט צווישן די שיטערעביימער, נאָר מער ווי קאָסטניצקין זעט ער נישט און יענער שטייט אויך און וואַרט דער „דזשיק" זאָל קומען און זיך פאַרבייגן:

— פּאַניע קאָסטניצקי! דערשיסט מיך...

אַ שאָס, נאָך אַ שאָס... דאָרטן ווייטער, הינטער די ביימער און דאָ איז אַזוי שטיל.

פּלוצלינג באַמערקט נעמזאַר, ווי צווישן די ביימער לויפט עפּעס, קורצע נאָר שנעלע טריט, אַ טונקל־ברוין־שוואַרץ באַשעפעניש מיט ווייסע גרויסע ציין...

אַ „דזשיק"... דער געדאַנק זיינער האָט עס אים האַסטיק אָנגעשטעלט די ביקס, דער בליץ־געדאַנק האָט עס אים אָנגערייצט אויף דער חיה. איינס צוויי... געשאָסן און אַריינגעלייגט אין קאָפּ פון ווילדן חזיר צוויי פּאַרציעס פון גרעבערן שרויט. דאָס מילדע

חזיר האָט פאַרקלענערט דעם טעמפּאָ פון זיין לויפן, אָפּגעשטעלט זיך און אַראָפּגעקוקט צעטומלט צו דער ערד, ווי עס וואָלט וועלן אַ גרוב זיך אויסגראָבן, אַ באַהעלטעניש. און מיטאַמאָל האָט עס זיך גענומען וויגן און אַ פאַל געטון, אויסגעצויגן זיך אויף איין זייט, געבליבן ליגן...

נעמזאַר איז צוגעלאָפן, מיט דער ביקס גרייט. געקוקט אויף זיין קרבן: פון שוואַרצן קאָפּ האָט גערונען בלוט, אַ שטראָמעלע, די ווייסע ציין האָבן זיך געבאָדן אין בלוט... דאָס כּאַשעפעניש האָט זיך שוין נישט גערירט. נעמזאַר האָט דערפילט יענע פּוסטע פרייד פון אַלע יעגערס. ער האָט געטראַפן, ער האָט דערהרגעט. ער האָט נאָך אָבער נישט באַוויזן איבערצוטראַכטן זיין פרייד, זיך נאָך קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָט ער טריט דערהערט לעבן זיך.

ער האָט זיך אומגעקוקט, הינטער אים שטייט קאָסטאַניצקי און צילט זיך אין אויסגעצויגענעם „דזשיק"...

— פּאַניע קאָסטאַניצקי, ער איז שוין פאַרטיק, איך האָב אים אָוועקגעלייגט...

ער האָט אָבער אויסגעשאָסן, איין מאָל און צוויי מאָל. אַ פּאַרסאָפּעטער איז ער צוגעלאָפן נעענטער צו נעמזאַרן, נישט צו דערקענען איז אים געווען. אַ פּאָר ווילדע אויגן האָט ער באַקומען און מיט ווילדקייט אַ געשריי געטון:

— פּאַניע נעמזאַר! דעם „דזשיק" האָב איך אָוועקגעלייגט, איר זאָלט עס געדענקען: איך...

איז נעמזאַר געבליבן איבערראַשט, ער האָט אים אַ רגע אָנגעקוקט, ווי דער קוק וואָלט אים געפרעגט:

— מענטש! ווו איז דיין אַמביציע פאַר זיך אַליין?

דערנאָך האָט נעמזאַר מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— גוט! פּאַניע קאָסטאַניצקי! מיר גייט עס נישט אין לעבן...

בּאַ זיך האָט ער געטראַכט: דער געוועזענער „קאַמערהער" האָט שוין גאָרנישט אַ קבצן אין אַלע הינזיכטן, זאָל ער זיך פרייען אַ ביסל מיט מיין „חזיר".

דערווייל זענען אָנגעלאָפֿן פֿון אַלע זייטן די יעגערס, פֿאַר־סאַפּזשע, גליקלעכע...

צוזאַמען האָט מען אָװעקגעלייגט דריי „דזשיקעס". דער פּאַרוואַלטער פֿון די רעגירונגס־וועלדער האָט דערשאָסן איינעם אַ זון פֿון אַ דערבייאיקן גוטבאַזיצער — דעם צווייטן.

און דעם דריטן האָט דערשאָסן... קאָסטעניצקי.

מען האָט אים טאַקע פֿון אַלע זייטן באַגריסט, געדריקט זיין האַנט און באַטראַכט זיין ביקס.

די שמחה איז געווען גרויס. אין אָוונט איז בײַ געמזאַרן געווען אַ באַל. ווײַן האָט זיך געגאָסן, און קאָסטעניצקי איז געווען דער העלד פֿון אָוונט. דער פּאַרוואַלטער פֿון די וועלדער האָט געהויבן אַ טאָסט פֿאַר „איינעם פֿון דער אַלטער גוואַרדיע", פֿאַר דעם שליאַכטעצעם פֿאַן קאָסטעניצקי...

געמזאַר האָט געשמייכלט אין זיך...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער גערעדט מיט קנישינ־סקין, וועלכער איז צוריקגעקומען פֿון דאַנציג. ער האָט פֿאַר אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיט דער יאַגד, ווי אַזוי קאָסטעניצ־קי האָט אַריינגעשאָסן שרויט אין דער טויטער חיה...

ווי אַזוי קאָסטעניצקי האָט זיך דערנאָך באַרימט.

— און איר האָט געשוויגן? פֿאַגיע געמזאַר.

— פֿאַר אים איז דאָס אַלץ, פֿאַר מיר — גאָרנישט, זאָל אים דאָס וויל באַקומען...

— אָבער ער האָט דאָך צוגענומען אייערס...

— מען האָט בײַ מיר מער צוגענומען, אָבער איר ווילט דאָך זאָגן, אַז אַזאַ געמזאַר האָט נישט קיין אַמביציע. אמת, אַזאַ אַמ־ביציע האָב איך נאָך נישט, דאָס באַדאַרף דויערן אַ סך דורות, מען דאַרף זיך איבעראַנדערשן אינגאַנצן, מען דאַרף פֿריער וועלן שיסן אַ „דזשיק" און דערנאָך האָבן אַזעלכע אַמביציעס. איך האָב דאָס נישט געוואָלט, די גאַנצע געשיכטע מיט דעם יאַגד איז מיר אָנגעוואָרפֿן געוואָרן...

— פֿון בראַניצקיס פּאַרוואַלטער?

— איך מוז אים עפּעס נאָכגעבן... געשעפֿט איז געשעפֿט.

קנישינסקי האָט אויפגעהערט מיט די שטעך־ווערטלעך, ווייל ער האָט באַמערקט, אַז נעמזאַר איז רויט געוואָרן...

*

דער ווינטער איז קאַליע געוואָרן, אין ווייסן שניי, אויף די וואַלד־טראַקטן, האָבן זיך וווּנדן געעפנט, שוואַרצע נאַס־גלאַנציקע לעכער. די שליטנס מיט די לאַנגע האָלץ־קלעצער ציען זיך שוין נישט אַזוי האַסטיק און היינט־מאָרגן, דער פויער וועט דעם שליטן אָנעקוואַרפן און איינשפּאַנען זיין פערדל אין די רעדער. די רעדער וועלן זיך שלעפּן אין גליטשיקע זיגזאַגן. דער פויער וועט שמייסן דאָס פערדל, דער פויער וועט שעלטן און נעמזאַר מיט אַלע זיינע מענטשן וועלן פאַרשטיין, אַז מער אויפטון קאָן מען נישט. וויפיל עס איז מעגלעך געווען האָט מען אַרויסגעפירט, מען האָט אויסגעניצט דעם ווינטער אויפן בעסטן אופן. אָ, די חברה האָט אַ ביסל געאַרבעט. עס איז איצט אַ שרעק אַ קוק צו טון, וואָס פון אַ וואַלד איז געוואָרן, יעדער חורבן שרעקט... מען מוז שוין אויפהערן, אָפּרוען. עס דאַכט זיך, אַז די איבעריקע וועלדער, די נישט אויסגעהאַקטע, בעטן זיך רחמים: אויפהערן מיט די העק, אויפהערן מיט דער זעג... שוין גענוג. אַ מלחמה הערט דאָך אויך אויך אַמאָל. און דאָ איז געווען אַ מלחמה מיט שטומע ביימער...

מענטשן שפּרייזן דאָ איצט אויף בערג מיט צווייגן און ברוינער קאָרע...

אין דאָמבראָווקע אַרום טאַרטאַק ליגט אַ בית־עולם מיט שטייפע סקעלעטן. אַ בית־עולם מיט ביימער, קורצע און לאַנגע ביימער. טונקעלע מיט זייער ברוינער קאָרע און אַרומגעשאָבענע, פריש־נאַקעטע, זעען זיי אויס ווי העל געלד און די זון לעקט זיי, די זון באַשטראַלט זיי, צעוואַרעמט זיי אַזוי, אַז פון די רונדע קלעצער, וועלכע ליגן אויבן, ציט זיך אַרויס אַ פּאַרע, עס שמעקט אַרום מיט האָלץ־פרישקייט, מיט פּעך און ווי די פויערן זאָגן: פון די ביימער זאַפּט זיך אויס דאָס לעבן...

ווען מען זעט דעם חורבן, די הונדערטער אויסגעצויגענע ביימער, איז פּונקט ווי מען זעט אַ סך טויטע מענטשן, אַזוי ווי פון

בית-עולם ציט צו די לעבעדיקע. עס ווילט זיך אַפּט אוועקגיין טיף אין וואַלד, דאָרט, וווּ קיין איין בוים איז נאָך נישט גערירט געוואָרן. עס איז נאָך קאַלט אין וואַלד, די דורכגעפּרוווירענע שאָטנס צווישן די ביימער מאַכן דעם וועג טונקל, אָבער עס קוויטשעט שוין די וועוויאָרקע און דער ווינטער-פויגל טרילערט שוין פול מיט האָפענונג... נישט קיין וווּנדער: אויף די שפּיצן פון די ביימער שפּילן זיך שוין שטראַלן. קיין סימן פון שניי איז שוין אויף די ביימער נישטאָ, די נאָדלען זענען פריש-גרין, אויסגעצוואָגן...

בעמזאַר אַליין קומט שוין איצט וויניקער אין וואַלד. דאָ איז שוין באַלד נישטאָ קיין אַרבעט, אָבער ווען ער כאַפּט זיך דאָ אַריין, ווערט ער אַליין איבערראַשט. ער דערקענט נישט דעם פּלאַץ. דאָ און דאָרט, וווּ פריער זענען שאָטנס געווען, איז איצטער ליכטיק... ער ווערט צעטומלט פון דער ליכטיקייט. אַן אַלטער האָלץ-העקער, ווערט ער דאָך אַ ביסל איבערראַשט. די העק מיט די זעגן האָבן אַ וועלט חרוב געמאַכט...

ווי לאַנג איז דאָס געווען: מיט אַ פּיר חדשים צוריק האָט ער אַרויסגעשיקט זיינע מענטשן אין זעלבן וואַלד און זיי געהייסן אויסמעסטן מיטן אויג, אָפּשאַצן די טויזנטער ביימער. ווי לאַנג איז דאָס געווען: מיט דריי חדשים צוריק האָט ער זיך געדונגען מיט בראַניצקין און מיט קאָסטעניצקין. דורכגעקומען און געקויפט. ערשט מיט צען וואָכן צוריק האָט מען גענומען האַקן און איצטער קוקט ער מיט ברייט-צעעפנטע אויגן:

— וואָס פאַר אַ חורבן...

אויף אַ גרויסן שטח איז ליידיק געוואָרן אינדערהייך, און אונטן וואַלגערן זיך משונהדיקע צווייגן, אַנדערע ליגן איינגעפרוירן אין לעצטן שניי, אַנדערע רייסן זיך אַרויף, ווי פּיס פון אַן איבערגעדרייטן טיש, צווייגן און צווייגעלעך, פרישע קאָרע, סענקעוואַטע דרענגער. און דאָ ליגן נאָך אַ סך נישט אַרומגעהאַקטע ביימער, אָפּגעשאָבענע קעלבער אין די יאַטקעס. און דאָ, אויף דעם פּלאַץ, וווּ ס'האָט זיך געענדיקט דאָס האַקן, שטייט עס זיך אַ גרינע לעבעדיקע וואַנט פון סאָסנע-ביימער, באַלויכטן, באַשטראַלט מיט דעם ערשטן ליכטיקן אָנזאָג פון פרילינג. שטייען

נאָך טויזנטערביימער מיט זייער גאַנצער פעסטקייט און זיכערקייט און עס דאַכט זיך, אַז אין זייער פּלאָנטער, צווישן די צווייגן, זינגט שוין עפּעס, לעבט שוין עפּעס. אָבער דאָס, וואָס אויף דער ערד ליגן אַזוי פיל מתים מיט אָפּגעהאַקטע אָרעמס-צווייגן, וואָס די גרינע סאָסנע-צעפּ פון די טויטע ביימער וואַלגערן זיך אין מיסט און ווערן צעטראָטן מיט די שווערע שטיוול פון די פּויערים, די האָלץ-האַקער, דאָס אַרט זיי נישט די ביימער, די, וועלכע שטייען נאָך אין זייער גאַנצן גלאַנץ... מיט מענטשן איז אויך אַזוי.

קנישינסקי, וועלכער פאָרט איצט כסדר אַרום צוליב געמזאַרס עניינים איז אויך איינמאָל געקומען אין וואַלד צוזאַמען מיט געמזאַרן:

— איך וויל אַ קוק געבן, וואָס פון אַ וואַלד איז געוואָרן. געמזאַר האָט אים מיטגענומען, ווי ער וואָלט זיך באַרימט מיט זיין אַרבעט:

— מיט העק קאָן מען עפּעס אויפטון. זיי האָבן ביידע געשפּרייזט. געפּלאָנטערט זיך צווישן די צווייגן און אָנגעשטויסן זיך אויף אַ גרויסן בוים, וועלכער איז נאָך געלעגן מיט אַלע זיינע אָרעמס, מיט פרישן סכך צוגעגרינגלט. קנישינסקי האָט זיך אָנגערופן:

— דער בוים מאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק, ווי ער וואָלט זיך צוגעלייגט אָפּרוען, אַט באַלד וועט זיך ער אויפהייבן.

— אויב ער וועט זיך אויפהייבן, וועט ער אויך נעמען רעדן, איר וועט זען, קנישינסקי...

זיי האָבן געשפּאַנט די צוויי מענטשן אין וואַלד. אַזוי שפּאַנען באַזיגער, ווען זיי באַטראַכטן דאָס דערוואָרבענע שלאַכט-פעלד... נאָר אינמיטן אַזאַ שמועס איז עפּעס קנישינסקין אַריין אין קאָפּ און ער האָט זיך אָנגעצונדן:

— פאַניע געמזאַר! איר קענט מיך אַ ביסל, איך אַרבעט בא אייך און איך אַרבעט נישט קיין סך ערגער, ווי אייערע אַנדערע אָנגעשטעלטע, איר זעט דאָך, מיט דער צייט וועל איך ווערן אַ האָלץ-מענטש, אָבער אין דער זעלבער צייט, איז בא מיר אין האַרץ פאַראַן אַ ווינקעלע, וואָס טוט וויי און פּראָטעסטירט קעגן דעם,

ווי אַזוי מען פטרט וועלדער... יאָ, יאָ, שמייכלט נישט! איך וועל דאָ מיט מיינע ווערטער גאָרנישט איבערמאַכן, נאָר איך חייס אייך, אַז אַ וואַלד וואַקסט הונדערטער יאָרן, מען לייגט אים אַוועק אין עטלעכע וואָכן און מען פאַרזייעט אַ נייעם וואַלד, דאַרף איך ווידער וואַרטן הונדערטער יאָרן. מען גנבעט אַוועק פרייד פאַר מיינע אויגן. איך האָב ליב וועלדער, מיר דאַכט זיך, אַז אין זיי לעבט גאָט. איך האָב עס ליב, אַ מאָדנע ליבע פון אַ מענטש, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף אַ גאַס, ווו קיין איין גאָרטן איז נישט געווען, קיין איין בוים נישט...

געמזאַר האָט אים אָפגעענטפערט:

— אַז איך וויל ווערן פּאָעטיש, שפרינגט באַלד אַרויס דער סוחר... און אַז איר ווילט ווערן סוחריש, שפרינגט באַלד אַרויס דער פּאָעט...

זיי שמייכלען איינער צום צווייטן און שפּרייזן ווייטער...

געמזאַר שפּרייזט מיט קנישינסקין און נאָך זיי גייען נאָך עטלעכע מענטשן פון די וואַלד-משרתים. דאָ און דאָרט שטעלט מען זיך אָפּ און מען באַטראַכט אַ בוים:

— שוואם! — רופט זיך אָן געמזאַר און ווייזט אָן אויף אַ ריזיקן מת מיט אַ צעפוילט האַרץ...

— אָן שוואם קאָן דאָך נישט זיין, — ענטפערט אים איינער. דערנאָך כאַפּט מען אַ געזונטן בוים און מען צאַצקעט זיך מיט דעם גוטן שטיקל האָלץ...

פלוצלינג שטעלט זיך געמזאַר אָפּ און נעמט אַרום דעם גאַנצן שטח מיט די אויגן, דעם ליידיקן פּלאַץ, וואָס האָט זיך פלוצלינג געעפנט צוליב דעם פאַרשווונדענעם וואַלד, די ערד, וואָס איז אויסגעליידיקט מיט אַזוי פיל ביימער און צווייגן, דעם גאַנצן פּלאָנטער פון אָפּפאַל. ער קוקט זיך אַרום און שמייכלט צו קנישינסקין:

— ווי געפעלט אייך די שחיטה?

און קנישינסקי קוקט צו דער צווייטער זייט, דאָרט, ווו דער וואַלד איז נאָך געבליבן שטיין. ער זעט אין אָנהייב פון דער וואַלד-וואַנט צוויי ריזיקע ביימער. צווישן די צוויי ביי-

מער אַ סך דינע, יונגע ביימלעך, אָבער זייער הויכע, זעען דידאָזיקע הויכע ביימלעך אויס ווי סטרונעס. צוזאַמען מיט די צווי גרויסע ביימער זעט עס אויס, ווי אַ האַרפע. ער האָט עס באַמערקט, די פאַרגלייכונג איז געווען אַ פּאָסיקע. שוין געוואָלט דאָס ווייזן נעמזאַרן, נאָר באַלד זיך געכאַפּט צוריק. יענער וועט באַלד שפּאַסן פון זיין „פּאָעזיע"...

•

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ זון מיט אַן אומגעוויינלעכער ליכטיקייט איבערן גאַנצן פּלאַץ פון טאַרטאַק, איבער דעם קליינעם וואָקזאַלעכל. די זון האָט שוין געצויגן צו זיך. די הינער מיט די אינדיקעס אונטער נעמזאַרס פענסטער האָבן פריילעך געדראַפּעט די ערד מיט די פיסלעך און מיט די שנאָבלעך. אַ קאַץ איז אַרויס־געקראָכן אויף אַ גרויסן שטאָס מיט ברעטער און זיך דאָרט אויס־געצויגן אַזוי קונציק, עס האָט אויסגעזען, ווי איין פלאַך שטיק פעל פון ווייס־שוואַרצער קאָליר. זי ליגט אַזוי לאַנג און וואַרעמט זיך ביז דעם מאָמענט, ביז דער יונגער וואָלף־הונט ראַלף דער־שמעקט, וווּ זי ליגט, און ווען ער דערשמעקט שוין, כאַפּט ער זיך אַליין אַרויף אויף די ברעטער און עס הייבט זיך אָן אַ מלחמה צווישן קאַץ און הונט, אַזוי, אַז צענדליקער אַרבעטער, וועלכע שלעפּן און קייקלען די ברעטער און די קלעצער, רייסן זיך אָפּ פון זייער אַרבעט און נעמען זיך צוקוקן צו קאַץ און הונט.

ביז ראַבינאָוויטש דערזעט פון קאַנטאָר־פענצטער די קאַץ־און הונט־פאַרשטעלונג, ער נעמט פויקן אין די שויבן און די צאַר־בעטער נעמען ווידער שלעפּן די קלעצער...

דער ווינטער איז נאָך נישט אַוועק, דער זומער איז נאָך נישט געקומען. אין וואַלד ליגט נאָך שניי און די זון איז נאָך קיינמאָל אַזוי ווייך־וואַרעם נישט געווען. מיט אַמאָל... עס זענען שוין צוגעקומען נייע טעג. דאָס קריייען פון האָן איז הילכיקער געוואָרן, אַ בהמה שרייט שוין אַנדערש, ווי אין די פאַרגליווערטע ווינטער־טעג. אין יעדער באַוועגונג פון מענטשן, אין יעדער טריט פילט זיך, אַז ער גייט צום לעבן, ער שלינגט די וואַרעמקייט און

זאָל דאָ זיין אַ הויכע לייטער, ער האָט געשפּרייזט, דער אויפֿ־געוועקטער מענטש, העכער און העכער.

קנישינסקי איז אַ ביסל צעטומלט. ער האָט ליב די צייט, ווען די זון גלעט און וואַרעמט. ער האָט ליב דעם פרילינג און נישט איינמאָל האָט ער דאָס שוין געזאָגט:

— צוליבן פרילינג לוינט צו לעבן און טראָגן דעם יאָך פֿון הערבסט און ווינטער.

נאָר פֿאַר דעם זעלבן פרילינג האָט ער מורא, ווייל דעמאָלט ווילט זיך מער לעבן און אַזאַ ווילן צום לעבן איז צונויפגעקניפּט מיט ווייטיק, מיט אומרו, דעמאָלט ווילט זיך אַלץ דערגרייכן און עס איז שווער זיך אָפּצוזאָגן פֿון קלענסטן פאַרלאַנג... פאַרויס! צו דער זון, צו דער ליכטיקייט און ווען מען שטויסט זיך אָן אויף אַ צוים און ווען מען קאָן דעם צוים נישט אַריבערגיין, דע־מאָלט באַדט זיך די נשמה אין שוואַרצקייט...

ווינטער איז גאָר אַנדערש.

יעדער קלאַפּ פֿון שיקזאַל שלינגט מען אַראָפּ שווייגנדיק און מען איז געדולדיק צום גורל ווי צום פראָסט, וועלכער רייצט נישט, נאָר פאַרגליווערט. מען טרייסט זיך מיט דעם, וואָס די וועלט אַליין איז געפרוירן, וואָס יעדער גראָז און בלאַט איז אָפּגעשטאָרבן... אָבער אין פרילינג, ווען דאָס קלענסטע גרעזעלע לעבט אויף, ווען אַ שמעטערלינג באַווייזט אין זיין פלאַטער אַזוי פיל פאַרבן, ווען פויגל, בין, בלאַט און בלום קושן זיך, ווען לעבן רעדט אָן צום לעבן און רייצט מיט קלאַנג, מיט דופט, מיט פאַרב, דעמאָלט איז זיך שווער אָפּצוזאָגן פֿון קליינע און גרויסע פאַרלאַנגען. דעמאָלט ווען לעבן איז שטאַרקער פֿאַר ערלעכקייט, פֿאַר געוויסן, פֿאַר וואָרט, פֿאַר צוזאָג און שבועה...

ער האָט מורא געהאַט צו בלייבן נאָך אַ זומער אַזוי נאָענט פֿון בעלאָן. דער ווינטער איז דאָך ווי עס איז דורכגעגאַנגען. ער איז מער געווען אין וואַרשע און אין דאַנציג, ווי אין דאָמבראָווי־קע, נאָר איצט, ווען די גרויסע אַרבעט באַם אויסהאַקן בראַניצקיס וואַלד איז שוין אַריבער, וועט איצט שוין מוזן געמזאַר אַליין

און ער וועט זיין כסדר באַם טאַרטאַק, כסדר מיט די ברעטער, מיט די ברעטער...

און דאָרט, אין אַ שיינער ווייסער שטוב, וועט זיצן בעלאַ און אַז ער וועט דאָרט אַריינקומען וועט זי זיין פריינדלעך צו אים, שמייכלען צו אים און ער וועט ווידער נישט וויסן, וואָס אַזאַ פריינדלעכקייט באַדייט און וואָס דער מיין איז פון אַזאַ שמייכל צו אים...

קנישינסקי איז אַ ביסל צעטומלט, ער קוקט כסדר אויף נעמזאַרס הויז. אָט שטייט ער מיט אַ ביכעלע און פאַרצייכנט די סחורה, וועלכע מען פירט צו דער באַן. מען לאַדעוועט וואַגאָנען און זיינע אויגן רייסן זיך אָפּט אָפּ פון די ציפערן. ער בליקט צו נעמזאַרס פענצטער. אָפן די פענצטער, די ווייסע גאַרדינען באַוועגן זיך פון לייכטן ווינטל, הייבן זיך אויף און פאַלן צראָפּ, פונקט ווי נישט דער ווינט באַוועגט זיי, נאָר אַ האַנט פון אַ מענטש.

דאָס, וואָס קנישינסקי פאַרלאַנגט איצט, געשעט נישט: בעלאַס פנים באַווייזט זיך נישט. ער ווערט בייז אויף זיך און אויך מער קיינעם נישט. וואָס רעדט ער זיך איין און וואָס פאַרלאַנגט ער דאָ צווישן די ברעטער און קלעצער?

געקומען איז ער אַהער... יאָ, צוליב וואָס איז ער אַהערגעקומען? הינגעריק געווען, האָט ער געוואָלט זיך אַ ביסל זאַט מאַכן, מיד געווען — געוואָלט זיך אויסרוען און אויסער דעם, עס האָט אים געצויגן דער וואַלד. ער האָט עפּעס געהאַט אַ פּלאַן וועגן אַן אַרבעט. די יידן, די וואַלד-הענדלערס, האָבן אים שטענדיק מער אינטערעסירט, ווי די איבעריקע יידישע סוחרים... יאָ, צוליב דעם איז ער אַהערגעקומען, געוואָלט איינזאַפּן אין זיך די וואַלד-סביבה.

איצט איז ער שוין זאַט און אויסגערוט. די וואַלד-סביבה איז אים שוין גוט באַקאַנט. אַ ביסל געלט האָט ער אויך אין קעשענע. טאָ וואָס בלייבט ער דאָ נאָך? פאַרוואָס געזעגנט ער זיך נישט אָפּ מיט די מענטשן, מיט דעם ענערגישן נעמזאַר, מיט אַלע פשוטע יידן פון קאַנטאָר... פאַרוואָס און צוליב וואָס בלייבט ער דאָ? פון וואַרשע האָט ער גוטע בריוו באַקומען, די מענטשן, וואָס

האָבן אים פריער איגנאָרירט, בענקען איצט נאָך אים. אַלץ רעדט דערפאַר, ער זאָל פאַרלאָזן דאָמבראָווקע...

אָבער איין זאַך האָט ער פריער נישט אויסגערעכנט, קני־שינסקי, ער האָט נישט געטראַכט. אַז זיין באַלעבאָס נעמזאָר האָט אַזאַ בעלאַ, נישט געטראַכט, אַז ער וועט זיך פאַרפלאָנטערן, נעמען בענקען צוליב אַ פרוי, אומרויק זיין, טראַכטן וועגן איר כסדר, אי־בערטראַכטן.

דאָס האָט זיך אים נישט געחלומט, דאָס האָט ער נישט גע־זוכט און אפשר אויך נישט געוואָלט. עס וואָלט אים נישט איינ־געפאַלן צו טראַכטן פון בעלאַן. פאַראַן פרויען, פאַר וועלכע די מענער האָבן אַ גרויסן דרך־ארץ און זיי האָבן מורא אפילו מיט אַ געדאַנק זיי צו באַליידיקן און אָפּט פּאַסירט עס אַזוי, אַז גראָד אַזאַ פרוי שענקט דעם ערשטן שמייכל, דעם ערשטן רמז...

בעלאַ נעמזאָר איז אויפמערקזאַם צו אים, דאָס איז אָן ספק. עס דריקט זיך אויס אין אַ גוטמוטיקן בליק צו אים, אין אַ וואָרט. עס נאַרט אים נישט. אַ ביסל פּראַקטיק האָט ער שוין געהאַט אין דער הינזיכט. עס נאַרט אים נישט.

און דאָך הייבט ער נישט אָן צו פאַרשטיין, וואָס זי וויל פון אים און וואָס ער באַדאַרף וועלן פון איר. ער גלייבט, אַז זי זאָל זיך שפּילן מיט אים, אויף דעם איז זי נישט פעיק, אָבער עס איז אויך פאַראַן אַזאַ שפּילן זיך בּאַ די פרויען, ווען זיי אַליין ווילן דאָס נישט. אומבאַוווסטזיניק רופן זיי צו זיך, מיט די אויגן זאָגן זיי אַלץ צו און גיבן גאָרנישט...

אפשר איז דאָס באַ איר בלויז פון לאַנגווייליקייט. דאָס וואָלט אים שטאַרק באַליידיקט. פון אַזאַ געדאַנק ווערט ער אויפ־גערעגט און ער דערפילט שטאַרקער דעם רויש פון די מעסערס, וועלכע שניידן די ברעטער, די ברעטער־וועלט, אין וועלכער ער האָט זיך שוין ווי עס איז איינגעלעבט, ווערט אים נמאס... ער זעט נישט די סימעטרישע קוואַדראַטן פון די ליכטיקע ברעטער, ער זעט בלויז די שפּענער, וואָס וואַלגערן זיך אונטער זיינע פ״ס... שפּענער, וועלכע ווייקן זיך אין דער לעצטער נעץ פון ערב־פרי־לינג... שפּענער. די לעצטע גאָרנישטקייטן, וואָס זענען פאַרבליבן

פון אַ גרויסן געדיכטן וואַלד. ער שפּרייזט און עס דאַכט זיך אים, אַז ער צעטרעט אַליין די רעשטלעך פון זיין לעבן... צוליב וואָס און צוליב וועו איז ער דאָ פאַרקראָכן אין וואַלד?...

קנישינסקי גייט אַרום ווי אַ נעכטיקער. ווי אַ מאָרגעדיקער. נאָר נישט ווי קיין היינטיקער. דאָס ביכעלע מיט דער בלייפעדער קלאַפּט זיך נישט אין זיינע הענט...

אָבער די ערב-פרילינג-זון האָט שוין אין זיך אַזאַ אייגנ-שאַפט, זי בייט לייכט דעם מעגעשס שטימונג. פון דעם גרעסטן ספק הייבט זי אויף צו דעם גרעסטן גלויבן. אַלץ איז גוט און אַלץ וועט זיין גוט. דאָ, אויף דעם פּלאַץ אַרום טאַרטאַק, וועט אוודאי זיין גוט, זון איז דאָ פאַראַן, אַזוי פיל ליכטיקע זון און... און . . . בעלאַ איז דאָ אויך פאַראַן . . . אין די געדאַנקען זיינע, אין דעם ערשטן ליכטיקן טאָג באַזיגט קנישינסקי די גאַנצע וועלט...

און די גאַנצע וועלט איז... בעלאַ.

זאָל זיין...

ווען די זון צעגיסט זיך מיט אַזוי פיל וואַרעמער ליכט, דע-מאָלט פאַרגעסט מען אַפילו, אַז לעבן דיר גייט אַרום אַ שטאָלצער, אַן עגערגישער קיבאַ נעמזאַר...

און ער איז דאָך בעלאַס מאַן.

און דאָ קאָן אַרויסקומען אַ געפערלעכער קאָנפליקט.

וואָס דאַרף!

די זון רעדט שוין צו אַלדאָס בייז... קנישינסקי טראַכט פון דעם, ווען נעמזאַר וועט אַרויספאָרן. שוין צייט ער זאָל אַ ביסל אַוועקפאָרן און עס דאַכט זיך אים אויס, אַז דאַן, ווען זיין באַ-לעבאָס נעמזאַר וועט דאָ נישט זיין אין דאָמבראָווקע. . . דע-מאָלט...

•

אין אַזאַ זוניקן טאָג קומט נעמזאַר אַריין צו בעלאַן מיט מער מוט און מונטערקייט. פונקט ווי דאָס וואָלט זיין זון געווען און זיין ליכטיקייט. ער ווייסט, אַז זי האָט דיר דעם ווינטער אויס-

געפייניקט. פון דעמאָלט, זייט זי איז פון וואַרשע געקומען, האָט זי זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט, אָבער ער האָט געוווּסט איר כאַראַקטער: נישט אַזוי גיך און נישט אַזוי לייכט געווינט זיך צו אַזאַ בעלאַ, צום לעבן אין אַ דאָמבראָווקע... זי האָט געשוויגן מער פון שטאָלץ, מער פון פייגעפיל, זי האָט אויסגעפילט אירע טעג מיט די קינדער, מיט דעם קלאַוויר און מיט ביכלעך. זי האָט פיל געלעזן פון דער נייער רוסישער ליטעראַטור...

— ווי געפעלט דיר דער טאָג ?בעלאַ! וועסט זיך שוין איצטער נישט באַקלאָגן, דער זומער וועט קומען, דיינע קוזינעס פון וואַרשע וועלן דאָ אַראָפּקומען, ס'וועט זיין לעבעדיק...

בעלאַ שאָקלט צו מיטן קאָפּ, זי זיצט באַם קלאַוויר און שפּילט. דער קאַנאַריק אין שטייגל אַקאָמפּאַנירט, די פענצטער זענען אָפן און די צוויי יאַטלעך קריכן אויף די נאָענטע ברעטער און שרייען אויף זייער שטייגער. אַלע רעדן היינט זיכערער, יעדער נפש האָט לשון באַקומען.

לויטן אויסדרוק, פון די אויגן קאָן מען באַ יעדן איבערלייענען איין פריילעכן געדאַנק: עס וועט זיין זומער.

עס קומט וואַסיל, פון וואַלד איז ער געקומען, און די ערשטע אונטער־שניי־בלימלעך געבראַכט. בעלאַ האָט זיך מיט דעם שטאַרק דערפרייט. ער זעט מאָדנע אויס, דער וואַסיל. די שטיוול אויסגעווייקט אין נעץ, די הענט צעשטאָכן און איינגעריכט אין ערד, פאַרשוויצט...

אַלץ די געשיכטע מיט דעם פוקס. שוין געהאַט אין פאַסטקע, האָט זיך דער געלער גנב אַרויסגעכאַפּט. אין לעבן גייט עס אים צו כאַפּן דעם פוקס, ווייל זיין רענאָמע באַ נעמזאַרס צוויי שטיפערישע יינגלעך איז אינגאַנצן געפאַלן...

ער איז אומעטיק, נאָר ער ווערט אַנדערש, ווען נעמזאַר נעמט זיך מיט אים מיישב זיין, וועגן איבערבויען די שטוב. נעמזאַר וויל צובויען עטלעכע צימערן, פאַרגרעסערן די וועראַנדע... און וואַסיל איז גליקלעך, ווען נעמזאַר איז זיך מיט אים מיישב. ער איז גרייט צו דינען זיין באַלעבאָס מיט לייב און לעבן...

יאָ, און אַ גאַרטן וועט ער דאָ מאַכן. מען דאַרף ברענגען

דויזן פון וואַרשע, גוטע רויזן, מען דאַרף ברענגען נעגעלעך און טאַבאַק-בלומען, מען דאַרף דאָ פאַרפלאַנצן פערסישן בעז. ער האָט אַ סך פלענער, ער צינדט זיך אָן און באַגייסטערט בעלאַן, זי אַליין הייבט אָן צו רעדן מיט אַ טאָן, פונקט ווי זי וואָלט שוין באַשלאָסן בײַ זיך, דאָ אין דאָמבראָווקע זיך איינצופונדעווען אויף שטענדיק.

— דעם גאָרטן, — זאָגט זי — באַדאַרף מען מאַכן אָט גרעסער, פאַרפלאַנצן קאַרשן-ביימער און דאָ לעבן פענצטער דורכפירן אָן ענגלישע אַלעע מיט אונטערגעשוירענע ביימלעך, זי, זי אַליין וועט זיך מיט דעם פאַרנעמען...

נעמזאַר איז גליקלעך. זי רעדט פון פאַרפלאַנצן, זי רעדט וועגן דעם. ער ווייזט נישט אַרויס זיין פרייד, ער מאַכט זיך ערנסט. ער שפּרייזט אַרום זיין שטוב מיט וואַסילן, פונקט ווי וואַסיל וואָלט דער גרעסטער אַרכיטעקט געווען און זיי קלויבן זיך דאָ בויען אַ וווּנדער-שלאָס...

אפשר טאַקע אַ וווּנדער-שלאָס ? אויב זי וועט דאָ בלייבן און דאָס לעבן וועט איר דאָ ליב זיין און די קינדער זיינע וועלן זיך דאָ האָדעווען, וועט ער, נעמזאַר, זיין רויק. אַזוי וויל ער טאַקע פון לאַנג אָן, פון יענע שרעקלעכע טעג אין רוסלאַנד...

מיט אַמאָל דערהערט זיך אַ קינדערישער קוויטש-געשריי, דער קליינער באָרקע שרייט פון די ברעטער. די נעמזאַרס לויפן אַרויס צו זייער קינד. גאָרנישט : ער איז אַרויפגעקראָכן אויף די ברעטער און זיך אַוועקגעזעצט. אויף איין ברעט האָט די זון צעוואַרעמט אַ פעכיקן סענק, דאָס יאַטל האָט זיך דאָרט אַוועקגעזעצט און צוגעקלעפּט די הייזלעך. צוגעקלעפּט און נישט אָפּצערייסן זיך. האָט אַזאַ קליינער שטיפער זיך דערשראָקן און גענומען וויינען אויפן קול...

מען האָט דאָס קינד אַראָפּגענומען פון די ברעטער און אַלע האָבן געלאַכט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע לאַכן נאָך די לאַנגן ערנסטן ווינטער. די זון האָט שוין אַראָפּגעווישט די שטרענגע שאָטנס פון מענטשנס פנים. אַלע צוזאַמען און יעדער איינער באַזונדער, מען האָט זיך פרייַלעכער באַוועגט און פרייַלעכער געאַרבעט... אויף קליינע אייזערנע וועגעלעך זענען די קלעצער גע-

קראָכן אין דער שאַפּע פון סאַרטאַק, און פון דער צווייטער זייט שאַפּע האָבן מענטשן אַרויסגעוואָרפן פריש נייענקע ברעטער. איצט ווען די זון האָט אַזוי העל געלויכטן, איז קיין באַדויער צו די אַרומיקע וועלדער נישט געווען.

נאָט אַזוי באַדאַרף עס זיין:

וועלדער דאַרפן וואַקסן און מען דאַרף זיי אויסהאַקן און דערנאָך צעשניידן. פאַרן מענטש, ער זאָל האָבן צו אַרבעטן, פאַרן מענטש, ער זאָל בויען הייזער פאַר זיך און אויסלייגן שיינע פאַרקעטן, אויסשניצן מעבל... אַלץ פאַרן מענטש...

## XII

# פרילינג

די וואַלקנס זענען אַוועק העט-ווייט הינטער אַלע וועלדער. עס איז אַוועק די גרויקייט, וואָס האָט זיך איינגעבאַקן אין די הערצער פון די קליינע מענטשן, וועלכע פויזן אַרום אויף דער ערד, דער שוואַרץ-ווייסער שניי, דאָס צעפוילטער אייז איז גאַנץ קורץ אויפגעפרעסן געוואָרן פון דער זון...

און כאָטש דער ווינטער קריכט שטענדיק אַוועק אַזוי לאַנגזאַם און כאָטש דער פרילינג מיט זיין וואַרעמקייט קומט נאָך לאַנגזאַמער, האָט דאָך איצט אַלעמען אין דאָמבראָווקע אויסגעזעען, אַז אַלץ איז דאָס געשעען איבער נאַכט... איבער נאַכט האָט זיך דער הימל אָפגערייניקט פון זיין גרויען זשאַווער, איבער נאַכט איז די ערד טרוקן געוואָרן און דער וואַלד האָט אויפגעמאַכט אַ מיליאָן מיילעכלעך און גענומען רעדן מיט קלאַנג און געזאַנג...

אין וואַלד...

דאָרט, ווו מען האָט ביז נישט לאַנג ביימער אַוועקגעלייגט, אונטערגעזעגט די ריזן, זיי אַוועקגעלייגט, אָפגעשוינדן די קאָרע און אַוועקגעשלעפט אין טאַרטאַק אַריין...

— צום קראָקאָדיל, — ווי וואַסיל רופט דאָס זעג-מעסער, — דעם גאַטאַר...

און אין וואַלד זענען געבליבן אַ סך אָרעמס פון די ביימער, די דיקע און די דינערע צווייגן. שטייען דאָ איצטער פויערים

און מען צעשניידט די שטיקלעך האָלץ אין סימעטרישער גרייס, מען קלייבט צונויף אין וואַלד אַ סך קוואַדראַטן מיט ברען־האָלץ. אָבער ווי קומט עס צו יענער אַרבעט אין ווינטער, ווען די גיגאַנטן זענען געפאַלן, דעמאָלט, ווען די פראָסט איז שטייף געווען און יעדער הויך פון אַ האַק האָט געשניטן די לופט. ווי קלינגענדיקער שטאָל...

איצט באַרימען זיך די מענטשן, נעמזאַרס מענטשן:

— אַי אַ ווינטער, איז דאָס געווען אַ ווינטער! מען האָט געשניטן די ביימער ווי הושענות. עס דאַכט זיך, אַז די מענטשן כאַפּן איצט דעם אָטעם אָפּ פון אַזאַ ווינטער. עס האָט זיך געררודערט. מען האָט געלייגט די ביימער און געפירט די סקעלעטן. דער טאַרטאַק האָט געאַרבעט און עס וועט איצט זיין אַ גאַנצן זומער וואָס צו שניידן...

— האַ, האָ! שוין איינמאָל געווען אַ ווינטער!

אין וואַלד איז איצט זינגעדיק און רויק. גרויסע שטחים זענען ליידיק געוואָרן, אָבער די דאָזיקע ליידיקייט איז אַרומגערינגלט מיט גרינע סאָסנע־ווענט, מיט לעבעדיקע ביימער, וועלכע זינגען איצט, וועלכע נעמען־צו אויף זיך די נייע נאָדלען, פרישע גרינע שפּילקעס, עס בליט, עס באַנייט זיך דאָס לעבן אין וואַלד, און נעמזאַר שמועסט יעדע פּאָר טעג מיט קאָסטניצקין וועגן אַ נייער וואַלד־טראַנזאַקציע, דעמדאָזיקן וואַלד וועט מען אויך פאַרקויפן און אויסהאַקן.

זיי האָבן זיך ביידע נישט ליב. קאָסטניצקי קאָן נישט ליידן נעמזאַרן, ווייל ער האַלט אים פאַר אַ „זשידאָווסקי־רוסקי באַרין“. ער האָט אים פיינט, ווייל ער זעט נישט אין אים דאָס קנעכטישע יידל, וועלכעס ער איז געוווינט צו זעען, און נעמזאַר האָט פיינט קאָסטניצקין, ווייל יענער צווינגט אים אָפּט צו זיין אונטערטעניק, נאָכלויפן און נאָכטאַנצן נאָך אים, יענער האָט פון אַזעלכע זאַכן הנאה.

נעמזאַר איז איצט פול מיט זיין אַרבעט, מען קאָן זאָגן, אַז ער איז גליקלעך. סוחרים זענען אים מקנא, ווי טייער ער האָט נישט באַצאָלט פאַרן וואַלד, האָט ער אים דאָך ביליק געקויפט.

מיטן ווינטער האָט ער געטראָפן. עס איז געווען אַ צוגעפּאַסטער פּראָכט, אַ וועלט מיט ברעטער האָט מען אָנגעשניטן, אפילו די דייטשן ווערן איבערראַשט, ווען זיי קומען אַראָפּ קיין דאָמבראָווע. נעמזאַר באַדאַרף דאָך זיין צופרידן און ער איז צופרידן, נאָר ערגעץ טיף אין האַרץ בײַ אים איז פאַראַן אַן אומצופרידנקייט: נישט אַזוי איז ער געווינט געווען צו פירן געשעפטן, דאָ אין דעם לאַנד באַדאַרף מען זיין קריכעריש, צופיל קאָנקורענטן, קלייניקע קאָנקורענטן. ענערגיע אַליין איז ווייניק, פאַרשטאַנד פאַר דער אַרבעט איז ווייניק, מען דאַרף זיך קענען צופּאַסן צו אַ קאָסטעניצקי... און דאָס האָט אים געקרענקט, אָבער פון אַזעלכע נישט געשמאַקע טראַכטענישן פלעגט ער לויפן צו זיין אַרבעט און זיך פאַרגעסן...

אַלע אַרבעטן. דער טאַרטאַק שניידט די ביימער און די אַרבעטער שלעפן אַלץ נייע קלעצער צו דער מאַשין. וואַסיל האָט אַרויסגעלאָזט די טויבן. די הינט פליען פראַנק און פריי אַרום צווישן די ברעטער. נעמזאַרס יאַטלעך מיט נאָך אַ סך קינדער שפילן זיך און שרייען...

אָבער די אַלע קלאַנגען, די אַלע טומלענישן פון לעבן אַרום טאַרטאַק, זיי צעשטערן נישט איינגאַנצן די היינטיקע באַזונדערע שטילקייט. פון די וועלדער קומט עס. פון הינטער די וועלדער... ווי אַ סאַמעט וויקלט זיך עס אַריין, ווי אַ פּלושענע דעקע לייגט זיך די שטילקייט אויס אויף די ברעטער און צווישן די ברעטער. יעדער קלאַפּ פון אַ האַק ווערט אַזוי ווי אָפּגעטעמפּט פון דער שטילקייט און מענטשן באַוועגן זיך אַזוי גוטמוטיק-פויל... עך, ווען נעמזאַר וואָלט אין דער רגע געווען אַ גוטער מענטש, וואָלט ער אַ געשריי געגעבן צו די אַלע זיינע אַרבעטער זיי זאָלן וואַרפן די אַרבעט, זיי זאָלן זיך אויסציִען אויף די אָנגעוואַרעמטע ברעטער און אַליין זיך וואַרעמען און קנישינסקי וואָלט זיך אויך אויסגעצויגן, קנישינסקי דער ערשטער, ווייל ער איז פוילער, ווי די אַנדערע, ווייל ער פילט אפשר שטאַרקער דעם שטראָם פון שטילקייט און וואַרעמקייט, וועלכער קומט... ווער ווייסט פון וואַנעט אַזאַ געזאַלבטע וואַרעמקייט קומט? אָבער ער מוז שטיין און גיין צווישן

די ברעטער, ער ציילט און פארשרייבט. די טעג דארפן אראפקומען די דייטשן, זיי ווילן קויפן א גרעסערן טראנספארט און מען מוז פאר זיי צוגרייטן א חשבון פון דעם ביסל ברעטער-פארמעגן... און דארטן, בא נעמזארן אין שטוב, זענען צאפן אלע פענצטער און מען הערט פון דארטן קלאוויר-קלאנגען. פרעמד און נאענט הילכט עס אפ. עס דריקן די קלאנגען זיין הארץ און אפשר דערפאר, ווייל ער האט בעלאן אין זינען, ווייל ער האט מורא פאר איר רויקן שטאלץ. דערפאר, ווייל ער האט אזא טיפן דרך-ארץ פאר איר מאן...

די קלאנגען מאטערן אים, זיי דערמאנען עפעס א פרעמד'ע יום-טובדיקייט און ער שטייט דא מיט א ביכעלע און דאס ביכעלע איז פול מיט וואכעדיקע ציפער און א סך ציפער באדארף ער נאך אנשרייבן, דאס איז גוט פאר ראבינאוויטשן דעם בוכהאלטער אזא ארבעט, אבער נישט פאר אים... ער באמערקט נישט אליין, ער שטייט שוין בא נעמזארן הינטערן פענצטער.

— מאדאם נעמזאר, גוט מארגן!

דאס ביכעלע פארגעסט ער ארייַנלייגן אין זיין קעשענע, די בלייפעדער אין האנט האלט ער אויך און ער איז גרייט באלד ווידער זיך צו נעמען צו די ציפער און ער טראכט און ווייסט נישט, וועלכעס גוטע יצר האט אים דא געבראכט הינטער דעם פענצטער פון זיין באלעבאסטע און צו וואס באדארף זי זיין גוט-מארגן. און אים ווייסן אויך אלע, אז היינט איז א ליכטיקער און א גוטער טאג...

זי לאכט פון אים.

— נישט קיין לידער שרייבט איר, ציפער נאר...

— איך וויל ביידע זאכן נישט...

— וואס דען ווילט איר?

— ליגן דא אויף די ברעטער און צוריינקוקן צו אייך אין פענצטער און הערן ווי איר שפילט און איבערהויפט... פילן, אז איר זענט דא נאענט.

— נאיווער בחור!

קוים וואס זי שמיימלט, פונקט ווי אין די צוויי ווערטער:

„נאַיוועס בחור״ וואָלט געוועט א בענקשאַפט צו אים, א פארענט־פערונג און א בקשה, ער זאָל נישט רעדן, ווייל עס האָט זיך שוין עפּעס אַנגעקליבן אין הארץ און דאָס „עפּעס״ איז פול מיט סכנה און ער טראַכט שוין ווייטער, ער שיפרירט פונאַנדער די ווערטער: נאַיווער. איך, בעלאַ נעמזאַר, א פרוי פון א מאַן, א מוטער פון צוויי ווילע קינדער... וואָס ווילסטו פון מיר?

אָדער? מען קאָן עס פארטייטשן, ווי מען וויל. „נאַיווער בחור״ הייסט פשוט: נאַרישער בחור, אָדער גאָר „אידיאָט״. נאַרי־שער בחור! וואָס פארדרייסטו זיך אליין דעם קאָפּ, דו מיינסט, אַז מען רעדט מיט דיר א ביסל לענגער, מען הערט דיך אויס און מען לאָזט זיך אויסהערן, איז דאָס שוין אַלץ. ער קוקט אויף איר. זי זעט אויס אין ראַם פון פענצטער, ווי א בילד א פיינט, און נאָכאַמאָל פילט ער, אַז זי איז דאָ נישט צוגעפּאַסט צו דעם פלאַץ, כאָטש אַלץ איז באַגאָסן מיט זון, אָבער די וואָכעדיקייט קוקט אַרויס פון יעדן ווינקל, פון יעדן ברעט, פון די שפּענער, וואָס וואַלגערן זיך אויף שריט און טריט. און זי, בעלאַ, די יום־טובדיקע, זי שטערט אין דער אַרבעט... צוליב איר רעכנט ער פאַלש.

נעמזאַר האָט נישט גוט געטון, וואָס ער האָט דאָ זיין ווייב אַראָפּגעבראַכט, דאָרט, וו מען אַרבעט, באַדאַרף מען נישט חלומען, זי רופט צו חלום און אומרו... זי ווייסט איצט נישט, וואָס ער טראַכט אין דער רגע. זי איז שוין געוווינט צו דעם קנישינסקי, ווען אינמיטן א שמועס פארטראַכט ער זיך און טראַכט בלויז דאָס זייניקע. זי קוקט אים אָן מיט א גוט שמייכעלע. דאָס איז א שמייכל פון נייגיריקייט און ער קאָן טראַכטן, וואָס ער ווייסט וואָס. ווען זי שמייכלט אַזוי, קוקט ער אויך אויף איר מיט א נייגיריקייט. פרעמ־דע וואָלטן געמיינט, אַז די צוויי האָבן איצט שווייגנדיק צו א פאַר־שווערונג איינגעשטימט. דאָס איז אָבער גאָרנישט קיין פארשווע־רונג! די זון גלעט זיי ביידע, שמייכלען זיי, מער גאָרנישט...
זי זאָגט:

— איך ווייסט, פאַניע קנישינסקי! פאַראַן דאָ מאָמענטן,

גוטע, גאָר גוטע, איך פאַרגעס, אַז עס איז פאַראַן אַן אַנדערע וועלט, אַן אַנדער לעבן...

— דאָס איז די הייליקע רויִקייט אין מענטשן, אַ רויִקייט וואָס קומט פון אונטערטעניקייט...

זי האָט געוואָלט פּראָטעסטירן. ניין! זי איז נישט אונטערטעניק, זי...

אָבער זייער שמועס רייסט זיך איבער.

פון קאַנטאָר קומט צו לויפן אַ בחור׳ל, אַ יונגער משרת, און ער רופט אויס צו קנישינסקין:

— מען האָט געקלונגען פון וואַרשע: די דייטשן קומען היינט נאָכמיטאָג, ווו איז דער באַלעבאָס?

— אָוועקגעפאָרן מיט קאָסטעניצקין אין וואַלד, איך וועל אויפנעמען די דייטשן, און ער לויפט צוריק צו די ברעטער, פאַרצייכענען וויפיל עס איז פאַראַן „שטאַם" און וויפיל „צאַפּ".

איצט פונדערווייטנס גיט ער זיך אַפּ אַ חשבון, ווי האָט זי צו אים געשמייכלט? ווי געקוקט אויף אים. האָט ער עפּעס געוונען מיט דער באַגעגעניש, צי פאַרשפּילט? און ער פילט, אַז איצט, אין די ליכטיקע טעג פון פרילינג, וועט זיין פיל שווערער מיט זיין „האַרץ", ווי פריער אין ווינטער... עס וואָלט דאָך געווען די שענסטע און די קליגסטע זאַך, ווען ער גייט אַרויף צו זיך אין צימער און פּאַקט איין זיין וואַליזקע. היידאַ! צוריק קיין וואַרשע, צום טומל, צו באַקאַנטע, צו פרויען. זיי פעלן נישט אויף זיין וועג... אַוועקפאָרן. יאָ, אַוועקפאָרן... ער האָט שוין אפילו עטלעכע טריט פאַרויס געשטעלט, געוואָלט שוין גיין צו זיך אין צימער, אָבער די גרויסע ברייטע ליכטיקייט פון אַרום האָט אים דעם וועג פאַרצוימט. ער האָט אָקאָרשט דערפילט, אַז אַזאַ פרילינג וועט ער אין ערגעץ נישט געפינען. דאָ איז דער מיטלפּונקט פון דער זון... דאָ און בלויז דאָ, אַוועקגיין און איבערלאָזן אַ פרוי, וועלכע שמייכלט צו אים, אַ פרוי, נאָך וועלכער ער וועט בענקען, ווי אַ משוגענער... יאָ, זי אַליין וואָלט נישט געוואָלט, ער זאָל פונדאַנען אַוועקפאָרן. ער פילט עס מיט דער גאַנצער זיכערקייט...

אָט אַזוי איז עס שוין מיט דעם גלויבן, נעמט מען עס

אריין אַ ביסל אין האַרץ, צעוואַקסט זיך עס, ווי אין פרילינג אַ לאָנקע און קומט דער ספק, קומט דאָס קלענסטע ספקל, עפנט זיך אַ גריבעלע און פון דעם גריבעלע ווערט אַ גרוב, אַ תהום...

אַ בליק נאָך וואָס ער האָט זיינע געדאַנקען איצט נישט אריינגעשריבן אין ביכעלע, אַנשטאָט די ציפערן. ער האָט געטראַכט מוטיק און דרייסט. געטראַכט וועגן איין ענין און געגלייבט, אַז זיינע אויספירונגען זענען ריכטיק: די בעלאַ, אָט די פאַני געמזאַר איז צו אים נישט גלייכגילטיק און ער האָט רעכט צו נעמען דאָס ביסל גליק, וואָס דער שיקזאַל טראָגט אים צו...

ווער שטערט אים? קיינער נישט. נישט קיין גאָט און נישט קיין מענטש...

און געמזאַר אליין? געמזאַר, דער מאַן פון דערדאָזיקער בעלאַ, דער פאָטער פון אירע קינדער, דער ערלעכער, אָפנהאַרציקער געמזאַר, וועלכער איז צו אים, צו קנישינסקין, אַזוי גוט געשטימט, ער פאַרטרויט זיך פאַר אים...

ער האָט זיך פלוצלינג דערמאַנט דעם נאָמען געמזאַר און ער האָט צוגעמאַכט די אויגן. געטראַכט: אָט אַזוי טאַקע צומאַכן די אויגן און נישט זען קיינעם, בלויז דעם פרילינג מיט בעלאַן, בלויז דעם פרילינג מיט בעלאַן...

ער איז געווען צופרידן. ווען די דייטשן זענען שוין געקומען, ווען געמזאַר מיט קאָכטניצקין זענען געקומען, זיי אַלע האָבן געגעסן מיטאָג בא געמזאַרן אין שטוב. בעלאַ איז געווען פאַרנומען מיט אַלעמען, אָבער עטלעכע מאָל האָט ער באַמערקט איר בליק, איר האַלבן בליק אויף זיך...

ווען ער וואָלט ניכטערער געווען, ווען ער וואָלט עס אַ ביסל אַנאַליזירט, דאַן וואָלט ער זיך אַזויפיל נישט איינגערעדט. אַ בליק, וואָס איז אַ בליק? אַ בליק איז נאָך נישט קיין האַרץ. פאַראַן פרויען, וואָס שמייכלען צו אַלעמען, אַזוי ווי אַ שטערן פינקלט צו אַלעמען. ער איז היינט אָבער געווען אונטער דער ווירקונג פון דער זון, פון אַ וואַרעמער ליכטיקייט, ער האָט געזוכט דאָס גוטע,

וואָס די זון האָט צוגעזאָגט און זיכער געווען, אַז ער האָט דאָס געפונען...

נאָכמיטאָג איז מען ווידער געגאַנגען צו דער אַרבעט. עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד איז קנישינסקי געווען צוזאַמען מיט נעמזאַרן. זיי זענען געשטאַנען אויפן טאַרטאַק-פּלאַץ. די אַרבעטער האָבן דורכגעוואָרפן טויזנטער ברעטער און די דייטשן האָבן אויסגעקליבן און בראַקירט. קנישינסקי האָט כּסדר נאָטירט ציפער און נעמזאַר האָט גערויכערט איין ציגאַר נאָכן צווייטן... קנישינסקי האָט געטון דאָס, וואָס ער האָט באַדאַרפט טאָן. ער האָט עס אָבער געמאַכט אויטאָמאַטיש און אָן אַ סימן פון פאַראינטערעסירונג, ווייל זיין קאָפּ האָט געטראַכט פון בעלאַן... בלויז איינמאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז לעבן אים שטייט נעמזאַר. גלייכגילטיק איז געווען קנישינסקי צו אים, פּונקט ווי ער וואָלט היינט פון דעם שיינעם פרילינגס-טאָג, פון דער זון און פון זינגענדיקן וואַלד, באַקומען באַרעכטיקונג צו זיין גלייכגילטיק, נישט ערלעך און עגאָיסטיש...

נעמזאַר איז דאָך בעלאַס מאַן...

איז וואָס ?

זאָל זיין וואָס עס וויל, זאָל זיך די וועלט מיט אַלע פליכטן איבערקערן, זי מוז זיין זיינע. קיינער וועט נישט זיין שולדיק, וואָס עס זאָל נישט געשען: דער פרילינג וועט זיין שולדיק. ס'איז אים לייכטער געוואָרן אויפן האַרץ, ווען ער האָט אַזוי פון פּחדנות שוין געפונען אַרויפצולייגן אויף וועמען זיין שפּעטערדיקע שולד... ער האָט פאַרנאַכט געשפּרייזט לעבן קליינעם וואָקזאַל, געשפּרייזט אַרום טאַרטאַק, אַוועק אין נאָענטן וואַלד און באַלד צוריק אַרויס, געווען אומעטיק אַליין צו שפּרייזן. ער האָט געטראַכט: זאָלן די נעכט נאָך וואַרעמער ווערן, זאָל נעמזאַר ווידער אַוועקפאָרן, אָט דער וואַלד איז פאַר אונז געשאַפן געוואָרן, פאַר אונזערע קושן און צערטלעכקייטן, דאָ וועל איך זי ברענגען, דאָ אין דעם וואַלד, אין דעם פרילינג, ווייל באַם צווייטן פרילינג קאָן שוין דער וואַלד ליגן, נעמזאַר לויערט שוין אויף אים, נעמזאַר וועט אים אויסהאַקן און מיר וועלן נישט האָבן, ווּ צו באַהאַלטן זיך...

ער האָט געאָרבעט אויף זיך שטאַרק, צו שלעכטס און צו־גוטס מוז מען זיך צערעדן, מען מוז זיך איבערשטייגן, מען מוז ווערן גאַנצער, איינזייטיקער און זיכערער אין זיך...

אונטער דער ווירקונג פון פרילינג האָט ער אַלץ מער אָפּ־געשטויסן פון זיך די בייזע געדאַנקען, די שטרענגע פאַרוווּרפן צו זיך אַליין:

— דו ביסט אַ פאַרכאַפּער פון פרעמדן גליק.

— אויב בעלאַ וועט זיך דיר אָפּגעבן, וועט עס זיין אַ רגע פון משוגעת, אַ רגע פון ווילדקייט. זי האָט ליב נעמזאָרן, בלויז דאָ אין איינזאַמקייט, אין וואַלד, ווו זי פילט זיך פרעמד, בלויז דאָ האָט זי דיר אַ שמייכל געשענקט...

ער האָט גאַרנישט געוואָלט הערן פון זיינע אייגענע גע־דאַנקען. די שטוב מיט די ווייסע גאַרדינען האָט אים געצויגן, ווי אַ כישוף־שטוב.

עס טרעפט אַמאָל: דאָס ווינטל שטיפט און עס וואַרפט די גאַרדינען, עס שפּילט זיך מיט דעם ווייסן געוועב. דער ווייסער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, בלאָזט זיך אָן, ווי אַ ווייסער באַלאָן און פאַלט אַראָפּ... און קנישינסקי וואַרפט בליקן צום פענצטער און צו די ווייסע גאַרדינען... ווייסע, ווייסע פאָרהענגלעך, זיי באַהאַלטן אונ־טער זיך אַ צימער, אין צימער איז פאַראַן בעלאַ. זיינע אַלע גע־דאַנקען זענען איצט געווען פאַרנומען מיט איר...

די ווייסע גאַרדינען פון בעלאַס פענצטער האָבן צוגעדעקט זיינע אַלע טרויערן און ספקות. זיי האָבן אים באַהאַלטן פון דער וועלט, פון פּיין און פון די מענטשן, זיי האָבן צוגעדעקט זיין אומ־רו און זיין געוויסן...

אין די געדאַנקען האָט ער שוין געזינדיקט און זיך געזעג־טיקט מיט גליק. אַלץ דורכגעלעבט אין די געדאַנקען. אַפילו אַ גע־שפּרעך אַן ערנסט געפירט מיט בעלאַן... אין די געדאַנקען. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי זי רעדט צו אים וועגן איר מאַן, וועגן קובאַ נעמזאָר, און ער ענטפערט:

— וואָס ווילסטו? טייערע! אַ ווייב זיינע ביסטו, אָבער אַ געליבטע, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש, דאָס גיט זיך נישט יע־

דערן, הארץ קלויבט זיך אַליין אויס אַ וועג, איך האָב דיך אויס־געקליבן, דו — מיך. טייערע, טייערע...

נעכט און טעג האָט ער געלעבט אין אַזאַ הינער־פּלעט און זיך אַליין קיין חשבון ניט אָפּגעגעבן. סוף־כּל־סוף איז דאָך די בעלאַ נאָך גאַנץ חייט פון אים, זי האָט אים נאָך גאָרנישט צוגעזאָגט.

ער האָט דערווייל געלעבט און געאָטעמט מיט זיין אויסגע־טראַכטן יום־טוב אין דער וואַכעדיקער דאָמבראָווקע, ווו אַלץ האָט געאַרבעט און געיאָגט די אַרבעט. טאָג און נאַכט האָבן די גאַ־טאָרס געראַשט, עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי, די שנייד־מאַ־שינען, שרייען אויף די מענטשן און יאָגן זיי און טרייבן צו מער ענערגיע און פלייסיקייט...

אַ וועלט פון ברעטער... און אַלע האָבן געאַרבעט אַרום די ברעטער, צוליב די ברעטער. אַ טרוקענע אַרבעט מיט קאַלטע ציפער, מיט חשבונות... אָבער אויך דאָ, צווישן די ברעטער, פלעגן זיך אָפּטאַ אַריינרייסן מענטשלעכע סטרונעס. טיף־מענטשלעכע איבערלעבונגען. מען פלעגט אויף אַ רגע זיך אָפּרייסן פון זיך און פון די ברעטער.

איין געשיכטע:

איינער פון די טאַרטאַק־אַרבעטער האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער. קאַסיאַ האָט זי געהייסן. אַ יונגע, אַ שיינע, אַ שעמעוו־דיקע און אַ גוטע און צוליב איר גוטסקייט און פאַרטרויונג צום צווייטן, האָט זי צום טאָטן אין שטוב נאָך פאַר דער חתונה גע־בראַכט אַ קינד, און דער טאַטע פונם קינד איז אַנטלאָפן, גאָרנישט געוואָלט וויסן פון קאַסיען. איז געקומען אַ צווייטער און זיך פאַר־ליבט אין קאַסיען, חתונה געהאַט מיט איר, געקומען צוריק פון קאַשטשאָל, זי איז נאָך אין וועלאָן, אויסגעפוצט אין ווייסן קלייד. ווען זי איז אַריין אין שטוב, האָט דאָס קינד אין וויגעלע גענומען וויינען, דאָס קינד פון פרעמדן, וועלכער איז אַנטלאָפן. זי האָט דאָס קינד אויף די הענט גענומען, געגעבן צו זייגן און דער „נייער" איז געשטאַנען דערביי...

איצט געקומען פון קאַשטשאָל און זי זייגט שוין אַ קינד,

אַ פרעמדס, זי האָט, ווייזט אויס, געכאַפּט זיין בליק און פאַרשטאַנען...

האָט זי ווייגען גענומען, געזייגט דאָס קינד און געוויינט, אין איר ווייס חופה-קלייד מיט די קינסטלעכע בלומען אויפן קאָפּ.

אָבער דער פשוטער יונגער פויער האָט אויף איר קיין ביין טאָרן נישט געהאַט, ער איז צוגעגאַנגען צו איר און די טרערן אָפּגעווישט:

— וואָיע דזשעצקאָ — מאָיע דזשעצקאָ, דיין קינד — מיין קינד, וויין נישט, טייערע! איך האָב דיך ליב... און געקושט זי און דאָס קינד.

עטלעכע מענטשן פון דאָמבראָווקע זענען געווען בא דער סצענע און דערנאָך האָט עס אייבער דעם צווייטן דערציילט. קנישינסקין האָט די געשיכטע איבערראַשט:

— אַ טייערע טעמע פאַר אַ דערציילונג, דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— בא די אינטעליגענטן וואָלט עס נישט פּאַסירט, אַן אינטעליגענט וואָלט פון דעם געמאַכט אַ טראַגעדיע...

אפשר אויך דערפאַר, ווייל ס׳איז פּריליגג געווען און די גוטע זון האָט געוואַרעמט די מענטשן און זיי אליין גוט געמאַכט, איך קנישינסקין האָט די קאַסיע-געשיכטע שטאַרק געווירקט און אַרויסגערופן אַ האַרציק געפיל צו די מענטשן, צו דער אַרומיקייט...

די צווייטע געשיכטע:

אַ מעשה מיט אַ מיל און מיט אַ מילנער...

די מיל שטייט באַם סוף פון דאָמבראָווקע. אַן אַלטע וואַסערמיל. אַלט די געביידע, אַלט די עטלעכע ביימער, עטלעכע אויסגעקלאַפּטע פענצטער מיט אַלטע ראַמען, אפילו די קאַסקאַדן, וואָס לויפן איבער דעם גלאַנציק נאַסן ראָד, זעען אויס ווי גרויע צעפּ פון עפּעס אַן אומרויקער אַלטער חיה. די מיל רוישט. נאָך קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו רוישן, שליידערט און שפּריצט מיט צעשוימטע וואַסער, שרייט אין דער רויקער נאַכט אַריין...

און כאַטש אַלע ווייסן, אַז דאָס איז נישט מער, ווי אַ מיל, אַ פּשוטע, איינגעהויקערטע וואַסער-מיל, וואָס האָט געהערט צום אַלטן אָרענדאַטאָר, צום אַלטן נחום דעם מילנער, באַ וועמען דאָס ווייב איז מיט דריי יאָר צוריק געשטאָרבן, באַ וועמען עס האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט דריי זין און צוויי טאָכטער און די אַלע קינדער זיינע זענען אַוועק אין די אַמעריקעס.

באַ אַ שמאָל טייכל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „נורעץ" שטייט די מיל. אויף בראַניצקיס ערד. די מיל איז שוין דאָרט געשטאַנען, ווען דאָ, אין דאַ-בראָווקע, איז נאָך קיין סימן פון קיין ישוב נישט געווען, ווען יעדעס פּיצל ערד איז געווען באַדעקט מיט וואַלד...

אַן אַלטע מיל מיט סודות פון דער פאַרגאַנגענהייט. ווען דאָס וואַסער רוישט אין דער נאַכט אַריין, שרעקט עס אַלעמען...

אַלע ווייסן דאָך, אַז דאָס איז נישט מער, ווי אַ מיל, און דאָך פילט מען צו דעם ווינקל אַ מאָדנע געפיל, פונקט ווי דאָ וואָלטן מכשפים געאַרבעט... ניין! ס'איז אַ מיל, אָבער קינדער טראַכטן אַנדערש און אפילו די עלטערע, באַ זיי איז אויך געבליבן אַ פאָר אָרגענער ציטער, אַן אומרו, ווען זיי גייען פאַרנאַכט פאַרביי פאַר דער מיל. פאַרנאַכט, ווען אויף די אַלטע ביימער, וועלכע שטייען, ווי שומרים איבערן וואַסער און איבער דער געהויקערטער געביידע, ווען אויף די ביימער קראַקען קראָען, אַלטע הונדערט-יעריקע מיאוסע קראָען. די קראָען קראַקען און שרייען, דאָס וואַסער שרייט — ווער ווייס וועמען איבערשרייען?

אינעווייניק איז אַ סך שטילער, די מיל-שטיינער נעמען אַריין אין זיך געלאַסן און האַסטיק געלונסן אין ווילדן געיעג און מאַכיאַגענישן פון וואַסער, געמען זיי אַריין אין צוויי פלאַכע הויפנס די קערנער און מאַכן פון דעם מעל. זיי טוען זייער אַרבעט אַליין, דער מענטש, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום אין מיל, זעט אויס, ווי אַ נייגיריקער שאָטן, וואָס קריכט אַרום און לאָזט זיך פאַרשטויבן פון קאָפּ ביז די פיס, כדי אַ קוק צו געבן, וואָס די גרויסע מיל-שטיינער טוען דאָ אויף. באַ דעם מענטש זענען פאַרשטויבט מיט מעל די ברעמען, די באָרד. ער שפּרייזט דאָ באָרוועס אין אַ מאַ-

רינאַרקע, דאָס העמד איז אויפגעשפּליעט און אויף דער ברוסט, דער פאַרוואַקסענער, זעען אויך די האָר פאַרשטויבט. די הויזן האַלטן זיך אויף אַ פּאַסעק, אָט באַלד פאַלן זיי אַראָפּ די הויזן, די מיל ציטערט פון וואַסער־געריש, די עטלעכע געבליבענע שויבן ציטערן נאָך שטאַרקער, אין עטלעכע ווינקלען פון דער נידעריקער געביידע הייבט זיך אויף דער מעל־שטויב, הייבט זיך אויף, פאַלט צראָפּ, אַ רגע דאַכט זיך אויס, אַז אין די ווינקעלעך רויכערט זיך...

זאָל דאָ קומען אַ פרעמדער, אַ שטאָטישער, זאָל ער זיך צוהערן אַ שעה צייט צום מאָנאָטאָנעם גערויש פון וואַסער, זאָל ער קוקן אַ שעה צייט אויף די שוימיקע קאַסקאַדן אַרום דעם גלאַנציקן שוואַרצן ראָד, אויף די פאַרשטויבטע פענצטער, אויף די צעבראָכענע טרעפּלעך, זאָל ער אויסהערן דאָס קראַקען פון די קראָען — ער וועט נעמען שפּייען פון לאַנגווייליקייט אין וואַסער, ער וועט נעמען גענעצן, ווי אַ פערד, ווען מ'בינדט עס צו אויף אַ שטייענער גאַס צו אַ לאַמטער.

אויף דעם טרעפּל פון דער מיל־געביידע, צווישן דער מיל און דעם וואַסער־ראָד, פלעגט אָפט שטיין דער מילנער נחום און געקוקט רויק, מיד... אַ פרעמדער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, פון וואָס ער האָט געהאַט הנאה, קיינער פאַרשטייט עס נישט, ווייל קיינער פילט נישט, אַז מיליאָנען דראָבנע מיקראָסקאָפּישע וואַסער־שטויבעלעך, צעמאָלט וואַסער, אַזוי ווי די שטויבעלעך פון צעמאָלטן חייך, זיי שפּריצן און באַשפּריצן, זיי באַרירן מיט זייער פייכטקייט די אָפּגעדעקטע ברוסט פון נחום דעם מילנער, זיי וועקן אים אויף פון זיין הינערפלעט. אין מיל איז ער אַזוי ווי פאַרשטויבט געוואָרן, געוואָרן טעמפּ, גלייכגילטיק. אַ מענטש האָט נישט געטראַכט און איצט ווערט ער באַפרייט און נעמט טראַכטן.

ער האָט געהאַט פון וואָס צו טראַכטן. שוין אַ יאָר צייט ווי דאָס ווייב איז געשטאָרבן. ער אַליין איז שוין עטלעכע און זעכציק. עלנט איז ער דאָ אַליין. אין זיינע צוויי חדרים, וואָס ער פאַרמאָגט אין דער צווייטער העלפט פון דער מיל־געביידע איז זייער פּוסט און ליידיק. נישט לאַנג האָט ער צוגענומען אַ קוואַר־

טיראַנט, אַן אַנטלאָפּענער פֿון רוסלאַנד, אַן אָפּגעריסענער קריסט. אָבער ווייזט אויס, אַז ער האָט אַמאָל געמוזט זיין אַ יחסן. דער פֿרעמדער אַרבעט איצט בײַ אים, אָבער ער שווייגט, ער רעדט נישט און עס פֿאַרדריסט אים שוין, וואָס ער האָט צוגענומען צו זיך אַזאַ שווייגנדיקן מענטש. נאָך אַ לעבעדיק נפֿש איז פֿאַראַן אין זיין שטוב — אַ קאַץ, אַן אַלטע קאַץ, דער אַלטער נחום וווּנדערט זיך, וואָס אַ קאַץ לעבט אַזוי לאַנג. די אַלע דריי שווייגן שטענדיק און מער פֿאַר אַלעמען האָט געפֿילט די עלנדקייט נחום דער מילנער.

ער האָט געטראַכט פֿון דעם. ער האָט געטראַכט פֿון זיין עלנט אויף דער עלטער.

ער האָט געמוזט טראַכטן, ווייל פֿון יענער זייט ים, פֿון די אַמעריקעס, פֿלעגן קומען בריוו, בריוו פֿון די קינדער, מען האָט אים גערופֿן אַהין:

— טאַטע! ליבער טאַטע, דיר וועט דאָ גוט זיין, מיר זענען רייך און מיר וועלן דיך באַזאָרגן מיט אַלדאָס גוטס...

— טאַטע! ווי לאַנג וועסטו דאָרט ליגן אין דיין קבצניש לאַנד? קום שוין צו פֿאָרן...

פֿלעגט ער שטיין בײַם ראָד, וואָס שפּריצט מיט צעווייסטן שוים, פֿלעגט ער שטיין, דער מילנער נחום, און טראַכטן:

— פֿאָרן, צי נישט פֿאָרן?

זיינע געדאַנקען האָבן זיך געראַנגלט: בלייבן דאָ, אָפּלעבן די לעצטע יאָרן אין אַזאַ עלנט? עס שרעקט... פֿאָרן? אַוועקפֿאָרן פֿון דער מיל? פֿערציק יאָר, ווי ער פּלאָנטערט זיך דאָ צווישן די זעקלעך ווייץ, פֿערציק יאָר, ווי דאָס וואַסער רעדט צו אים, טאָג און נאַכט, די ביימער רעדן צו אים, די קראָען רעדן צו אים.

ער האָט נאָך קיין באַשלוס נישט אָנגענומען און ער נעמט שוין בענקען. ער נעמט שוין ליידן.

פֿלעגט ער אָפֿט קומען אין טאַרטאַק און רעדן מיט געמוזאַרס מענטשן:

— פֿאָרן, צי נישט פֿאָרן?

— פארוואָס נישט פאָרן ? רייכע קינדער, אַ רויקע עלטער. פארוואָס נישט פאָרן ?

און ער איז אוועק קיין אַמעריקע.

עס איז נאָך קיין יאָר נישט אַריבער, ווי נחום האָט פאַר־לאָזט די מיל. דאָס וואַסער האָט, ווי פריער, געשריגן אין טאָג אַריין און אין נאכט אריין. די קראָען האָבן געקראַקעט. מען האָט שוין בייעם ווייץ געזייעט אויף די פעלדער...

און די מיל, די אַלטע גרויע וואַסער־מיל... אַ צווייטער האָט עס איין. אַרענדע בײַ בראַגיצקין גענומען. אַ קריסט, אַ געוועזענער אָפיציר...

די מיל, די גרויע פארשטויבטע געביידע, וואָס האָט איין קאָליר געהאַט, אַ קאָליר פון פארשטויבטער גרויקייט, איצט האָט עס בייע פלעקן באַקומען. דאָ אַ שינדל, דאָרט אַ ניי ברעטל. מען האָט די מיל רעמאָנטירט, פארבעסערט און פארשענערט, אפילו דעם שטראָם פון וואַסער איבערגעביטן, פארשטאַרקט, די קראָען האָט מען גענומען אויסשיסן. יעדן פארנאַכט פלעגט דער נייער באַלעבאָס זיך מאַכן אַזאַ ספּאָרט: שיסן עטלעכע קראָען...

און לעבן דער מיל האָט מען איצט געבויט אַ נייע געביידע, אַ הויז, מען האָט שוין געלייגט רויטע דאכאָווקעס.

פרעמדע מענער, פרעמדע פאָרבן האָבן זיך דאָ אַריינגעדריסן. אפילו דאָס וואַסער האָט איצט אַנדערש געשריגן. בייזער, ערגער, זיכערער האָט דאָס וואַסער געשריגן... פאַ פּאַנסקו...

דער נישט ווער פון טאַרטאַק פלעגט דערמאַנען דעם אַלטן נחום : אַ גוטער מילנער געווען, דערפאַר האָט ער איצט אַ גוטע עלטער בײַ זיינע קינדער אין די אַמעריקעס...

אָבער, ווי איבערראַשט זענען די מענטשן פון דאַמבראָווקע געוואָרן, ווען אין אַ שיינעם פארנאַכט האָט זיך נחום באַוויזן אין דאַמבראָווקע, ער האָט געשפרייזט צופוס, מיטן שאַסיי פון וויסאָקע געקומען...

פונקט ווי ער וואָלט צופוס פון אַמעריקע געקומען...

און אפשר ?

אנדערע האָבן געמיינט, אַז דאָס איז זיין שאָטן.

— ר׳ נחום! וואָס איז? — מען האָט אים באַלאַגערט, אויסגעפרעגט.

און ער האָט איין ענטפער געהאַט:

— ס׳איז נישט מיין לאַנד...

ער... ער איז געווען איינגעוווינט אַרומצושפּרייזן פריי מיט אַ פּאַסיק אויף די הויזן. פּערציק יאָר בײַ דער מיל געווען, מיט דער מיל געלעבט, פריי געווען, אַמאָל, אַ סך מאָל אפילו באַרוועס געשפּרייזט, אַ פּאַסעק אויף די הויזן און ער איז אַ מענטש... דאָרטן האָט מען אויף אים נייע בגדים אָנגעטאָן! האַרטע קראַגנס מיט קראַוואַטן, מיט ענגע שיך... ענג, ס׳איז אים אַלץ ענג געווען...

זיי האָבן אים געמאַטערט, זיינע קינדער. ער זאָל צו זיי קומען און ער האָט זיי געמאַטערט, זיי זאָלן אים צוריקשיקן, האָט ער אויסגעפירט און איז צוריקגעקומען...

מענטשן האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— משוגע געוואָרן, אויף דער עלטער אויסגעוועבט געוואָרן...

אָט אַזוי פלעגט ער יעדן טאָג איצט קומען אויפן טאַרטאַק-פּלאַץ, ווידער מיט אַ פּאַסעק אויף די הויזן, אָבער די מיל צוריק האָט ער שוין נישט באַקומען.

ער פלעגט דאָ אויסרעדן זיין האַרץ, צוגעשטאַנען צו געמזאַרן, ער זאָל אים העלפן.

ער האָט געוואָלט צוריק די מיל. צוריק... זיין מיל, זיין לעבן. זיינע פערציק יאָר. ער איז געלאָפן צו בראַניצקין און צו קאַסט-ניצקין אין וויסאָקע. געוויינט און געקלאָגט, געבעטן זיך. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין די ווערטער: אַ „קאָנטראַקט" מיט אַ צווייטן, אַן אָפּמאַך באַם רעיענט...

— מיין מיל, גיט מיר אָפּ מיין מיל...

ער האָט געפּרוווט רעדן מיט דעם נייעם באַלעבאָס, יענער האָט זיך אויסגעלאַכט...

— דער אַלטער איז משוגע געוואָרן... נישט אַנדערש.

און קליינע ניכטערע מענטשן האָבן געזעסן, אַז עס האַלט דערביי: ר׳ נחום דער מילנער איז נישט בײַם גאַנצן פֿאַרשטאַנד...

אַ געזונטער מענטש וואָלט נישט גערעדט אַזוי פֿיל וועגן אַ מיל, וואָס אַ צווייטער האָט מיט אַ קאָנטראַקט גענומען אין אָרענדע פֿאַר זיך.

אַ געזונטער מענטש וואָלט נישט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די גאַנצע פֿרישע מלבושים און אָנגעצויגן עפּעס שמאַטעס אויף זיך...

אַ געזונטער מענטש וואָלט נישט אָפּגעשטאַנען לאַנגע שעהן בײַ אַ וואַסער פֿון אַ פֿרעמדער מיל... שטיין לאַנגע שעהן און גלאָצן מיט די אויגן אויף די אַלטע ביימער, שטענדיק וועלן אַרייַנגיין אין דער פֿרעמדער מיל. קומען מיט עצות צום נייעם בעלעבאָס.

— דאָס וואַסער, פּאַניע, גייט צו האַסטיק. אָדער: — דאָס וואַסער גייט צו לאַנגזאַם... ווער פֿרעגט אים? דער נייער אָרענדאַטאָר האָט געבראַכט פֿון וואַרשע אַן אינזשיניער און דער אינזשינער ווייסט שוין בעסער די זאַכן...

דער אַלטער נחום, דער געוועזענער מילנער, איז געוואָרן שווייגנדיק, האָט אויפֿגעהערט אײַנגאַנצן צו רעדן מיט מענטשן.

נאָר אויף דעם טאַרטאַק־פּלאַץ פֿלעגט ער קומען. שווייגנדיק זיצן אויף די ברעטער, די זון גלעט אים און ער זיצט פֿאַרטרויעט.

מען האָט פֿון אים נישט געלאַכט מער.

נעמזאַר פֿלעגט זייער אָפֿט רעדן וועגן אים:

— איר זעט, אָט דאָס איז אַן אייגנטימער! אָט אַזוי באַדאַרף מען ליב האָבן אַן אייגענע מיל. קנישינסקי פֿלעגט קוקן מיט טיפֿן דרך־ארץ אויף דעמדאָזיקן אַלטן, ער האָט עטלעכע מאָל געוואָלט פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט אים... נחום דער מילנער האָט נישט געענטפֿערט, אויב ער האָט שוין די מיל נישט, האָט ער נישט פֿון וואָס צו רעדן און וועגן וואָס צו רעדן... ער פֿלעגט זיצן און קוקן, ווי אַנדערע אַרבעטן. פּלוצלינג פֿלעגט ער זיך אויפֿרײַסן פֿון זײַן פּלאַץ און אַנטלויפֿן, אַלע האָבן געוווּסט, וווּהין ער לויפֿט...

ער לויפט צום טייכל. ער לויפט פון דער ווייטן קוקן אויף „זיין“ מיל...

דאָס איז געווען דער איינציקער מענטש, וואָס האָט געטרויערט אין די ליכטיקע טעג, אָבער די אַלע איבעריקע זענען אַזוי ווי באַגייסט געוואָרן. מענטשן זענען אַרויסגעקראָכן פון זייערע שווערע בגדים, מענטשן זענען רירעוודיקער געוואָרן, פונקט ווי די ערד וואָלט זיי אַליין געטראָגן. אמת, מען האָט אַ סך געאַרבעט און אַנדערע האָבן שווער געאַרבעט, נאָר עס איז געווען אַזוי פיל זון און דאָס איז געווען דער עיקר... דער טאַרטאַק מיט די ברעטער. דאָס איז בלויז אַ צוגאָב צו דער ליכטיקייט. דער עיקר איז טאַקע די זיסע וואַרעמקייט, דער אָטעם פון פרילינג, דאָס לעבן אַליין, וואָס פילט זיך אין יעדן טריט און בליק... אַ סך ברעטער וואַרפט די שאָפע אַרויס אין אַ טאָג צייט... אפשר וועט מען זיך דאָ עפעס נעמען בויען פון די ברעטער און קלעצער. עס גלייבט זיך אָפט נישט, אַז עפעס צוליב אַ בערלין שניידט מען דאָ אַזוי פיל האָלץ. כּסדר דאַכט זיך, אַז דאָ אויפן אָרט וועלן זיך די מענטשן נעמען צו אַ גרויסער בוי-אַרבעט. אפשר אַ טעמפּל פאַר דעם וואַלד-גאָט, אפשר טרעפּ צום הימל, אפשר אַ גרויסע אַרענע, אַ צירק, אַ טעאַטער... מען זעגט און מען זעגט... צו וואָס, צו ווען?

עס איז דאָך אָבער אויף דעם פּלאַץ אַזוי רויִק, נישטאָ דאָ קיין אַלטקייט, קיין שימל, נישטאָ קיין סימן פון נידערגעשלאָגנקייט, אפילו דער ערנסט איז פאַרשוווּנדן, ווען אויף יעדערן פאַלן שטראַלן, אויף יעדן פון די אַרבעטער, אויף די לעבעדיקע און טויטע ביימער, אויף יעדן שפּענדל שפּילט די זון. אַ נישטיק שפּענדל, וואָס אַ מענטש באַמערקט עס נישט, טרעט ער, דער מענטש, אויף דעם און זעט עס נישט, נאָר די זון איז אויך מיט דעם אַ שותּף, זי באַלויכט עס, זי צעוואַרעמט עס און אָפט זעט אַזאַ שפּענדל אויס, ווי אַ שטיקל גאָלד און אַ בערגל מיט זעגעכץ זעט אויס, ווי גאָלד-זאַמד... עס רייצט, עס בליצט, עס בלענדט. דער שטומער מענטש כאַפּט אַלץ אַרום מיט די אויגן, ער זעט אפילו דאָן, ווען ער קוקט נישט אויף דעם, ווען ער וויל דאָס נישט שענקען קיין אַכטל רגע אויפמערקזאַמקייט. עס זעט זיך שוין

אליין, עס זאפט זיך אריין אין דער נשמה. זאָל ער נישט זאָגן, דער מענטש, אַז צוליב זיינע קליינטשיקע אינטערעסן, אַז מיט דעם איז ער אַזוי צופרידן. צוליב דער זון איז היינט זיין נשמה אַזוי פול. פון קאָפּ ביז די פיס האָט זי אים אַרומגענומען. די שטראַלן באָדן זיין נשמה און זיי ציען אַרויס פון אים דעם שימל פון די קורצע גרויע טעג...

אַלץ האָט אויפגעלעבט, געלעבט און גערופן צום לעבן. וואַסיל איז געלעגן בײַ געמאָלן היבשערן פענצטער און דאָרט זיך געצאַצקעט מיט אַ שטיקל ערד. געמאַכט אַ גערטל, פאַרזייעט בלומען און אַרומגעצוימט.

פון צייט־צו־צייט פלעגט בעלאַס פנים זיך ווייזן אין פענצטער און וואַסיל פלעגט אויפהייבן זיין קאָפּ. ער האָט געוווסט, אַז די פּאַני האָט ליב בלומען. פלעגט ער נעמען דערציילן פון די ווייטע לענדער און פון עקזאָטישע בלומען. גערעדט האָט ער מיט קענטעניש און מיט פאַרשטאַנד. וואַסיל פלעגט גלאַט אין דער הייפט אַריין נישט רעדן. דאָס, וואָס ער האָט געוווסט, האָט ער גוט געוווסט. דער אַלטער איז אויך געוואָרן מונטערער אין די טעג פון פרילינגקייט, נאָר זיין פנים פלעגט זיך פאַרכמורען, ווען קנישינסקי פלעגט צוקומען צום פענצטער, ווען קנישינסקי פלעגט רעדן מיט בעלען...

ער ברומט דעמאָלט צו זיך אַליין, מען הערט נישט וואָס ער רעדט:

— ער באַלעמוטשעט די צייט און די מענטשן, דער וואַרשעווער... פע! מען צאָלט דיר געלט, אַרבעט אָפּ פאַר דיין געלט און ווייס דיין פּלאַץ, קריך נישט, וווּ מען דאַרף נישט... סאָבאַקאַ! ליבן אים ליגט אַ שטיין, ער וואָלט גערן דעם שטיין אַריינגעלאָזט אין קנישינסקין. ער קאָן זיך נישט באַהערשן, די הענט ציטערן בײַ אים פון כעס...

ער, וואַסיל, איז זייער געטריי געווען דעם קובאַ נעמזאַר. און קנישינסקי האָט עס געפילט, ער האָט זיך געהיטן פאַר וואַסילן, ווי אַ גנב היט זיך פאַר אַ בייזן הונט... און ער האָט גאָט געבעטן אין האַרץ, דער אַלטער זאָל שוין ענדיקן מיט די פאַר

בייטן און מיט די שלעכטע ביימלעך... זאָל ער גיין צו זיינע טויבן, צו זיינע קראָליקעס... און זאָל ער נישט ברומען, דער אלטער, ער האָט דאָך א וועלט דורכגעמאַכט, מעג ער אויך וויסן, אז דאָרט, ווו יונגע הערצער קלאַפן, דאָרט באַדאַרף מען נישט קיין שומרים...

## XIII

# אַ ביסעלע ליבע

אין די גוטע פרילינגס-טעג זענען די מענטשן אין זייערע הייזער נישט איינגעזעסן. טיר און פענצטער האָבן זיך אויפגעריסן און אַ האַרציק ווינטל האָט באַזוכט יעדעס צימער, יעדעס ווינקעלע... וואָסיל, דער געוועזענער מאַטראָז, איז אַרומגעגאַנגען איבער דעם גרויסן פּלאַץ פון מאַרטאַק. ער האָט כסדר געזוכט אַרבעט און כסדר געווען אומרויק, פונקט ווי ער וואָלט מיט זיין אַרבעט וועלן דערשטיקן אין זיך די אומרויקייט. אַ מענטש, וועלכער האָט פינף און דרייסיק יאָר געוואַנדערט איבער ימים, אַ מענטש, אויף וועלכן די טראָפּישע זון האָט אַוועקגעלייגט אַ שטעמפּל אויפן פּנים, און אייביקע ברוינקייט, וועלכע ער וועט מיטנעמען אין קבר אַריין... אַזאַ וואָסיל האָט זיך געמוזט פילן אומרויק אין אַ פרילינגס-טאָג, ווען די ליכטיקייט האָט אַלץ באַהערשט. אויף אַלץ איז געלעגן די זון, אויף טויזנטער און טויזנטער גרינע נאָדל-קעפּ, אויף די פּיראַמידעס ווייסע ברעטער, אויפן דאַך מיט די טויבן, אויף ערד און הימל און אפילו אויף דער הינטישער בודע, אין דער בייזער הונט אויף דער קייט האָט זיך אונטערגעגעבן זיין גורל. האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ פּאַס זון, אונטערגעלייגט די לאַפּעס אונטערן קאָפּ, ווי אַ זאַטער לייב און עס אַרט אים גאָרנישט, וואָס ער איז נישט מער ווי אַ הונט.

אייגנטלעך באַדאַרפן מענטשן אין אַזעלכע טעג נישט אַר-

בעטן און אויב זיי שלעפן ברעטער און קלעצער, איז דאָס זייער גאַרישקייט. דער פויגל אויפן בוים איז קלוגער פאַר די מענטשן: ער זינגט. און דער שמעטערלינג איז שענער פאַר די מענטשן: ער פלאַטערט...

די קלוגסטע זענען די קינדער. זיי האָבן די אמתע שותפות געמאַכט מיטן פרילינג, און מעג וואַסיל נישט דערלאָזן: זיי פאָלגן נישט, זיי שלעפן די קלענערע ברעטלעך און בויען אַ „כאַטע“. דער ליאַרעם, די שמחה זייערע פאַרשטייט בלויז דער ליכטיקער טאָג, די גרויסע מענטשן, די עלטערע זענען פאַרנומען און זיי לייגן צונויף די ברעטער אין טויטע קוואַדראַטן...

די קינדער זענען קליגער, זיי בויען אַ „כאַטע“...

אָבער וואַסיל איז גאָר אַן אַנדערער מענטש: אַ געוועזענער וואַנדערער...

— איך, — זאָגט ער, — האָב נישט ליב דעם פרילינג מיטן אָמער...

— פאַרוואָס? וואַסיל!

— ווייל ווינטער ווערט אַלץ פאַרפרוירן און מיין האַרץ ווערט אויך פאַרפרוירן, אָבער דידאָזיקע ליכטיקייט דערמאָנט מיך ליכטיקע לענדער און ליכטיקע ימען, כ'בענק, עס דאַכט זיך מיר בסדר, אַז איך האָב דאָרט מיין מזל איבערגעלאָזט...

און עס עפנט זיך בא אים דאָס מויל, ער נעמט רעדן, ער נעמט דערציילן פון רויקע טעג אויפן ים, ווען די שיף שווימט און עס דאַכט זיך, אַז זי שהימט נישט, ווען די שיף וואַרפט זיך ווי אַ שפענדל...

— יאָ, אַלץ האָט איר דאָ, נאָר קיין ים האָט איר נישט און אָן אַ ים זענען די מענטשן ליליפוטן, קאַרליקעס... עך!

מען שמייכלט, ווען וואַסיל זיפצט און קיינער וועט אפשר קיינמאָל נישט פילן, וואָס ער, דער זיבעציק-יעריקער, לעבט איבער.

מען לאָזט אים אַרבעטן, מען לאָזט ער זאָל זיך אַליין אויס-קלויבן אַרבעט. קיין נוצלאָזע זאַכן טוט ער נישט. מען האָט צו אים צוטרוי און וואַסילין וועט מען קיינמאָל נישט באַפעלן... און

עס טרעפט אמאָל, אין אַ פאַרנאַכט, ווען ער נעמט זיין גיטאַרע און זעצט זיך אויף די ברעטער שפּילן, שפּילן און זינגען זיין געליבט לידל.

„יעכאַל באַרין זאַ דונאַי״...

דעמאָלט וועט קיינער אים נישט שטערן, צו קיין אַרבעט וועט מען אים איצט נישט רופן, און ווער ווייסט, צו וועלכע וויי־טן ער שיקט די קלאַנגען פון זיין גיטאַרע...

— וואַסיל שפּילט!

— וואַסיל זינגט!

מען שטעלט זיך אַרום. מען האָרכט... מען קוקט נישט אויף אים, ווי אויף אַ פיגלאַר, ווי אויף אַן אַלטן „דזשיאַד״. ווען וואַסיל שפּילט, איז אַן ערנסטע רגע, מען פאַרטראַכט זיך, מען לעבט עס אַליין איבער, און אים אַליין איז אַלץ איינס ווי מען קוקט אויף אים. ער שפּילט נישט פאַר קיינעם, ער שפּילט פאַר זיך אַליין, פאַר זיינע פאַרגאַנגענע יאָרן, פאַר זוניקייט און פאַר די נעכט פון אַלע וועלט־עקן...

אָט אַזאַ איז וואַסיל...

ווי עס דערגרייכן די קלאַנגען הערט מען מונטערער, הגם די קלאַנגען פון זיינע לידער זענען שטענדיק אומעטיקע. נאָר וואַ־סיל אַליין לאָזט זיך שפּילן אין זיינע גוטע רגעס, און אויב וואַסילן איז גוט אויף דער נשמה, גיט זיך דאָס אויך איבער אַנדערע, און מען וואַרט אָפּט, ער זאָל שוין נעמען זיין גיטאַרע...

היינט אָבער איז ער אַלעמען אויף צולהכעיס בייז, ער בייזערט זיך, וויל עס איז צו ליכטיק, צו פריילעך אַרום און אַרום און דער טאַרטאַק סקריפּעט, ווי ער וואָלט אויך געווען אַ מחותן צו דער פריילעכקייט, די שנייד־מאַשין, דער גזלן פון די ביימער, דער טאַרטאַק לאָזט הערן זיינע מעסער־טענער אין אַלגעמיינעם שטראָם פון די וואַלד־און ערד־קלאַנגען...

ווען דאָ וואָלט געווען אַ ים, וואַסיל וואָלט קיין רגע נישט געוואַרט, געעפנט די זעגלען און אַוועק, אַוועק...

*

בעלאַ מיט די קינדער, מיט דעם מיידל, װעלכע גייט אַרום די קינדער, זיי זענען אַלע איצט אין וואַלד, אינגאַנצן עטלעכע הונדערט טריט פון טאַרטאַק. די קינדער שפּרינגען אַרום צעטרייסלען די שטילקייט מיט זייערע זאַרגלאָזע געשרייען. עס גלייבט זיך גאַר־נישט, אַז אינגאַנצן צוויי קינדער זאָלן קאָנען מאַכן אַזאַ טומל, נאָר אפשר דערפאַר, ווייל די שטילקייט פון וואַלד איז צו שטיל, דערפאַר קלינגט אַזוי אָפּ יעדער קינדערישער קוויטש. בעלאַ זיצט אויף אַ וואַלד־בענקעלע, אויף דעם פאַרבליבעניש פון אַ בוים, זי לייענט...

און אַז די קינדער ווערן אויף אַ רגע שטיל, הערט מען ווי דער טאַרטאַק רוישט, הערט מען, ווי ערגעץ ווייט פייפט אַ לאָקאָמאָטיוו, הערט מען אַ קלאַנג פון אַ ברעקעלע לעבן, פון אַ פויגל, און עס באַהערשט די שטילקייט אַ נשמה פון אַ פּרוי, וועלכע איז צו דערדאָזיקער שטילקייט נישט צוגעוווינט. זי וואָלט דאָך שטענדיק וועלן אַנטלויפן פון וואַלד, זי בענקט נאָך דער שטאָט, ווי די געפאַנגענע סאַרנע באַ וואַסילן בענקט נאָך וואַלד... זי וויל שטענדיק אַנטלויפן פונדאַנען...

שטענדיק, נאָר נישט איצט. זי האָט זיך אַ ביסל באַרויקט. דער פרילינג, די זוניקייט האָט אויף איר געווירקט. דער כּעס, דער אומרו איז אַוועק... ווי אַזוי איז דאָס געשען? דעם זעלבן קובאַ מיט די קינדער האָט זי דאָך פריער אויך געהאַט, די זעלבע באַדינגונגען פון לעבן...

גאָר איצטער...

זי רופט אפילו אין די געדאַנקען נישט אָן די סיבה פון איר פאַרענדערונג, נאָר זי שמייכלט אַליין צו זיך. און די ביימער, די אַלטע מיט די יונגע, זיי פאַרשטייען נישט איר שמייכל. האַלב גליקלעך, האַלב זינדיק, האַלב סודותדיק איז איר שמייכל. דאַכט זיך, אַרום איז גרינער וואַלד, טיף און טיפער אויף אַלע פיר זייטן איז וואַלד, דאָרטן הינטער די ביימער שפּילן זיך אירע קינדער מיט דער באָנע... זי לייענט אַ בוך, אַ בוך פון ווייטן פרעמדן לעבן,

אירע אויגן זענען אויף די שורות פון בוך, און דאָך עפּעס שטערט דאָס לייענען.

זי טראַכט פון קנישינסקין.

יאָ, זי ווייסט, דער בחור איז פאַרליבט אין איר. מיט וואָס פאַרא אויגן ער קוקט אויף איר. ווי צופרידן און אומרויק ער איז, בעת ער געפינט זיך לעבן איר. און דאָ איצט, אין איר אַליינ-קייט, פרעגט זי זיך אויס, וואָס פאַר אַ געפיל זי האָט צו אים?

זי וואָלט וועלן... זי וואָלט וועלן, ער זאָל דאָ פאַרבלייבן אויף שטענדיק אין דאַמבראָווקע... זי וואָלט וועלן, ער זאָל שטענדיק אַריינקומען צו זיי אין שטוב...

זי וואָלט וועלן אים אַ ביסעלע ליב האָבן, יאָ, בלויז אַ בי-סעלע, זי קאָן זיך נישט אָפּגעבן קיין חשבון, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ ביסעלע ליבע, זי וויל זיך קיין חשבון נישט אָפּגעבן.

איינס אָבער ווייסט זי, קובאַ וועט זי נישט פאַרראַטן. אַזוי ווייט וועט דאָס נישט גיין...

קובאַ... זי דערמאָנט אים אין די געדאַנקען און ער שטעלט זיך איצט פאַר אַזאַ גרויסער, אַ שטאַרקער, דער איינציקער הער-שער איבער איר... זי וויל קוקן אין בוך אַריין, זי בלעטערט עס און פאַרפּלאָנטערט זיך, ווו האָט זי געענדיקט?... און קובאַ לאָזט נישט לייענען...

וואָס האָט זי געטראַכט? אַ ביסעלע ליבע, פון אַ ביסעלע קאָן ווערן אַ סך...

זי ציטערט אויף פון איר אייגענעם טראַכטן. זי ציטערט אויף צוליב איר אייגענעם ענטפער, וואָס זי האָט אין די געדאַנקען פאַר קובאַן:

— דו ביסט מיין טאָג-טעגלעכקייט מיט אַלע דיינע וועלדער, מיט אַלע דיינע געשעפטן, דו ביסט דאָך שוין פון לאַנג מיינער און איך בין שוין פון לאַנג דיינע. אונזער לעבן איז זייער אַ שיי-נע וואָכעדיקייט, נאָר קיין ברעקעלע יום-טוב איז נישטאָ.

זי דערשרעקט זיך פאַר אירע אייגענע געדאַנקען, זי פאַר-

שטייט נישט, ווי אזוי דאָס איז געבוירן געוואָרן אין איר קאָפּ און זי ווערט אומרויק פאַר זיך, פאַר קובאַן, פאַר די קינדער... זי דערשרעקט זיך און באַומרויקט זיך נאָך מער, ווען קנישינסקיס געשטאַלט שווימט ווידער אַרויס.

אין דעם קומען צו לויפן די קינדער מיט אַ שמחה-געשריי. באַרקאַ, דער זיבניעריקער שטיפער, האָט געבראַכט אַ דין יונגביימל, אַ ווייסע בעריאָזקע, צאַפּלדיק-יונג און דין, צאַרט ווי אַ לעבעדיקייט... ער, ער אַליין האָט עס אויסגעריסן פון דער ערד, מיטן וואָרצל אויסגעריסן. ער איז אַזוי צופרידן פון זיין אויפטו. ער שרייט איבערן גאַנצן וואַלד:

— מאַמאַ, איך אַליין האָב עס אויסגעריסן... און דערביי שלעפּט ער דאָס ביימל אויף דער ערד, די יונגע איידעלע בלעטלעך לעבן נאָך און צאַפּלען זיך מיט זייער גרינער פרישקייט, ווי גרינלעכע שמעטערלינגען...

— צו וואָס האָסטו דאָס געטון? באַריאַ! אַ שאָד... אַ שאָד אַזאַ יונג ביימעלע...

נאָר דער באַריאַ שטעלט זיך אַוועק אין אַ ברוגזער פּאָזע:

— און אַז דער פּאַפּאַ האַקט אויס אַזוי פיל ביימער...

די מאַמע לאַכט און באַריאַ רייט אַוועק אויף זיין ביימלשטיפער אין וואַלד אַריין...

שטיל. אַ גרויס שטיק וואַלד-וועלט. דאָ זיצט איינע אַליין אַ פרוי און וועבט עפּעס אין די געדאַנקען. זי האָט יאָ ליב. צי זי האָט נישט ליב... איינס ווייסט זי, זי וואָלט וועלן האָבן ליבע, פריינדשאַפט, נשמה-נאָענטקייט. עס דאַכט זיך איר, אַז די וועלט האָט אָן איר פאַרגעסן, דער אייגענער מאַן האָט אָן איר פאַרגעסן און זי וויל דאָס נישט, זי וויל, אַז אויך אַנדערע זאָלן וויסן, אַז זי לעבט, זי עקזיסטירט, דאָס קאָן אַ בוים אַליין שטיין אין פעלד און שוויגן... זי, זי וויל נישט זיין אַליין...

די קינדער לאַכן און שרייען. זי קוקט דורך די ביימער און זעט אין וואַלד-קאָרידאָר אַ פערד און דערוואַקסענע מענטשן. קובאַ נעמזאַר מיט קנישינסקין זענען פאַרבייגעפאָרן אויף

דער ליניקע. די קינדער האָבן זיי באַמערקט און קובאַ האָט פאַרהאַלטן דאָס פערד...

אַראָפּגעגאַנגען און צוגעקומען צו בעלאַן. קנישינסקי האָט זיך באַגריסט און דאָס האַרץ זיינס איז געשפּרונגען פון אומרוי־קייט. ער וואָלט אַ סך געגעבן, ווען ער קאָן דאָ בלייבן כאָטש אַ האַלבע שעה, און אין דעם זאָגט צו אים קובאַ גוטמוטיק:

— פאַרבלייבט דאָ, קנישינסקי, מיט מיין משפּחה און איך וועל צופאָרן די עטלעכע קילאָמעטער ביזן דאָרף. איך באַדאַרף זיך זעען מיט דעם יאָקימער וואָיט...

קנישינסקי איז געבליבן, נאָר זיין בלייבן איז אים עפּעס נישט איינגעגאַנגען. צו גיך, צו האַסטיק איז דאָס געשעען און דער באַלעבאָס זיינער, דער קובאַ נעמזאָר... צוליב וואָס איז ער אים אַזוי אַנטקעגן געקומען? אויסגעדאַכט האָט זיך אים, אַז ער האָט עס אומישנע געטון, נישט אַנדערש, ער ווייסט, ער פאַר־שטייט, וואָס אין אים קומט פאָר.

און בעלאַ אַליין האָט אַ שפּאַס געמאַכט:

— מיין מאַן האָט אייך אַראָפּגעלאָזט פון דער ליניקע ווי־אַן איבעריקן... וואָס? איר האָט גאָרנישט געאַרבעט?

— אייער מאַן אַרבעט פאַר זיך, דערפאַר איז אים יעדע אַר־בעט אַזוי ליב און איך... אַ משרת...

בעלאַ האָט ווידער געלאַכט:

— סאָציאַלע נישט־גערעכטיקייט...

— פאַראַן אַזעלכע, וועלכע זאָרגן, אַז דאָס זאָל אַנדערש ווערן.

— און איר?

— אַ טרוימער, נאָר אין אַן אַנדערער ריכטונג...

— וואָס? לידלעך, גראַמלעך, נאַכט, לבנה, שטערן...

זי האָט אַזוי ווי געלייענט, געקוקט אין בוך און נישט גע־קוקט אויף קנישינסקין, אָבער גערעדט צו אים, געוואָרפן ווערטער און מיט די אויגן אויף די שורות פון בוך...

— מאַדאַם נעמזאָר! צוליב דעם אַליין באַדאַרף מען שוין

ניט שרייבן קיין לידלעך מיט גראַמלעך, כּדי איר זאָלט נישט האָבן פון וואָס און פון וועמען צו לאַכן.

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן:

— איך לאַך נישט פון אייך, איך לאַך צו אייך...

אַ גוטער בליק איז צו אים געפלויגן און זיין האַרץ האָט זיך איבערגעקערט פון פרייד...

עס איז אפשר גוט געווען, וואָס די קינדער זענען געקומען צו לויפן. באַריאַ האָט געפונען אַ גרויסן ווילדן שוואָם און ער האָט עס געבראַכט צו דער מוטער, ווי מען ברענגט אַ טייער געווינס...

— מאַמאַ, זע נאָר, מאַמאַ!

עס האָט געקוויטשעט, דאָס יאַטל, און דער וואַלד האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ ווייט-ווייטן ווידערקול. די צוויי קינדער זענען שוין איצט נישט אָפּגעטרעטן, געזעסן לעבן דער מוטער, די באָבע איז דאָ אויך געזעסן אויף דעם יונגן וואַלד-גראָז.

קנישינסקי האָט גערעדט מיט בעלאַן. בעלאַ האָט עפּעס דערציילט פון איר יוגנט, פון אַ גימנאַזיע-לערער, אַן אידיאָט. קנישינסקי האָט זיך אויך עפּעס דערמאַנט...

נאָר עס איז אַלץ איינס געווען, וועגן וואָס די צוויי מענטשן רעדן, עס האָט זיך געוואָלט רעדן. נאַרישע ווערטער זענען אין אַזעלכע רגעס נישט נאַריש, קלוגע ווערטער זענען נישט צו קלוג...

צווישן די ביימער זענען געקראָכן שמאָלע און ברייטע פּאַסן ליכט, דורכגעשטראַלטע, וואַרעמע שטראַלן, עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי זוכן די מענטשן, וועלכע זיצן דאָ בײַ די קניען פון די ביימער, זיי גלעטן די קינדערישע קעפּלעך און זיי פאַלן אויף צוויי געזיכטער פון צוויי מענטשן, וועלכע זוכן זיך איינער דעם צווייטן מיט שווייגנדיקע בליקן און מיט פאַרשטעלטע ווערטער...

און דערפאַר, ווייל אַזעלכע בליקן זענען געווען, ווייל עס האָט זיך געפילט, אַז עפּעס פאַרייניקט זיי, האָבן זיך די ווערטער אַליין אויסגעמיטן. אַ האַרץ מיט אָפנהאַרציקייט האָט קנישינסקי צוגעגרייט פאַר בעלאַן, נאָר אַז עס איז געקומען צום רעדן האָט זיך דאָס האַרץ פאַרשלאָסן און ער האָט זיך באַגנוגנט מיט דעם,

דאָס ער איז געזעסן לעבן איר, געפילט איר נאָענטקייט און נאָך אַמאָל געפּאַרשט, געקוקט אין די אויגן, געכאַפּט אַ וואָרט און עס געמאָסטן פון אַלע זייטן. איינמאָל האָט זי אים שוין געזאָגט: „אַז נאָכאַמאָל זאָל דאָס נישט זיין". מיט וואָס איז ער איצט זיכערער זי פריער? ער האָט זיך געשראָקן, נישט געוואָלט האָבן אַ צווייטן דורכפאַל.

אויסער דעם זענען די קינדער מיט דער גאַנצע נאָענט געוועז און געמוזאַר האָט יעדע רגע באַדאַרפט צוריקקומען פון יאַקימער וואַיט... ער האָט זיך טאַקע כסדר אַרומגעקוקט, דער קבישינסקי, נאָר אין דער טיפעניש פון די ביימער האָבן זיך בלויז געזען... ביימער. קופּער-קאָרע האָט זיך געשפּיגלט אין קופּער. מען האָט קיין איין פויגל נישט געזען. נאָר געזונגען האָבן זיי אין די הונדערטער. אַ פריילעכן קלינגענדיקן שמועס האָבן די פייגל געפירט. האַרציקע קלאַנגען, אויסגעדאַכט האָט זיך, אַז זיי רעדן צו צו עפּעס, זיי רופן, זיי וועקן...

— וואָס מיר איז איינגעפאַלן, פאַני בעלאַ!

— אַ נייע טעמע?

— עס קאָן אויך זיין אַ טעמע... די מענטשן האָבן באַדאַרפט אַרויסטרייבן פון די וועלדער אַלע חיות און אַליין זיך אין זיי באַזעצן צווישן די ביימער, אין דער רויקייט. דאָס הייגטיקע דור האָט עס אוודאי באַדאַרפט. דער היינטיקער מענטש איז שוין באַלד קיין מענטש נישט, קיין חיה איז ער אויך נישט, נאָר בלויז מאַטעריאַל פאַר דאָקטוירים און די דאָקטוירים זענען דאָך אויך מענטשן, היילט איין קראַנקער דעם צווייטן, ס'איז איין גרויס שפּיטאָל אונזער וועלט.

זי האָט געלייענט און זיך נישט אָפּגערופן. ווייזט אויס, אַז דאָס, וואָס זי האָט אין בוך געפונען, איז געווען פיל אינטערעסאַנטער פאַר קבישינסקיס איינפאַל. דערנאָך האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי האָט שוין צופיל געשוויגן און זי האָט אָפּגעענטפערט:

— קובאַ האָט איר דאָ חען בעזאָגט. אַז אין אַמאָליקע צייטן האָט יעדער מענטש געזאָרגט פאַר זיך, געווען עגאָאיסטיש ביז גאָר און דעמאָלט זענען די מענטשן געווען געזונט און שטאַרק, היינט,

אין היינטיקע צייטן זענען אויפגעשטאַנען אַזוי פיל מענטש־און וועלט־פאַרזאָרגער. איינער ראַטעוועט דעם צווייטן, מען קעמפט פאַר־צווייטן און דאָך זענען אַלע צוזאַמען אַזוי נעבעכדיק, אַזוי אָנגע־שראָקן פאַר דעם מאָרגן, אַזאַ מורא, אַזאַ הילפלאָזיקייט... פון שיי־נעם וואָרט „מענטש״ איז געוואָרן אַ גרויסע מענטשן קאַשע, עס קאָכט זיך, עס קאָכט זיך און עס קאָן זיך נישט אויסקאָכן... קי־באַ האָט עס געזאָגט...

אָט איז טאַקע קובאַ!

ער האָט זיך אַזוי פלוצלינג אונטערגעגנבעט און אַ פאַטש געטאָן מיט די הענט זיינע. פריילעך, מונטער, ער האָט איצט אויסגע־זען נאָך מונקעלער אין טונקעלן וואַלד, אין וועלכן עס זענען געלעגן זון־פאַסן דאָ און דאָרט... נעמזאַר האָט מיט איין מונטערן בליק אַרומגענומען דאָס שטיקל פּלאַץ, וווּ זיין ווייב און זיינע קינדער זיצן, עפּעס אַ פרייד און אַ זיכערקייט אינאיינעם האָט זיך גע־פילט אין זיין בליק.

— קינדער! איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף. בעלאַ! מיר פאָרן... יאָ, די „ליניקע״ שטייט דאָ נישט ווייט, קומט!

און אַלע זענען אַוועק צו דער „ליניקע״. די קינדער, באַ־ריאַ און יאַשאַ האָבן פאַרנומען די ערשטע צוויי פּלעצער, דערנאָך זענען די איבעריקע אַרויפגעקראָכן אויף דעם לענגלעכן וועגל. פאַר קנישינסקין איז קיין פּלאַץ נישט געווען. אַ קלייניקייט, ער וועט צוגיין צופוס, דער וועג איז נישט ווייט... דאָך האָט ער זיך דערפילט ווי באַליידיקט, כאָטש קיין באַליידיקונג איז נישט געווען...

אַ מענטש פילט זיך נישט גוט, ווען אַ וואָגן מיט פּאַסאַזשירן פאָרט אָפּ און ער מוז גיין צופוס. האָט עפּעס אַ קלעם געטאָן אין האַרץ, האָט ער עס פאַריאָגט פון זיך, באַרויקט דאָס קלעמעניש און געגאַנגען אַהיים... און פון אַליין גיין הייבט מען זיך אַ ביסע־לע אויף, מען זעט בעסער, מען פילט בעסער. איצט ערשט האָט ער דערזען דעם וואַלד, נישט אַזוי דעם וואַלד, ווי דעם צווווקס, די נייע גרינע צווייגעלעך אויף די אַלטע צווייגן... גרין, גרין־ליכט האָט זיך געריסן, געצויגן זיך פון די צווייגן צום מענטש, צו

קנישינסקין. אַ נייע לעבנס־פרישקייט, נאָך נישט פאַרשטויבט, נאָך נישט פאַרברענט פון דער זון... אַ נישט פאַרשפּעטיקטע שיינקייט האָט זיך געוויגט אויף די שפּיצן פון די צווייגן...

פון וואָס און צוליב וואָס? דער מענטש איז פריילעך געוואָרן, זינגען האָט זיך אים פאַרוואָלט, ער האָט געשפּרייזט אַהיים, די פיס זיינע האָבן זיך אַליין געטראָגן.

ער האָט געטראַכט וועגן זיך, אויסגעחשבונט זיך, געמאַכט אַ סך־הכּל פון אַ יאָר צייט.

דאָס איז שוין נישט געווען דער זעלבער קנישינסקי, וואָס מיט אַ יאָר צוריק. די באַקן זענען באַ אים רונדער געוואָרן, דער בליק רויקער. ער איז דאָ געקומען אין וואַלד אַ פאַרביסענער, אַן אויפגערעגטער, אַ בייזער אויף זיך און אויף אַלעמען. ער איז געווען אין לעבן, ווי אַ הונט. אויף אַלעמען איז ער אָנגעפאַלן, גאָר בעת אַלע זענען אים צוריק באַפאַלן, אַלע אויף איינעם, דעמאָלט האָט ער געביטערט פון מאַכטלאָזיקייט און דערפאַר טאַקע איז ער געלאָפן און פאַרדונגען זיך אין וואַלד באַ נעמזאָרן.

צום ערשט האָט ער געמיינט, אַז ער סטראַשעט די וועלט מיט דעם, וואָס ער איז אַזעק אין אַזאַ וויסטעניש. דערנאָך, ווען ער האָט דערזען, אַז די וועלט איז נישט אונטערגעגאַנגען, האָט ער מיט אַ שמייכל זיך באַרויקט און געזעסן געדולדיק באַ נעמזאָרן, דערנאָך, ווען ער האָט דערזען, אַז אויך דאָ קאָן מען זיך באַגעגענען מיטן לעבן, ווען אויך דאָ קאָן מען איבערלעבן, ליבן און אומרויק זיין, האָט ער גענומען טראַכטן, אַז סוף־כּל־סוף וועט ער דאָך האָבן וו צו אַנטלויפן... ווען אים וועט דאָ שלעכט ווערן.

ער וועט לויפן צוריק אין שטאָט אַריין.

זיין אַרבעט, גאַנץ געוויינלעכע קאָנטאָר־אַרבעט, האָט אים אָפּגעריסן אַ גרויסן טייל פון טאָג, פון זיך אַליין און דאָס איז געווען געזונט פאַר אים. אַנשטאָט צו טראַכטן וועגן זיך, האָט ער גענומען באַטראַכטן אַנדערע, און אין יעדן נייעם מענטש האָט ער געזען אַ וועלט, אין די פּשוטע וואַלד־יידן האָט ער געזען פּשוטע וועלטן. ער האָט אַריינגעקוקט אין זייערע נשמות און מיט אַ סך

פון זיי זיך געחבר׳ט. וואָס לענגער ער איז געווען אין וואַלד, אַלץ היימישער איז ער דאָ געוואָרן.

ער איז געווען רויק, אויסערלעך — גאָר רויק. און אינעווייניק אין האַרץ האָבן זיך איינגעלייגט די ספקות און פאַרצווייפלונגען, פונקט ווי זיי וואָלטן איצט אַ גוטע אכסניה באַקומען...

ער איז געווען רויק, מיט יענער רויקייט, ווען מען טראַכט נישט וועגן זיך, און אַז מען טראַכט נישט וועגן זיך, קוקט מען מער אויף דער וועלט. מען ווערט גרעסער מיט די אויגן, וואָס זעען אַלץ.

געווען זענען טעג, ווען אפילו בעלאַ נעמזאַר האָט זיין רויקייט נישט צוגענומען. אַ מאַך פלעגט ער געבן אויף אַלץ מיט דער האַנט און אָפּטרייבן פון זיך געדאַנקלעך אַ געשטאַלט, וועלכעס איז אים שוין גוט אין האַרץ אַריין.

אַזוי אַי אַוועק דער ווינטער, און איצט אין וואַרעמען פרילינג, איצט, אַן די ליכטיקע חדשים, איז ער אומרויק געוואָרן. צי דערפאַר, ווייל צוזאמען מיט דעם פרילינג איז ער צייטיקער געוואָרן, זיין געפיל איז צייטיק געוואָרן..

ער האָט פריער געטראַכט און געפלאַנעוועט: עס וועט קומען דער פרילינג, די וואַרעמע נעכט, נעמזאַר וועט אַוועקפאָרן. ער וועט בלייבן מיט איר אַליין, זיי וועלן גיין און וואַנדערן אין די קומענדיקע נעכט, אין וואַלד, אין זיין טיפקייט, זיי וועלן זיך אָפּרייסן פון דער וועלט, פון אַלע געזעצן און פון אַלע פליכטן, זי, זי מוז זיין זיינע.

נאָר דער פרילינג איז געקומען... נעמזאַר פלעגט טאַקע בסדר אַרומפאָרן, אָבער צוזאַמען מיטן פרילינג זענען אָנגעפאָרן קיין ד׳מבראָווקע אַ סך קרובים פון וואַרשע, נעמזאַרס און בעלאַס קרובים. יונגע מיידלעך און בחורים, אַן אַלטע מומע און נאָך אַ מומע...

פרעמדע.

קנישינסקי האָט זיי נישט ליב געהאַט. די מיידלעך פלעגן אַרומקריכן איבערן טאַראַסאַק, צווישן די ברעטער, זיי פלעגן אַרויסשלעפן פון די לעדערנע טאַרבעס דאָס שפּיגעלע מיט די ליפּן־

פּאַניאַדע, זיי פלעגן רעדן פון דער נאַטור, כסדר גערעדט פון דער נאַטור און כסדר געאַרבעט די ליפּן.

עס האָבן זיך אין דאָמבּראָווקע אַריינגעריסן פרעמדע טענער. בעלאַ פלעגט קנישינסקין זייער פיין אויפנעמען, אָבער זי איז דאָך געווען פאַרנומען מיט אירע געסט און ווען פרעמדע אויגן קוקן... קנישינסקי איז אַרומגעגאַנגען אַ בייזער און כסדר געטראַכט, צוליב וואָס מען באַדאַרף אַזוי פיל מענטשן אויף דער וועלט...

אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער פרילינג איז בלויז פאַר אים מיט בעלאַן געקומען און די איבעריקע אַלע זענען נישט געבעטענע, נישט פאַרגינערס... פאַר כעס האָט ער זיך איינגעשפּאַנט פעסט אין דער אַרבעט און איז אַ לענגערע צייט צו בעלאַן אינגאַנצן נישט אַריינגעקומען... ער האָט בלויז געהערט, ווי דאָרט פון די פענצטער הילכן שטימען, מען זינגט, מען שפּילט, מען שרייט. פאַר די שרייערס איז אַלצאיינס, ווו זיי זענען, זיי טראָגן זיך אַליין שטענדיק מיט זייער וואָכעדיקייט, זייערע פּראָזן, זייער שאַבלאָן. קנישינסקין האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז בעלאַ אַליין פאַרלירט עפּעס פון איר ווערט צוליב אירע קרובים.. ער איז געווען בייז און ער האָט געזוכט חסרונות אויף איר, אויף אַלעמען. אין זיינע פרייע שעהן פלעגט ער אַרומגיין אַליין. די נאַטור פלעגט מילדערן זיין פאַרביטערטקייט. קאָן מען דען זיין באמת אין כעס אויף דער וועלט? ווען אַ רויטע זון פאַרנאַכט שניידט זיך איין אין די אויגן, און די וועלט אַליין זעט אויס, ווי איין גרויסע פלאַמיקע פאַנטאַזיע. אָט איז ער נישט ווייט פון טאַרטאַק און עס זעט אויס, אַז דער גאַנצער פלאַץ מיט די אַלע פּיראַמידן ברעטער האָבן זיך אָנגעצונדן. עס ברענט, נעמזאָרס פאַרמעגן ברענט, אַ שרפה, ראַטעוועט! און די שרפה וואַרפט זיך איבער אין די וועלדער, פלאַמען וויקלען זיך אַרום די ביימער, און ווערן... פאַרלאָשן. דערנאָך, נאָך די פלאַמען קומט אַ רויקע טונקלקייט, בלויז עטלעכע רויטע צונגען גלעטן די לעצטע ביימער און עס דאַווענט זיך אַליין אַ רויקע פאַרנאַכט-תפילה.

שטיל... צוליב וואָס איז אַזאַ קנישינסקי אַוועק אַליין בלאָנדזשען? וואָס באַדאַרף אים אָנגיין, וואָס דאָרט אַ גרופּע וואַרע-

ווער מאַכן זיך נאַריש און פּלאַפּלען ביליקע פראַזן. וואָס העלפט אים זיין בייזקייט? מיט מענטשן איז שלעכט, אָן מענטשן איז אויך נישט גוט. מען מוז זיך אונטערגעבן, מען מוז זיך איבער־שטייגן, מען מוז אַ סך מוחל זיין...

אים חלומט זיך איינע, זי איז פּאַר אים די בעסטע, אָבער וואָס טוט מען, ווען די איינע האָט קרובים? פון הימל איז בעלאַ נישט אַראָפּגעפאַלן, זי האָט אַ מאַן, זי האָט קינדער און זי האָט אויך קרובים און צו יעדן פון זיי האָט זי פליכטן, זי מוז עס האָבן...

שפּאַצירט אַרום אַזאַ קנישינסקי און וויל פון די אַלע זאַכן נישט וויסן, ער איז ברוגז אויף דער וועלט און די וועלט ווייסט פון דעם גאָרנישט...

סוף פּרילינג רייסן זיך שוין אַריין עכט־זומערדיקע טעג.

די זון האָט געברענט און געגליט. די טויזנטער צעשניטענע ביימער אין ראַיאָן פון טאַרטאַק האָבן זיך געטריקנט און די שטראַלן פלעגן אַרויסציען פון זיי דעם פעכיקן בורשטין. אין סימעטרישע גאַסן זענען די ברעטער אויסגעלייגט געוואָרן און די זון אויף זיי האָט געלויכטן, די זון האָט זיך פאַרליבט אין זייער ווייסער, פרייער ליכטיקייט. די זון קומט נישט אין אַלע ערטער, זי קלויבט זיך אויס אירע ווינקעלעך, ערגעץ־ווו אַ סטאַוו, אַ טייכל, אָדער אַ פייכטע לאָנקע, אָדער אַ זאַמד, אין וועלכן זי גליט זיך, ווי שטראַלן אין גאָלד. דער טאַרטאַק איז אויך געווען דעם זומס אַ געליבט ווינקעלע. אין דידאָזיקע ליכטיקע טעג איז קנישינסקי געווען אי ברוגז, אי מונטער. אין דידאָזיקע ליכטיקע טעג פלעגט ער אומגעדולדיק וואַרטן אויף זונקעלע אָוונטן, ווייל ער האָט אַלץ געוואַרט אויף אַ נס, געהאָפט און געוואַרט, אַז בעלאַ וועט זיך אָפּטיילן פון אירע קרובים. עטלעכע פון זיי זענען שוין אַוועקגע־פאָרן, נאָר די איבעריקע זענען נאָך אַלץ געווען אַ שווערע שטע־רעניש. זיי האָבן ליב געהאַט בעלאַן און אויף קיין רגע זי נישט אָפּגעלאָזט... און אָט קומט דער אָוונט. ער איז לעבן איר, נאָר נישט אַליין, די אַלטע מומע אירע זיצט אויף אַ קלאָץ, וואָס ליגט

לעבן פּאַרקן, אַלע זיצן אויף דעם קלאָץ. ס'איז אַ שטילע, קילע נאַכט, אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע שטערן איבער זייערע קעפּ. דער וואַלד פון נאָענט-ווייט שווייגט, נאָר דאָס שווייגן פון אַזאַ נאַכט-וואַלד רעדט צו אַזאַ קנישינסקין און אפשר אויך צו בעלאַן... ער וואָלט זי וועלן צוכאַפּן פונדאַנען, אַנטלויפן מיט איר און אויסזאָגן איין סוד, איין ביטערן סוד, אַז די איינזאַמקייט האָט אים געפּייניקט און פּייניקט אים ווידער, אַז מיט מענטשן קאָן ער זיך נישט צונויפלעבן. עס טרעפט זעלטן, ווען ער נעמט בענקען נאָך אַ מענטש — און זי איז דאָס און אויב זי האָט נשמה, וואָס קאָן פילן דעם צווייטן, אויב זי קאָן באַגרייפן דעם מאָמענט, ווען אַ וואָלף ווערט מילד, זאָל זי זיי לאָזן, אירע קרובים, זאָל זי זיך באַהאַלטן מיט אים, ער האָט פאַר איר דעם גרעסטן סוד. דאָ ווייט פון שטאָט, פון קנאה און גערצנגל. דאָ האָט זיך צעבליט אַ האַרץ... פאַר איר...

אַלע נאַרישע און קינדערישע געדאַנקען קומען אים אין קאָפּ, בעת ער זיצט מיט דער גאַנצער נעמזאַר-משפּחה אויף אַ קלאָץ באַם פּאַרקאַן, אויף דעם רעשטל, וואָס איז געבליבן פון אַ הונדערט-יעריקן בוים... ער טראַכט און בייזערט זיך אויף אַלעמען און מער ווי אויף אַלעמען בייזערט ער זיך אויף דער אַלטער בומע פון בעלאַ... זי זיצט און זי רעדט פון אַמאָליקע צייטן, ווי פרויען זענען אַמאָל גוט און פרום געווען...

די זומער-נאַכט קאָן שטאַרק צערייצן, נאָר זי קאָן אויך אַ סך מאָל שטאַרק צעקילן. וויפיל מאָל פלעגט עס פּאַסירן מיט קנישינסקין, ער פלעגט קומען צוריק פון בעלאַן און אירע קרובים אַן אומצופרידענער, אַ בייזער, פלעגט ער אַרויסגיין אויף זיין באַלקאָן און בלייבן אַליין מיט דער נאַכט... אַ נאַכט-פויגל פליט פאַרביי, אַ שאָרך און פאַרשווונדן. פון ווייט-נאָענטן וואַלד רעדט די אייביקע שווייגעניש. עס דאַכט זיך אויס, אַז אָט די שווייגעניש נעמט אַרויס די צעווייטיקטע שטיקער נשמה און שטעלט אַריין אַן אַנדערע נשמה: אַ נשמה פון הערלישער אונטערגעבונג...

סיי-ווי-סיי וועלן די בעסטע און שענסטע שטרעבונגען קיינמאָל נישט דערגרייכט ווערן.

דעריבער... איז וואָס? באַדאַרף מען נישט שטרעבן, באַדאַרף מען זיך אָפּזאָגן פון אַלץ. ער ראַנגלט זיך אַ צייט מיט זיך, די רויקייט פון דער נאַכט העלפט אים אונטער און ער ווערט גאָר אַנדערש, ער נעמט זיך אַליין אויסלאַכן. כדי נאָך רויקער צו ווערן. בעלאַ! וואָס איז בעלאַ פאַר אים? איר איז לאַנגווייליק, אין אים האָט זי עפּעס דערפילט, ער איז אַ ביסל אַנדערש, פאַר איר איז אַ מענטש עפּעס מער ווי אַ סוחר, וואָס קומט קויפן ברעטער און זי וויל אויך מען זאָל זי זעען, מען זאָל זי באַמערקן. דאָ אין וואַלד איז ער דער איינציקער, וואָס קאָן באַמערקן... אָט צו וואָס זי באַדאַרף אים און דערפאַר האַלט זי אים אָפּט נאָענט לעבן זיך. אמת, עס ווערט אים ליידיקער דאָס לעבן פון אַזאַ טראַכטן, נאָר אין דער זעלבער צייט מאַכט עס אים גרינגער, ער באַדאַרף די רויקייט...

ער באַגנבעט זיך אַליין אין אַזעלכע מינוטן. אויס פאַרלאַנג, אויס ליבע, אויס ליידנשאַפט. ער גייט אין וועג און וויל, אַז דער וועג זאָל אים לייכטער זיין, וואַרפט ער אַוועק דעם טייערן באַגאַזש זיינעם, פאַר איין ביסעלע לייכטקייט, פאַר אַ טראָפּן רויקייט. אָט אַזוי, וואָס פוסטער און ליידיקער די נשמה — אַלץ בעסער.

ער וויל רויק איבערשלאָפן אַ נאַכט.

שוין ליגנדיק אויפן געלעגער, דערמאַנט ער זיך, ווי בעלאַ האָט היינט באַטאָג אויסגעזען. עס קומט אים אין זכרון אַ פרוי מיט רייץ, אַ פרוי, וועלכע שמייכלט צו אים. ער נעמט ווידער טראַכטן פון איר. וואָס האָט זי געמיינט מיט אַזאַ וואָרט? און וואָס האָט זי געוואָלט מיט אַזאַ בליק? צי האָט זי אים ליב? און צי איז פעיק אַזאַ בעלאַ צו מאַכן יענעם געוואַגטן טריט, וועלכער קאָן שטעלן איר כבוד און איר רויק לעבן אין סכנה?

ווען ער קאָן שוין גאָרנישט אַרויסקריגן באַ זיינע געדאַנקען און באַ דער נאַכט וועגן בעלאַן, נעמט ער זיך דעמאָלט צו זיך אַליין...

ווי אַ צעבייזערטער טאַטע כאַפּט אַרויף זיין צעלאָזט זונדל אויף די קני און נעמט אים שמייסן, אַזוי פרווט זיך קנישינסקי אַליין צו שמייסן.

וואָס ווילסטו? פרעגט ער זיך אַליין. וואָס איז דאָס פאַר אַן אומרויקייט און וואָס זענען דאָס פאַר אַ סענטימענטן. וויפיל מאָל?...

טאַקע וויפיל מאָל האָט ער שוין געהאַט באַגעגענישן מיט פרויען, געליבט און געליטן. דערביי נישט איינמאָל געטראַכט, אַז אויב זי וועט אַוועקגיין, וועט ער דאָס נישט איבערלעבן...

און געלויבט איז גאָט — איבערגעלעבט.

ער רייצט זיך מיט זיך און פרעגט בא זיך אַליין:

אַנקען איבערגעלעבט? הא! טאַמאַרען פאַרגעסן און די איבעריקע אויך פאַרגעסן, אַזוי וועט אויך בעלאַ פאַרגעסן ווערן...

סוף־כל־סוף געלינגט עס אים ווי עס איז אַרויסצובאַקומען פון דער נאַכט אַ ביסל גלייכגעוויכט און ער שלאָפט איין.

אַ גאַנצע נאַכט רוישט דאָ דער טאַרטאַק צווישן פעלדער און וועלדער, עס שמעקן די צעוואַרעמטע ברעטער און עס שמעקן די טויזנטער סכך־ביימער.

עס איז אַ נאַכט פאַר די שטערן, וועלכע שפיגלען איינס אין צווייטן, עס איז אַ נאַכט פאַר די זאַנגען, וועלכע קושן זיך, בעת דעם ווינטל הילט זיך דאָס. עס איז אַ נאַכט פאַר וואַסיל דעם שומר. ער זיצט אויף די ברעטער און רייכערט אַ לאַנגן ציביק און ער טראַכט עפעס, דער געוועזענער מאַטראָס. אַלע ימען און אַלע לענדער האָט ער געזען — פאַראַן פון וואָס צו טראַכטן.

איינדערפרי קומט ער, דער זעלבער וואַסיל, צו קנישינסקין און גיט אים איבער, אַז די פאַני, די פאַני נעמזאָר האָט געבעטן, ער זאָל היינט קומען צו מיטאָג. די אַלטע מומע פאָרט אַוועק, מאַכן זיי אַ געזעגנונגס־מיטאָג... מען האָט שוין געשיקט אין שטעטל אַריין צום שוחט אַ גאַנצן טוץ יונגע קאַטשקעס.

דעם בחור ווערט פרייליך אויף דער נשמה, ער פאַרגעסט די נאַכט, דעם גאַנצן געראַנגל זיינעם. פאַר די אויגן וואַקסט־אויס אַ בעלאַ, נישט זיין באַלעבאָס ווייב, נאָר עפעס אַ קייזערין, וואָס קאָן באַפעלן און וועלכער עס ווילט זיך פאָלגן...

עס איז פול מיט שטימונג...

וואָס האָט ער געזאָגט וואַסיל? אַ טויז יונגע קאַטשקעס האָט מען געשיקט צום שוחט... צו וואָס? זאָלן זיי לעבן די קאַטשקעס, אַז אים איז איצט אַזוי גוט, טאַנצן ווילט זיך...

דער עיקר: זי האָט אים אין זינען, זי פאַרגעסט נישט אָן אים. און ער באַמערקט נישט, ער וויל נישט באַמערקן, אַז וואַסיל האָט אים דאָס איבערגעגעבן מיט בייזע אויגן. ער איז אַוועק אָן אַ „גוטן טאָג", דער אַלטער, ער האָט, דאַכט זיך, מיט דער טיר אַ צו שטאַרקן קלאַפּ געגעבן.

*

נעמזאַר האָט געהאַט עטלעכע שלעכטע טעג: צוליב אַ נישטיקער סיבה איז אויפן טאַרטאַק אויסגעבראָכן אַ שטרייק. די אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט, קיין איין ברעט, קיין איין קלאָץ האָט מען פון אָרט נישט גערירט. די שניידמעסערס זענען שטום געוואָרן. דאָס איז געווען אַן אומגעוויינלעכע פּאַסירונג פאַר דאַמבראָווקע. עס האָט אויסגעזען ווי אַ יום-טוב. דער נאָענטער וואַלד האָט זיך געלאָזט דייטלעכער הערן מיט זיינע קלאַנגען און האַלבע קלאַנגען, די ליכטיקע זון האָט זיך יום-טובדיק צעשפּרייט אויף די ברעטער און געלויכטן מיט אַ ליכטיקן אויף צו להכעיס. עס איז שטיל געוואָרן. צו שטיל פאַר דאַמבראָווקע. די אַרבעטער זענען געשטאַנען באַם טויער. אַנדערע פון זיי האָבן זיך אויסגעצויגן אויף די ברעטער און געדרימלט, אַ טייל איז צוגעגאַנגען צום נאָענטן וואַלד און דאָרטן געשלאָפן...

יום-טוב, אַ שטרייק. נישטאָ קיין פלייסיקייט, נישטאָ קיין אַרבעט.

נעמזאַר האָט דערזען פאַר זיך אַ שטומע קראַפט, אַ שווייגנדיקן כּוח... זיי ווילן נישט אַרבעטן און אַ סוף! עס שטייען די מאַשינען, די קלעצער ליגן נישט גערירט... וואָס איז זיין מוט, זיין לוסט צו אַרבעט און באַוועגונג! אין יענע טעג האָט מען באַדאַרפן צוגרייטן אַ גרויסע פּאַרטיע געזיימטע ברעטער, עס איז געווען אַ טעלעגראַפישע באַשטעלונג, אַ דרינגענדע אַרבעט...

ער האָט געשוויגן, זיך באַראַטן מיט זיינע מענטשן, מיט

ראַבינאָוויטשן און מיט קנישינסקין, געזוכט אַן אויסוועג. מיט זיינע אַרבעטער, מיט די נאַר-וואָס געקומענע פון די דערפער, מיט די פויערים וועט ער זיך אַן עצה געבן. ס'איז אַ קאַמף. מען דאַרף דעם קאַמף געווינען, אַ ביסל נאָכגעבן און אַ ביסל אָפּנאַרן, איינ־רעדן, ווירקן מיט אַלע מיטלען... ס'איז אַ כיטרער קאַמף. און ער האָט שוין באַלד געזיגט. געווען איז אָפּגערעדט, אַז מאָרגן שטעלן זיך אַלע צו דער אַרבעט, אָבער פאַרנאַכט זענען אויפן טאַרטאַק־פּלאַץ געקומען צוויי פרעמדע. איינער אַן אַרבעטער פון ביאַליסטאָק און דער צווייטער אַן אינטעליגענט. זיי האָבן פריער געשמועסט מיט עטלעכע פון נעמזאַרס אַרבעטער, געשושקעט זיך און שפּעטער איז צונויפגערופן געוואָרן אַ מיטינג פון אַלע שטרייקנדע...

אויף אַ הויכן שטויס פון די ברעטער זענען די צוויי געשטאַנען און זיי האָבן גערעדט, זיי האָבן גערעדט מיט פייער, מיט בייזקייט. דאַכט זיך, אַז נאַר-וואָס זענען דאָס געווען צוויי רויקע מענטשן און פלוצלינג שפּריצן זיי מיט פייער. פון דעם קליינעם אינצידענט מיט די אַרבעטער אויף אַ טאַרטאַק, עפּעס אין אַ דאָמבראָווקע, איז אויסגעוואַקסן אַ וועלט-ענין: „קאַמף, רעוואָלוציע, רוסלאַנד, נידער מיט די אונטערדריקער!” די צוויי האָבן דערציילט פאַר נעמזאַרס אַרבעטער וווּנדערלעכע זאַכן, געוועקט זיי, גערופן, גערייצט, געשליפענע צינגער געניטע דעמאַגאָגן. זיי האָבן געוווּסט, ווי צו ווירקן אויף די איינפאַכע פּשוטע מענטשן. זיי האָבן זיי אָנגעצונדן. עס האָבן זיך דערהערט בייזע אויסרופן... אָט רייסן זיי נאָך אַ ביסעלע און די מענטשן גייען ברעכן און שלאָגן. בעת די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען, איז נעמזאַר געשטאַנען פון דער ווייטנס. ער האָט זיך צוגעהערט און צוגעקוקט...

— מען דאַרף זיי פּאַניכטן און אויסראָטן, די פּאַראַזיטן — האָט אויסגעשריגן איינער פון די רעדנערס...

און זיינע אַרבעטער האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ...

— טאַק, טאַק...

און דערנאָך, ווען די רעדעס האָבן זיך געענדיקט, זענען זיי בייזע פאַרבייגעגאַנגען און געקוקט מיט קאַלטע אויגן אויף זייער „פּאַן נעמזאַר”. און אַ צייט נאָכן שטרייק, ווען אַלץ האָט

זיך באַרויקט, פלעגן שוין אַ סך פון זיינע אַרבעטער זיך נישט באַ־
גריסן מיט אים. ווי דאָס איז פריער געווען... עפּעס האָט זיך
איבערגעריסן אין דער אידיליע פון דאָמבראָווקע. אַ סך פון די
אַרבעטער זענען פוילער געוואָרן, זיי פלעגן קומען שפּעטער צו
דער אַרבעט. באַ יעדן וואָרט פלעגן זיי זיך אַמפּערן און ענטפערן
מיט חוצפּה...

נעמזער האָט זיך באַקלאָגט:

— דאָ אין דאָמבראָווקע איז דאָס נישט נייטיק... אפשר אין
די גרויסע שטאָטישע פאַבריקן, אין די שאַכטן... אָבער דאָ אין
דאָמבראָווקע. די אַלטע פויערן האָבן קיין ערד נישט געהאַט. קיין
ברויט נישט געהאַט. איך האָב מיט מיין איניציאַטיוו אויפגעלעבט
די גאַנצע געגנט, איך באַצאָל גוט פאַר אַרבעט און איך אַרבעט
אַליין...

ער איז געווען צעטומלט אין יענע טעג. אַ סך מער זיך אי־
בערגענומען מיט דעם, ווי ער וואָלט עס באַדאַרפט, נאָר די סיבה
איז געווען, וואָס דער קליינער שטרייק אין דאָמבראָווקע האָט
אים דערמאַנט אַ סך גרעסערע איבערלעבונגען און צעטרייסלונגען...
זיינע איבערלעבונגען אין רוסלאַנד...

## XIV

# ווינטעלעך

אויפן טאַרטאַק זענען געקומען דייטשן. עטלעכע אָנגעגאָסענע-
פּאַרוּנדלטע מענטשן, ביר-בייכער. מענטשן זאַטע, מיט ראָזאַווע
קערק, מיט פאַרקלענערטע אויגן. זיי זענען געקומען פון בערלין
קויפן ברעטער, אַ סך ברעטער.

אויפן טאַרטאַק איז אַ יריד. מען האָט, ווייזט אויס, אויף די
דייטשן פון בערלין לאַנג געוואַרט, ווייל אַלע „מענטשן" זענען
מאָביליזירט געוואָרן. מען סאָרטירט די ברעטער, מען קלויבט אויס,
וועלכע פון זיי עס איז באַשערט אַוועקצוגיין קיין בערלין, קיין
דייטשלאַנד, און וועלכע פון זיי עס זאָלן בלייבן אויף דער היי-
מישער ערד...

אין קאַנטאָר איז ליידיק, אַלע זענען אַרויס אויפן פּלאַץ-
נעמזאַר מיט זיין גאַנצן שטאַב, און אַלע ווילן רעדן מיט די דייטשן,
אויסרעדן זיך אַ ביסל אויף „דייטשמעריש". גייט עס אַוועק אַ לשון...
די דייטשן שמייכלען אפילו נישט, זיי זענען געקומען קויפן ברע-
טער, מוזן אויסקלויבן די בעסטע און דאָס, וואָס די יידן רעדן
מיט אַ טערקישן „דייטש", דאָס גייט זיי ווייניק אָן.

מען סאָרטירט ברעטער...

אויף אַ גרויסן, גאָר גרויסן פּלאַץ זענען אָנגעשטעלט פּיר-
קאַנטיקע שטויסן, שמאָלע און ברייטע ברעטער, און עס גייען

מענטשן, עס קומען מענטשן מיט הענט און וואַרפן די ברעטער אַהער און אַהין...

נייע, פרישע ברעטער, סימעטריש צוגעשניטן. די הענט הייבן זיך אַרויף און אַראָפּ, עס פּאַכעט מיט דער ליכטיקייט פון יעדן ברעט, הייבט זיך אויף אַ ברעט, הייבט זיך אויף אַ שטיק זון... לייגט זיך דאָס ברעט אַוועק, לייגט זיך דאַן אויך אַ שטיק זון אַוועק, עס גייט אָן אַ פרייליכע אַרבעט, כאָטש די אַלע מענטשן זענען ערנסט פאַרנומען. מען מאַכט וויינט מיט די דייטשן אַ גרויס געשעפט... אָבער אַרום די מענטשן איז פריילעך. די הינט, די צוויי וועלפישע כלבים „ראַלף" און „אַס", זיי שפרינגען אַרום צעבאַלעוועטע און זיי פלאָנטערן זיך אונטער אַלעמענס פיס...

די דייטשן האַלטן בלייפעדערס מיט גרויסע בויגנס פּאַפּיר. עס איז אַן אַרבעט ווי אַלע אַרבעטן. נישטאָ דאָ קיין פרעמדע, די אַרבעט פאַרייניקט אַלעמען.

אַ סך פרייד פאַרשאַפט עס, מענטשן האָבן ליב באַוועגונג. אַ ביסל טרויער גיט עס אויך — וואָס מאַכן זיי פון די וועלדער, די מענטשן?

שפעטער קריכט קנישינסקי אַרויף אויף אַ גרויסער ברעטער־פּיראַמידע. ווייטלעך אַ ביסל פון די מענטשן, פון זייערע בלייפעדערס... ער קוקט אין דער ווייטקייט אַריין. דאָ און דאָרטן טונקעלע פלעקן אויפן האָריזאָנט...

וועלדער...

וועלדער פאַרן טאַרטאַק, פאַר בערלין, פאַר ענגלאַנד. ער איז אַ מאָל עפּעס צו טון, נאָר נישט פויל צו טראַכטן און צו פילן. און ער פילט דאָס אַרומיקע מיט אַלע חושים. הונדערטער סקאָוורטשעס מאַכן קלינגען די ריינע לופט. קאָלירטע שמעטערלינגען קומען פון וואַלד און פעלד און שוועבן איבער אים און איבער די ברעטער.

ער איז וואַך, נאָר אין זיין וואַכזיין דרימלט עפּעס און אין זיין דרימל איז עפּעס וואַך. די זון באַווייזט דאָ אויף דעם פרייען שטח וואָס זי קאָן, זי לייגט זיך אויס מיט דער גאַנצער ברייטקייט, זי לייבט דורך יעדעס שפּעלטל, צווישן צוויי ברעטער איז זי פאַראַן

און די ברעטער גופא לייכט זי אויך דורך, ווי גלאָז. מען זעט אַלע אָדערן בײַ די ברעטער. פון איר וואַרעמקייט, פון איר גאָענטן באַריר, פאַרלירט ער אַ טייל פון זיין זכרון און עס נעמט זיך נישט ווילנדיק אַ ביסל פאַנטאַזירן...

ער וואָלט איצט גערן זיך אָפּגערוקט פונדאַנען. אַוועקגעלאָפן פון די דייטשן און צוגעגאַנגען צו געמזאַרס שטוב. זי, בעלאַ, איז איצט אַליין. ער הערט דאָך, ווי זי שפּילט...

זי שפּילט, זאָל זי אויפהערן צו שפּילן! וואָס וויל זי מיט אירע קלאַנגען? אויף די וועלט זענען מער נישטאָ ווי ברעטער, און אַלע הענט ציען זיך צו די ברעטער, זאָל זי דאָ אויך אַרויסקומען מיט אירע ווייסע הענט, זאָל זי זיך אויך נעמען צו אַלעמענס אַרבעט.

ער איז אַ ביסל בייז אויף איר, ווען זי שפּילט נישט דאָרטן, וואָלט אים געווען בעסער, ער וואָלט געווען נענטער צו די ברעטער. דאָ איז דאָך אויך יום-טוב, מענטשן אַרבעטן, מענטשן שפּילן זיך מיט ברעטער. די ציפערן, וואָס די דייטשן פאַרשרייבן, דאָס זענען באָטן פון אַ האַנדלס-קאָמפּאַניע.

די פּיראַמידעס מיט די ברעטער זענען ליכטיק באַלויכטן, ווי בערג פון בורשטין, פירקאַנטיקע שטויסן פון בורשטין, צעשניטענע פּאַסן, סימעטרישע פּלאַסטן פון אַזאַ ליכטיקן קרעפּגאָלד...

די מענטשן, דאַכט זיך, די, וואָס שלײַדערן די ברעטער, די, וואָס שטייען מיט די בלייפעדערס און פאַרצייכענען, — זיי זענען נישט קיין פּשוטע בשר-ודמס, האַלבע געטער, אָדער קאַנצלערס פון געטער, זיי ציילן און מעסטן דעם הערשערס פאַרמעגן...

יאָ, ס'איז אַ ליכטיק-ליכטיקער טאָג און מען מוז פאַנטאַזירן, מען טאָר זיך נישט דערלויבן קיין אָרימקייט אין אַזאַ טאָג...

ער איז גליקלעך, קנישינסקי, וואָס מען לאָזט אים אַ ביסל צופרידן און ער קאָן זיך אויסציען אויף די ברעטער, מיט אַ קעצישער הנאה וואַרעמט ער זיך אויף דער זון און קוקט אויף די דייטשן, איינער פון זיי איז אַזוי פעט און פעט-געפרעסט, די זון פינקלט און ברענט אין זיין פאַרגאָסענעם פּנים און אין זיין האַלז

מיט אַלע אירע שטראַלן, זי צינדט זיך אָן אין אים, ווי אַ קנייטל אין אַ שיסל אייל... דער דייטש פּרעגלט זיך און מאַכט זיך נישט ווייסנדיק. נישט קיין שוויס רינט פון אים, נאָר פעטס, שמאַלץ. און דער מענטש לאָזט די בלייפעדער פון דער האַנט נישט אַרויס, מיט די אויגן פּרעסט ער די ברעטער. מער זעט ער נישט און מער פילט ער נישט...

ער איז אוודאי שיכור געוואָרן, דער דייטש, פון דעם סמאָלע־ריח און די אַלע, וואָס וואַרפן די ברעטער, זענען פון דער זון צע־רייצט... עס מוז עפּעס זיין אַ טיפער זין אין דעם, וואָס מענטשן טוען אַזאַ אַרבעט אין אַזאַ ליכטיקן טאָג...

אָדער דער אומזין פייערט אַ יום־טוב ?

צי דען זענען דאָס בלויז ברעטער, געוויינלעכע ברעטער ?

בלויז מענטשן מיט בלייפעדערס, מיט ציפער, בלויז גע־שעפטן דאָס זענען נישט קיין ברעטער, — גאָלדענע פּלאַסטן, די, וואָס אַרבעטן דאָ, האָבן גאָלדענע הענט מיט גאָלדענע פנימער, דער דייטש האָט אַ גאָלדענעם קאַרק און זיין בלייפעדער איז פון גאָלד. ער מאַכט אַ גאָלדענעם חשבון — אין דעם גאָלדענעם באַ־זוניקטן טאָג...

*

עס פלעגן טרעפן טעג אין לעבן פון וואַלד, רויקע טעג, איינגעזעסענע, איינאַרטיקע, איינטאָניקע. יעדער איינער פון די מענטשן אויף דעם שטיקל ערד אין דאָמבראָווקע איז געווען אין זיין ווינקל און געטון זיין זאַך, זיין אַרבעט. קיבאַ נעמזאַר האָט געהאַט זיין סדר פון טאָג: דעפּעשען און בריוו קיין לאָנדאָן, טע־לעפאָנען קיין דאַנציג און וואַרשע, עטלעכע שמועסן מיט ראַבינאָ־וויטשן און עטלעכע אָנווייזונגען דעם מאַשיניסט פון טאַרטאַק. ראַ־בינאָוויטש פלעגט זיצן און חשבונען, קנישינסקי פלעגט צַנווייזן די אַרבעטער, וועלכע קלעצער סקלעטן, וועלכע ביימער מען דאַרף שוין היינט אַריינפירן אין דער שאַפּע פון דער זעג־מיל און דאָרט זיי סימעטריש צעשניידן...

נישט איינמאָל פלעגט ער זיך פאַרטראַכטן, בעת ער פלעגט

זיך צוקוקן, ווי די אַרבעטער שלעפּן אַרויף אַזאַ קלאָץ אויף דעם אייזערנעם וועגעלע, די הונדערטיעריקייט פֿון וואַלד פּלעגט דורכשוועבן פֿאַר זיינע אויגן, דערביי פּלעגט ער גלייך אָפּטרייבן פֿון זיך די אַלע סענטימענטן... געוואָלט האָט ער זיין אַ מענטש מיט אַלע מענטשן גלייך און אַרבעטן און זיך פֿאַרגעסן. דאָ אין אַזאַ ווינקל ווו אַלע אַרבעטן, איז געווען פּשוט אַן אומזין זיך צו פֿאַרטראַכטן און חלומען.

אפילו בעלאַ האָט אויך געהאַט איר רויקן סדר פֿון טאָג. אינדערפֿרי אַ ביסל מיט די קינדער, דערנאָך מוזיק, דערנאָך לייענען און אין אָוונט ווידער מיט די קינדער, ערב זייער שלאָפֿן גיין. לייגן שלאָפֿן די קינדער, איז בא איר געווען ווי אַ הייליקייט צו טון, דעם גאַנצן טאָג פּלעגט דאָס מיידל זיך אַרומפֿירן מיט די קינדער און זי פּלעגט זיך צוקוקן פֿונדערווייטנס. אין אָוונט פּלעגט דאָס מיידל זיך צוקוקן ווי די מאַדאַם נעמזאַר באַשעפֿטיקט זיך מיט אירע יאַטלעך.

דער פֿרילינג האָט זיך שוין געענדיקט. די געסט, די קרובים, וועלכע זענען דאָ געווען, זענען זיך אַלע צופֿאָרן. הער קיין צאַפּאַט און ווער קיין אויסלאַנד אין די בעדער. בעלאַ האָט יעדן פֿון זיי באַגלייט מיט אַ שווייגנדיקן זיפֿץ: זי מוז דאָ בלייבן.

רויקע טעג. לאַנגזאַם, נאָר מיט גרויס פּאַראַד איז דער פֿרילינג אַוועקגעגאַנגען. עס איז שוין געווען זומער אין יעדן ווינקעלע און די הונדערטער פּיראַמידעס מיט ברעטער האָבן זיך געטרוקנט, ווי ביין. אויסגעאָטעמט פֿון זיך דאָס לעצטע ביסל פּעך. געדיכט איז געווען די לופֿט אַרום טאַרטאַק פֿון דידאָזיקע ברעטער, פֿון די קלעצער, פֿון די בערג זעגעכץ. וואָס מען פּלעגט פֿון טאַרטאַק אַרויסוואַרפֿן. די בערגלעך זעגעכץ האָבן אויסגעזען ווי הירש-קאַשע, ווי צעמאָלטער בורשטין, און דער סמאָלע-ריח פּלעגט אַ פֿרישן מענטש פֿאַרשיכורן. אַ מחנה שטוב-עופֿות, הינער, גענז, אינדיקעס, זענען דאָ אַרומגעגאַנגען. די הינט האָבן זיך פֿריילעך געשפּילט צווישן די ברעטער. וואַסילס טויבן האָבן מיט זייערע קאָלירן פֿריילעך געמאַכט דעם פּלאַץ. און דאָ האָבן זיך גענומען שאָטענען די ביימער מיט געדיכטן גרינס. פֿון אַמאָליקן

פריצישן פּאַלאַץ איז קיין איין שטיין און ציגל נישט געבליבן. דערפאַר זענען געבליבן אַ סך גרויסע קאַשטאַן-ביימער. אין צווייִ האַלבע קאַראַהאָדן זענען די ביימער געשטאַנען, ווי צוויי האַלבע דוהעס, קאַלטע, שטומע שומרים אין ווינטער, כמעט שוואַרצע קערפּערס. געשוויגן אַ ווינטער מיט בייזקייט און אַלטקייט, דערפאַר האָבן זיי אין פרילינג באַוויזן וואָר זיי זענען. צום ערשט האָט יעדעס שפּיצעלע פון אַ צווייג גענומען לייכטן מיט אַ קנאָספּ. דערנאָך זענען די קנאָספּן גרויס געוואָרן ווי ניט, דערנאָך האָט זיך דאָס געעפנט ברייט מיט רחבות, מיט ליכטיקייט. אַן אמתער יום-טוב האָט געשמעקט און געלויכטן פון די ביימער... און איצט איז געבליבן אַ ברייטער גרינער שאָטן. אַ ביסעלע ווייטער, לעבן קאַנטאָר, לעבן די פויערישע הייזער, לעבן טייכל מיט דער מיל, אומעטום זענען געשטאַנען קליינע און גרעסערע פרוכט-ביימער און עס איז אויך זייער יום-טוב געקומען, זייער קורצער יום-טוב פון ווייכקייט. דעמאָלט, ווען די קערשן און עפּלביימער בליען, ווען די רונדע ביימער באַהענגען זיך מיט ווייסע קרויזן און יעדער בוים זעט אויס ווי צו דער חופּה געפירט... וועמעס אויג קאָן בלייבן גלייכגילטיק צו דערדאָזיקער שיינקייט?

דאָס איז שוין אויך אַריבער און ערגעץ-ווו האָבן זיך שוין רויטלעכע קערשן באַוויזן. דער אָנהייב זומער האָט נאָך אַ סך פון פרילינג, ווי אַ קינד אין די איבערגאַנגס יאָרן, נאָך אַ קינד און שוין באַלד אַ בחור... אויף די געציילטע פעלדער אַרום דאָמבראָווקע האָבן זיך די זאַנגען אויפגעהויבן און די בלויע קאָרן-בלימלעך האָבן געררייצט נעמוזאָרס קינדער.

דאָס שענסטע איז אָבער געווען דער וואַלד. דער צוווּקס אויף דעם סכך. איבער נאַכט פלעגן צוקומען גרינע סכך-בליטלעך, עפּעס אַ געהיימע האַנט פלעגט זיי אַרויפשטעלן אויף די שפּיצן פון די ביימער... פרישע, גרין-ליכטיקע נאָדל-ליכט, דאָס אויג פלעגט זיך מחיה זיין פון דעם פרישן גרינס.

דאָס אויג זעט און די נשמה פרייט זיך, אָן ווערטער פרייט זיך דער מענטש, טאַקע אָן ווערטער, און דערפאַר איז די פרייד גרעסער און טיפער. די שיינקייט פון גרינס מאַכט דעם מענטש

אפילו ערנסטער, בײַ גרויסע יום־טובים קאָן מען זיך נישט באַנוגע־נען מיט האָבעדיקע ווערטער...

געמזאַר האָט זיך אָפּגעריסן פון זײַן אַרבעט און פול מיט שטאָלץ געפרעגט בײַ בעלאַן:

— האַ! בעלאַ! ווי געפעלט דיר? אין שטאָט האָסטו אַזאַ שײנקײט? עס איז טאַקע געווען אַזוי. אין דער רגע האָט ער זיך נישט געהאַט אויף וואָס צו באַקלאָגן, נאָר ווען קובאַ איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי שוין געהאַט אַן ענטפער פאַר אים.

— יאָ, דאָס איז שײן, דער וואַלד פון אַרום און אַרום רײצט און פאַרוויגט, די גרינקײט קריכט דאָ אַלײן אין האַרץ, נאָר די מעסערס פון טאַרטאַק, זײ פאַרסקריפּען די נשמה... איך בין שוין קראַנק פון דער שטענדיקער סקריפּערײַ...

עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין איר פאַרדראָסן און קאַפּריזן. זי האָט אַ סך מאָל געבענקט, נישט חיסנדיק געגוי, וואָס זי וויל און פאַרלאַנגט. זי האָט אומבאַוווסטזיניק געשטרעבט צו אַן אַנ־דער לעבן, צו אַנדערע באַגעגענישן און צו אַן אַנדערער סביבה...

אומבאַוווסטזיניק...

ווײַל דאַן, ווען זי פלעגט בעמען טראַכטן וועגן דעם, פלעגט זי אין אַלץ גערעכט געבן איר מאַן. ער וויל אַזוי, מן הסתם באַדאַרף אַזוי צו זײַן און אויב ער איז אפילו אַ ביסל נישט גע־רעכט איז אויך נישט קײן אומגליק. זי איז דאָך נישט אין תפיסה, ער זאָרגט פאַר איר און פאַר די קינדער... נײן! זי טאָר קײנעם נישט באַשולדיקן.

רויקע טעג, פול מיט שײנקײט און ליכטיקײט. ליכטיק איז געווען פון גרויסן ברעטער־ים און ליכטיק פון גרינעם וואַלד... וואָסיל איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. ער האָט זײער ליב געהאַט גרינס און בלומען און איצט, ווען אַלץ האָט זיך קעניגלעך צעוואַקסן, איז ער געגאַנגען פון אײנעם צום צווייטן און געוואָרפן אַ וואָרט, צוויי ווערטער:

— האַ! זומער־לעב, בלומען. ער פלעגט פאַרפאַלן ווערן אין

די טיפעניש פון וואלד אויף לאנגע שעהן, אויף גאנצע טעג. גע־בענקט נאכן ים און געבענטשט די גרינע וועלט.

צוריק פלעגט ער קומען מיט גרויסע הויפנס גראז, וואלד־בלומען, שוואמען, ער פלעגט שפרייזן און דער עולם פלעגט גלאצן אויף דעם וואלד־מענטש מיט די אויגן. אנדערע האבן גע־שמייכלט, מען האט געהאלטן, אז דער וואסיל איז א ביסעלע משוגע.

אין די ליכטיקע, זומערדיקע טעג. אין דאמבראווקע. וועלכע איז ארומגעצוימט מיט א רינג פון וועלדער. עס דאכט זיך, אז דער גאנצער זומער, דער גאנצער רייך פון זון און גרינס האט זיך א לאגער געמאכט אין דידאזיקע וועלדער... און עס רופט עמעצער אהין אין דער טיפעניש. א צויבער־קול רופט און מער פאר אלעמען פלעגט זיך אפרופן וואסיל, עס האט דעמאלט אויס־געזען, אז ער איז דער נאענטסטער קרוב פון וואלד.

האט מען געקיקט אויף וואסילן, ווי אויף אזא איינעם, וועל־כער באשאפט דאס די שטימונג. א מכשף, ווערט ער פארשווונדן אין טיפן וואלד און דארט צויבערט ער און רופט ארויס אזעלכע העלע טעג, אזא בלויקייט פון הימל און אזוי פיל קוויטן, ווען וואסיל פלעגט ארויסרעדן:

— זומער־לעב! פלעגט זיך דאכטן, אז ער אליין האלט זיך דא פאר א גרעסערן מהותן צום יום־טוב, ער אליין איז דא נישט קיין פשוטער צושויער, נאר א מיטווירקער. ער איז געווארן פוי־לער, פלעגט ווייניקער ארבעטן, נאר קיין פרעטענזיעס האט מען צו אים נישט געהאט.

עס איז געווען א דרך־ארץ צו זיינע אלטע יארן, און גע־טראכט האט זיך דעמאלט, אז וואסיל ארבעט נישט, מן הסתם בא־דארף ער נישט צו ארבעטן. ער האט געכאפט א פוקס אין וואלד, אן אלטן פוקס, און ער האט זיך גענומען אים דרעסירן, שעהנווייז פלעגט ער זיך פארנעמען מיט דעם פוקס, די טויבן האט ער גע־לאזט צורו — זאלן זיי פליען, וווהין זיי ווילן.

צו אלעמען איז ער גוט געווען, נאר צו איינעם, צו קני־

שינסקין, פלעגט ער אַלץ װאַרפן בײזע בליקן און קײן „גוט־מאָרגן" אים נישט זאָגן.

קנישינסקי האָט עס באַמערקט שױן פון לאַנג, און ער האָט צום אַלטן גאָרנישט געהאַט דערפאַר. אײן זאַך האָט ער געװוּסט, ער באַדאַרף זיך היטן פאַר אים, װײל װאַסיל איז נעמזאַרן געטרײ װי אַ הונט. װאַסיל װיל נישט, אַז זײן „קאַפּיטאַנס" װײב זאָל האָבן צו טון מיט אַזאַ אײנעם, װי קנישינסקי.

אָבער װאָס איז דאָ װאַסיל, װען דער עיקר איז בעלאַ ? און צװישן אים מיט בעלאַן זענען איצט געװען מאָדנע באַציונגען. אױסערלעך האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז אײנער צום צװײטן איז אָפּ־געקילט געװאָרן. נאָך אַזעלכע עטלעכע באַגעגענישן, װען אײנער דעם צװײטן האָט געזוכט, מיט װאָרט, מיט בליק, מיט אַ פּיל זאָ־גענדיק שװײגן, װעלכעס פלעגט לאָזן נאָך זיך טראַכטן און אומ־רויק זײן.

שפּעטער אָבער, װען בעלאַס קרובים זענען געקומען, האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז אַ פרעמדשאַפט שטײט צװישן זײ בײדן. אַזױ אײנגעהאַלטן פלעגן זײ זיך באַגריסן און דאַכט זיך, אַז זײ הערן און זעען נישט אײנער דעם צװײטן...

דערנאָך, װען די קרובים זענען אַװעקגעפאָרן, האָט זיך די פרײנד־שאַפט צװישן די צװײ אַלײן פון זיך באַנײט. פאַר קנישינסקין איז גענוג געװען צו טראַכטן, אַז זי איז אַלײן און עס האָט אים שױן געצױגן צו דער שטוב, װוּ דער װינט שפּילט זיך מיט די װײסע קרױזן־גאַרדינען. ער האָט װידער געזוכט מיט די אױגן, טאָמער באַ־װײזט זי זיך פּלוצלינג מיט די קינדער צי אָן די קינדער צװישן די ברעטער. בעלאַ מיט אַ יאַפּאַניש זון־שירעמל, מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט אַ שמײכל, װאָס ציט צו, מיט אַ שמײכל, װעלכן מען קאָן קײנמאָל נישט פאַרשטײן, צי דאָס איז בלױז גוטמוטיקײט פון אַ מענטש, צי דאָס איז אױך אַ ביסעלע זינדיקײט פון אַ פרױ.

די זוניקע טעג, די שטילע נעכט מיט דעם אײנגעהאַלטע־נעם אָטעם, יעדע געזונטע שפּראָצונג פון דער ערד האָט איצט נערופן און געצװוּנגען צום לעבן מיט אַ פול האַרץ. עס האָט גע־פאָדערט אַ באַרעכטיקונג פון אַזאַ קנישינסקין... האָסטו ליב, טאָ

גיי און נעם דיין ליבע! שטעל זיך נישט אָפּ און פאַרטראַכט זיך ישט, ווייל יעדעס איבעריקעס טראַכטן זעגט אונטער די זייל, אויף וועלכער דיין בריק האַלט זיך...

וואָס שענער די טעג און וואָס מער די נאַכט האָט גערופן און געוועקט, אַלץ מער זענען די צוויי, בעלאַ און קנישינסקי, איינגעהאַלטענער געוואָרן.

מען האָט זיך באַגעגנט. גערעדט און געשמייכלט, נאָר אָנגעקוקט האָט מען זיך שוין ווי צוויי פאַרשווערער. דאַכט זיך, אַז די מענטשן האָבן צווישן זיך גאָרנישט אָפּגערעדט, קיין דערקלערונג זיך נישט אָפּגעגעבן און דאָך, ווען נעמזאַרס טריט דערהערן זיך אויף דער וואַרענדע, רוקן זיי זיך דאַן איינער פון צווייטן אָפּ.

אומבאַוווסט האָט זיך אויפגעוועקט דאָס פאַראַנטוואָרטלעכקייט... עפּעס האָט זיי געצווונגען צו שווייגן און צו זיין פרעמד. בלויז אַ געמאַכטע פרעמדשאַפט און אַ געמאַכטע אָפּגעזונדערטקייט. טעג האָבן זיך געשטעלט רויקע, איינגעפאָרמטע, ווען אַלץ, אפילו דאָס זינגען פון די פייגל האָט געהאַט אין זיך אַ רעגלמעסיקייט. אין אַזעלכע טעג איז זיך בעלאַ געזעסן ערגעץ אָפּגעווייטערט פון טאַרטאַק אויף אַ וואָרצל פון אַ בוים און געלייענט אַ בוך...

פון ווייטן פלעגט זיך זען אַ ווייסער פלעק, דאָס איז געווען בעלאַס ווייס קלייד. מען האָט שוין געוווסט, אַלע אַרבעטער פון טאַרטאַק האָבן געוווסט, ווער עס זיצט דאָרטן: די פּאַני נעמזאַר, די פּאַני לייענט ביכער. קיין סך פלעגט מען זיך מיט איר פערזאָן נישט פאַרנעמען... נאָר איין קנישינסקי, ווען ער פלעגט צווישן די ברעטער נאָטירן אין זיין ביכעלע די ציפער, די טרוקענע ציפער, וויפיל האָלץ מען האָט צו דער באַן אַוועקגעפירט, ער פלעגט נישט אויפהערן צו זוכן מיט די אויגן און זיין אַרבעט איז שוין קיין אַרבעט נישט געווען...

נעמזאַר פלעגט ערגעץ פאַרשווונדן ווערן פון פלאַץ, און קנישינסקי איז שוין לעבן בעלאַן.

וואָס לייענט זי?

ווי שטענדיק, האַלט זי אויך היינט אַ רוסיש ביכל. זי לייענט די רוסישע ליטעראַטור, די אַלטע און די נייע. זי הייבט אויף די

אויגן, זי קוקט אים אָן און קוקט זיך אַרום, דעם גאַנצן פּלאַץ באַ-טראַכט זי. ווען קנישינסקי באַמערקט, ווי זי קוקט זיך אַזוי אַרום, נעמט ער אויך זוכן מיט די אויגן. ביידע פאַרשטייען זיך אויף שטום-לשון.

ביידע האָבן מורא... נעמזאר זאָל זיי נישט באַמערקן.

קנישינסקי גייט צוריק אַוועק מיט זיין נאָטיץ-ביכל צו די ברעטער.

*

באַטאָג אַרבעט מען, באַטאָג קאָן מען זיין רויק... אָבער פאַרנאַכט.

עס קומט אַ ווינטל, אַ וואַרעמער שטראָם גנבעט זיך דורך אַלע צוימען פון די הונדערטיעריקע ביימער און קומט פאַרנאַכט צו די מענטשן... אפשר נישט צו אַלע מענטשן, נאָר בעלאַ דער-פילט דאָס ווינטל.

אַ פרעמד ווינטל, וואָס קומט, ווער ווייסט פון וועלכע ווייטע וועלטן און אונטערוועלטן, דאָס ווינטל רופט צו די געהיימע שאָטנס פון דער נאַכט.

בעלאַ קוקט אַרויס פון פענצטער, זי קוקט אויף די בלומען, זי איז פאַרטיפט מיט איר בליק אין די בלומען-בייטן, פונקט ווי זי וואָלט אַ שמועס געפירט מיט די בלומען. וואָס גייט זי נישט אַוועק פון פענצטער? וואָס פאַר אַ ציל האָט זי דאָ? אפשר ליגט אויף דער ערד, אין גאָרטן, אַ בריוועלע? און זי וויל עס פונדער-ווייטנס איבערלייענען. אפשר האָט זי איר גאָלדן רינגל אַראָפּגע-לאָזט און זי זוכט עס מיט די אויגן...

זי קוקט אין גאָרטן אַריין.

דער וואַסיל האָט עס אויסגעפלאַנצט אַ גאָרטן הינטער אירע פענצטער, און איצט האָבן זיך געעפנט הונדערטער רויטע טולי-פּאַנען, שטייט זי אין פענצטער און קוקט אויף די רויטע בלומען. יעדע בלום קריכט אין האַרץ אַריין ווי אַ פּאַקל און שרפעט און בריט אויס יעדע רויקייט. פאַרנאַכט, די קינדער פלאַפלען און נעמ-זאַר זיצט אויף דער וועראַנדע, אַ גוטער מאַן און אַ גוטער טאַטע

אין דער רגע איז ער, דאכט זיך, חייט פון זיינע וועל־ער און פון זיין טאַרטאַק... אָבער זי טראַכט, אַז עמעצער פעלט, די לופט אַרום בעט זיך און רופט וועמען...

וועט ער קומען, דער מיט דעם ערנסטן פנים ? דער קני־שינסקי ? וואָס איין גאָט ווייסט, וואָס ער וויל. מיט אומעטיקע אויגן האָט ער אויף איר געקוקט אין די ווינטערדיקע טרייסט־לאָזע אָוונטן, און ווען זי האָט אים באַוויזן אַ גוטן שמייכל, האָט ער גע־מיינט, אַז זי איז שוין אינגאַנצן זיינע.

אַ נאַר איז ער, אַ נאַר, ווי אַלע. אָבער פאַרוואָס טראַכט זי אַזוי פיל פון דעם נאַר ?

אַנומלט האָט זי געטראַכט פון אים. דאָס איז געווען אין װאַלד, זי האָט לאַנג אים פון די געדאַנקען נישט אַרויסגעלאָזט, זי האָט דעמאָלט, ווי איצט, געוואָלט, ער זאָל זיצן לעבן איר, זי זאָל הערן, וואָס ער רעדט און ער זאָל גוט אויסהערן, וואָס זי רעדט... יאָ, זי נייטיקט זיך אין דעם: זי וויל אַ ביסל פריינטשאַפט און אַ ביטעלע ליבע... אָבער זאָל ער וויסן, אַז ער איז נישט בײַ איר דער עיקר. קובאַ מיט די קינדער זענען איר טייער, זאָל ער דאָס וויסן...

זי הייבט אויף די אויגן אויף די קאַראַהאָדן פון די רויטע טוליפּאַנען, און הינטער די שטאַכעטן פון גאָרטן דערזעט זי קני־שינסקיס פנים. ער באַגריסט און שמייכלט און קומט צו נענטער. איצט זענען שוין די אומגעוואַלדישע ווינטעלעך דרייסטער גע־וואָרן. זיי האָבן עטלעכע האָר פון בעלאַס קאָפּ צעטרייסלט און פון צייט־צו־צייט שפּילן זיי זיך מיט די קורצע האָר.

זיי זענען דרייסטער געוואָרן, די ווינטעלעך, פריער האָבן זיי בלויז די באַקן געגלעט, איבער די ברעמען געשוועבט, איצט קריכן זיי אין האָר, זיי באַאומרויקן די שטענדיק רויקע בעלאַ... זי גייט אַוועק פון פענצטער און קומט אַרויס אויף דער וועראַנדע, צו די קינדער, צו איר מאַן...

אַ גוטער זיצט ער דאָ, קובאַ נעמזאָר, און שמייכלט צו ווייב און קינד. אָבער ווען ער וואָלט זיך פאַרשטאַנען אויף דער שטו־מער שפּראַך פון נישט רעדן, אויף דער שפּראַך פון האַלבן גע-

ראַנק וואָלט ער דעמאָלט עפּעס אויפגעכאַפּט אין זיינע געדאַנקען. ער וואָלט געטראַכט: היינט בין איך דאָ איבעריק, בעלאַ וואָלט וועלן איך זאָל היינט זיין אין דאַנציג, קנישינסקי וואָלט עס אויך געוואָלט. נאָר ער פילט גאָרנישט, נעמזאַר אויסער, דאָס ווינטל, וואָס גלעט אים אויך, ווי אַנדערע. דאָס ווינטל...

— אַ מחיהדיק ווינטל, זאָגט ער, עס שמעקט... אמת? אין שטאָט איז קיינמאָל נישט אַזוי גוט?

און ער ווייסט נישט דער נעמזאַר, ער הייבט נישט אָן צו פילן, אַז אַזאַ מחיהדיק ווינטל איז איצט זיין גרעסטער שונא. עס רעדט אָן צו בייזע זינדיקע זאַכן, זיין ווייב, וועלכע האָט אים ליב, זיין ווייב, די מוטער פון זיינע קינדער, טראַכט איצט צופיל פון אַ פרעמדן קנישינסקי, זי איז זייער צופרידן, וואָס ער איז דאָ איצט צוזאַמען מיט זיי, זי פילט זיין נאָענטקייט, זי הערט זיך צו צו זיינע ווערטער און פון צייט-צו-צייט זוכט זי זיין בליק.

נעמזאַר ווייסט נישט, אַז קנישינסקין האָט אַהערגעבראַכט דאָס מחיהדיקע ווינטעלע. ער איז דאָ געקומען צו בעלאַן און בלויז צו איר, זיצן לעבן איר, פילן איר נאָענטקייט, כאַפּן אַ בליק, אַ וואָרט און טראַכטן דאָס דרייסטע, דאָס זינדיקסטע... טראַכטן, אַז ער, נעמזאַר... וואָס וויל ער דאָ? און ווער באַדאַרף אים דאָ? זאָל ער גיין פונדאַנען, זאָל ער אַוועקפאָרן, זאָל ער כאָטש אַריינלויפן אין דער שאָפע פון טאַרטאַק, אַ קוק טון, ווי עס גייט די באַנאַכטיקע אַרבעט. ער האָט דאָך ליב צו קאָנטראָלירן שטענדיק, צי אַלץ גייט אין אָרדנונג, נאָר היינט האָט ער זיך אַזוי ברייט אַוועקגעזעצט אויף דער וועראַנדע, מיט די קינדער שפּילט ער זיך, צו בעלאַן רעדט ער צערטלעכקייטן און צו קנישינסקין איז ער אַזוי פריינטלעך... עס זעט אויס, ווי אַ צולהכעיס... אָדער, אָדער אויף אים האָט אויך געווירקט אַ ווינטעלע פון דער משוגענער, זומערדיקער נאַכט...

די נאַכט איז דאָ אַרומגערינגלט מיט שוואַרצע וועלדער. פון הינטער די וועלדער הייבט זיך אויף אַ שטיק ווייטקייט. צוערשט אָן אָפּגלאַנץ, דערנאָך ליכטיקייט, דערנאָך באַווייזט זי זיך אַליין די ווייסע, די רונדע, די מאַיעסטעטישע לבנה. זי זעט אויס,

ווי אַ שטרענגער פּאַרוואַלטער פון די אַלע וועלדער, ווי דער באַ־לעבאָס פון דער גאַנצער וועלט. קאַלט, ווייס און שטרענג, אָבער קיינעם שרעקט נישט די שטרענגשאַפט, פּונקט ווי אַלע וואָלטן וויסן, אַז צוליב דער ווייטקייט קאָן דער שטרענגער הערשער פון דער נאַכט קיינעם גאָרנישט טון. און יעדערער איז היינט אַ הער־שער פאַר זיך אַליין. די געציילטע, יונגע פּאָרלעך פון דאָמבראָווע־קע האָבן זיך שוין אויסגעקליבן ווינקעלעך אין וואַלד און די ווינ־קעלעך דערציילן, אַז ערגעץ נאָענט און ערגעץ ווייט קושט מען זיך, זיי דערציילן דאָס פאַר די, וועלכע ווילן זיך אַליין קושן...

די ווינטעלעך פון דאָמבראָווקע, זיי זענען קינדס־קינדער פון אַלע וועלט־ווינטעלעך, קרובֿים פון זיי, שטיפערס פון איין חברה, אור־אור אייניקלעך פון טויזנט־יעריקע ווינטעלעך, וועלכע האָבן געפּרייצט און גערופן צו ליבע אַלע פאַרגאַנגענע דורות. אין איין נאַכט שפּרייזן זיי דורך אַלע ערד־טיילן, אין דאָרף און אין שטאָט, זיי דערגרייכן צו די שיפן אויף די ימען און צו יענע יונגע פּאָר־לעך, וועלכע בלייבן נעכטיקן אויף די העכסטע בערג, אויף די לאַנקעס פון הינטער דער שטאָט און אין די שטאָטישע פּאַרקן. זיי קומען אומעטום, זיי האָבן זייער שליחות. אין זייערע לופטיקע קערפּערס טראָגן זיי דעם שטאַרקסטן ווין, ווין פאַר די, וועלכע האָבן יונג בלוט אין זייערע אָדערן...

זיי ווייסן אַלע סודות פון מיליאָנען נעכט און זייער ציל איז די סודות צו פאַרגרעסערן, אין איין נאַכט זאַמלען זיי אָן מער ליבע־זינד, וויפיל אין אַלע ביכער פון דער וועלט איז ביז היינט פאַרשריבן געוואָרן. זיי ווייסן אַלץ: אין וויפיל ערטער דאָס קאָרן איז צעקנייטשט געוואָרן, אונטער וועלכע ביימער מען באַגעגנט זיך, הינטער וועלכע פּלויטן מען באַהאַלט זיך. זיי ווייסן וויפיל קינדער עס נאַרן די עלטערן, ווי מאַן און ווייב נאַרט זיך, ווי גע־ליבטע נאַרן איינער דעם צווייטן צוליב אַ נייע ליבע. אַלץ ווייסן זיי, נאָר פון געשריבענע געזעצן ווילן זיי נישט וויסן. זיי גייען איינציקווייז, און דאָרט, וווּ הערצער פאַרשליסן זיך און האַלטן זיך איין, דאָרט קומען זיי מהנותוויז. זיי כישופן, זיי צויבערן אַזוי

לאַנג, ביז זיי גענומען זייער שליחות... איצט באַלאַגערן זיי דאָס ראָווקע, נעמזאַרס הויז...

די גאַנצע משפחה איז אויף דער וועראַנדע. זיי נעמען זיך צו יעדערן באַזונדער. קנישינסקי וויל פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס, לעשן אויס די ווינטעלעך עטלעכע מאָל די שוועבעלעך, וואָס ער צינדט אָן:

— אין אַזעלכע נעכט באַדאַרף מען נישט פאַרשווענכן די ליכט מיט דעם נאַרישן טיטון.

עטלעכע צייטונגען פון טישל וואַרפן זיי אַראָפּ, בעלאַס פּוך פאַרבלעטערן זיי:

— אין אַזעלכע נעכט לייענט מען נישט!

זיי וואַרפן פונאַנדער בעלאַס האָר, זיי מאַכן פלאַטערן איר לייכטע בלוזקע און זיי דעקן אָפּ אַ ביסל טיפער די ברוסט אירע... די שעלמישע ווינטעלעך, זיי רודערן, זיי לאָזן נישט שווייגן, זיי וועקן דערינערונגען. נעמזאַר רופט זיך אָפּ:

— געדענקסט? בעלאַ! אין צאַריצינאַ, באַ מאָסקווע, אַ חודש פאַר אונזער חתונה, אַזאַ זומערדיקע נאַכט, ווי היינט. טויזנטער מענטשן האָבן דאָרטן געוויילט אין פּאַרק און אין די רוינעס פון יעקאַטערינעס שלאָס, אויף די סטאַוון, זיך געשיפט, געדענקסט, וואָס איך האָב דיר דעמאָלט געזאָגט?

— איך געדענק... דו האָסט געזאָגט, אַז די אַלע מענטשן הוליען לכבוד אונזער גליק.

— און דערנאָך, אין קרים, אַ חודש נאָך אונזער חתונה, געדענקסט יאַלטע? מיט די ווייסע פּאַלאַצן, יאַלטע באַנאַכט אויף אַ שיפל, די פּאַנאָראַמע פון די בערג, די פייערלעך פון די מיליאָנען, ווי אָנגעפּיקטע בריליאַנטן, געדענקסט דעם טויזנטקעפּיקן עולם באַם ברעג... מען שטייט באַם ברעג, מען שפּרייזט הין און צוריק, מען קוקט אין נאַכטיקן ים אַריין... צוליב וואָס? וואָס קוקן זיי? וואָס זוכן זיי? געדענקסט, וואָס איך האָב דיר דעמאָלט אין שיפל געזאָגט?

— איך געדענק... דו האָסט געזאָגט, אַז דאָס וואַרטן זיי אויף אונז באַם ברעג, זיי פרייען זיך מיט אונזער גליק...

די ווינטעלעך האָבן זיי געבראַכט דערינערונגען און זיי זע-

נען איצט נענטער געוואָרן, ווען די ווערטער פון גוטן נעכטן זענען געפאלן... לעבן זיי איז געזעסן קנישינסקי און ער האָט דערפילט, אַז זיי ווערן נענטער, ער האָט געליטן פון דעם. געוואָרן פול מיט אייפערזוכט, ווייל ער האָט געהאַט זיינע ווינטעלעך, ווייל זיי האָבן אים אויך דערמאַנט פון גוטע שעהן, פון ליבעס, פון פלאַמיקע איבערלעבונגען... אַבער אַלץ איז דאָס אַוועק און מיט וועמען צו דערמאַנען די פאַרגאַנגענהייט איז נישטאָ. זיינע ווינטעלעך שוועבן בסדר צו יענעם פלאַץ, ווו בעלאַ זיצט. זיי קומען צוריק און ברענגען בעלאַס אָטעם. ער קוקט אויף איר, ער מוז קוקן אויף איר, עפּעס צווינגט אים דערצו... זי רייצט אים מיט איר יעדער באַוועגונג, מיט איר וואָרט און מיט איר שווייגן... דאָרט אונטער דער וועראַנדע, הינטער נעמזארס הויז האָט זיך אוודאי אַ ווילדע קראַפט צעהוליעט, כאָטש עס איז אַזוי שטיל. עס רופט אַהין אין די שווייגעדיקע וועלדער, די שאָטנס רופן אין אַ באַהעלטעניש... ליבע, אמתע ליבע מוז זיך באַהאַלטן.

נאָר בעלאַ רעדט איצט מיט איר מאַן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. . .

דערנאָך הייבט זי זיך אויף, זי נעמט מיט די קינדער, וועלכע האָבן זיך די גאַנצע צייט געשפילט אויף די טרעפלעך פון דער וועראַנדע, זיי האָבן געמאַכט קוגעלעך פון דעם זעגעכץ, וועלכעס מען וואַרפט פון טאַרטאַק אַרויס... עס איז געקומען די צייט, ווען באָריאַ און יאַשקאַ באַדאַרפן שלאָפן גיין און די מאַמע פירט זיי שלאָפן, זי וועט זיי באַלד אַליין אַרומוואַשן, אַרומצוואָגן און אויף ווייסע געלעגערס אַוועקלייגן, עס וועט לאַנג דויערן, ביז בעלאַ וועט צוריקקומען...

קנישינסקי בלייבט מיט נעמזארן אויף דער וועראַנדע... דאַכט זיך, אַז די ווינטעלעך האָבן זיך אָפּגעטראָגן, איצט האָבן זיי דאָ נישט וואָס צו טון...

דאָרט נישט ווייט אַרבעט דער טאַרטאַק. די מעסערס שניידן, איצט לאָזט זיך דייטלעכער הערן, דער גערויש פון די גאַטערס און אין דער שכנות פון אַזוי פיל ברעטער, רעדט מען דאָ איצט אויף דער וועראַנדע וועגן ברעטער, וועגן דער אַרבעט פון די

גאַנצע טעג, וועגן די דייטשן, וואָס דאַרפן אינגיכן קומען, וועגן שטייערן. זיין גאַנצע קאָנצעלאַריע האָט דאָ נעמזאַר איצט אין נאַכט-שאַטנס געבראַכט. דערנאָך קומט ראַבינאָוויטש, זיין פּנים איז אינגאַנצן אַרומגעוויקלט אין זיין באָרד, ווען ער קומט אַרויף אויף דער וועראַנדע, מאַכט עס דעם איינדרוק, אַז אַ באָרד איז געקוימען... ער רעדט אויך וועגן געשעפט, נאָר דער עיקר איז בײַ אים דאָס באַלעבאַטישע גלעזעלע טיי, וואָס ער האָט אַזוי ליב. ער זופּט עס טראָפּן נאָך טראָפּן און באָמקעט צו, ווען נעמזאַר רעדט עפּעס. פון דער פינצטערניש רוקט זיך אַרויס נאָך אַ שאָטן, אויף דער באַלויכטענער וועראַנדע באַווייזט זיך דער באַן-נאַטשאַלניק. אַ הויכער, אַ שלאַנקער יונגערמאַן מיט אַ ראָזאָווון פּנים, מיט פיינע הענט און צוגעפיילטע נעגל. ער זעט אויס צו רייך, צו אַריסטאָקראַטיש פאַר אַזאַ נישטיק סטאַציעלע, ווי דאָמבראָווקע איז...

מיט נעמזאַרן איז ער זייער אויפגעטראָגן און בעלאַ אַכטעט אים, פאַר זיין גוטן טאָן, פאַר זיין באַשיידנקייט. אין פילמאַליקע שמועסן, האָט ער שוין נישט איינמאָל געזאָגט:

— פּאַניע נעמזאַר! ווען פּוילן האָט אַ סך אַזעלכע פּלייסיקע און דרייסטע אונטערנעמער ווי איר זענט, דעמאָלט וואָלט אונזער לאַנד שנעל אויפגעבליט געוואָרן. און נעמזאַר ענטפערט:

— צום באַדויערן קען איך ווייניק דאָס לאַנד, איך קען נישט די שפּראַך... שווערלעך אַ ביסל. מיין פאָטער איז געווען פאַרשריבן אין אַ פּאָליעסער שטעטל און דורכדעם בין איך איצט אַ פּוילישער בירגער, איך באַדאַרף דאָך אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי. עס וואַלגערט זיך בײַ מיר אַ דיפּלאָם פון אַ רוסישן אוניווערזיטעט, און איצט מאַטער איך זיך, איך קען נישט די פּוילישע גראַמאַטיק... שווערלעך אַ ביסל.

איצט זיצט ער מיט נעמזאַרן און מיט זיינע מענטשן. מען רעדט אַרום די וועלט, די מענטשן אַמפּערן זיך וועגן פּוילן, וועגן רוסלאַנד, וועגן דייטשלאַנד, וועגן דער פעלקער-ליגע און וועגן אַ האַנדלס-טראַקטאַט. דאָס גרויסע פון דער גרויסער וועלט געפינט אויך דאָ אַ פּלאַץ אין דעם קליינעם דאָמבראָווקע, נאָר מיט די

ווינטעלעך פון דעם אָנהייב אָוונט האָט עס גאָרנישט צו טון. זיי זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן. אַ שטילע לופט, אַ ליידיקע לופט...

נאָר אָט קומט בעלאַ צוריק. די אַלע טרוקענע געשפּרעכן רייסן זיך איבער, און אויב מען רעדט ווידער וועגן דעם, איז דאָס שוין מיט מער פייער, מיט מער ברען און אַמביציע, פּונקט ווי אַלע וואָלטן זיך וועלן אויספּייניקן פאַר דער אייניציקער פרוי, וועלכע געפינט זיך אין זייער געזעלשאַפט...

ווען בעלאַ קומט אַרויף אויף דער וועראַנדע, וואַרפט ראַבינאָוויטש אַרויס דורך זיין באָרד:

— גוטן אָוונט דער פאַני!

דערביי לאָזט ער גישט אַרויס דאָס גלאָז טיי, וועלכעס ער האַלט מיט ביידע הענט.

דער „פאָן באַנטשעלניק" הייבט זיך לאַנגזאַם אויף און קושט לאַנגזאַם בעלאַס האַנט, ער מאַכט עס איידעלער, ווי דער פאַן קאָסטניצקי אַליין, פיינער און נאַטירלעכער. דעם עולם שמועסט צווישן זיך, נאָר מען איז אויפמערקזאַם אויף בעלאַן, איבערהויפּט קנישינסקי, אים ווילט זיך אינגאַנצן איבעררייסן מיט די מענער, אָפּרוקן זיך פון זיי, כּדי צו זיין נענטער, נענטער אַ ביסעלע צו דער פרוי, וועלכע איז דאָ אַרויסקומען אַ ביסל מיד און בלייך פון דער נאַכט.

אפשר וועט זיך איינגעבן צו כאַפּן אַ וואָרט פון איר, אַ וואָרט אָדער אַ בליק, וואָס זאָל עפּעס באַדייטן, ווייל ער איז ווידער אומרויק, ווייל די ווינטעלעך האָבן ווידער גענומען רייצן און וועקן. די לופט ווערט פולער, געדיכטער, אַרום די עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס באַלויכטן די וועראַנדע, פלאַטערן און צאַפּלען נאַכט-מאָטילן, קליינע און גרעסערע פּיצעלעך לעבן, אַנדערע זענען גרויס ווי מאָן-פינטעלעך און אַנדערע זענען גרעסער, ווי די טאָג-שמעטערלינגען, קאָלירטע און אַש-גרויע. זיי איז גוט, די שמעטערלינגען, פון דער נאַכט. דאָס פייער לאָקט און רייצט, זיי שפּילן זיך און פאַרברענען זיך נישט... זיי איז גוט, פון נאַטס נאַכט נעמען זיי אַלץ און פון די עלעקטרישע פייערלעך נאַשן זיי אויך...

די נאַכט־מאָטילן שפּילן זיך און די מענטשן רעדן זיך אויס. ראַבינאָוויטש איז שוין אַוועקגעגאַנגען, דער פאַן נאַטשעלניק האָט זיך לאַנג געזעגנט מיט דער פאַני נעמזאַר. ער האָט, דאַכט זיך, צופיל געקוקט אויף איר און דריי מאָל געקושט איר האַנט, ביז עס האָט זיך דערהערט זיין „דאַבראַנאָץ".

קנישינסקי איז נאָך געבליבן. נעמזאַר איז געגאַנגען באַגלייטן דעם באַן־באַאַמטן, ווייל עטלעכע בייזע הינט זענען געווען אַראָפּגעלאָזט פון דער קייט.

ווען נאָר די וועראַנדע איז ליידיק געוואָרן פון די איבעריקע, האָט זיך קנישינסקי איבערגעקוקט מיט בעלאַן... יאָ, זי אויף אים האָט אויך געקוקט מיט אַ נייגיריקייט, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זי געפרעגט בײַ אים:

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר?

— דאָס טאָר מען אויך נישט?

— יאָ און ניין, מיין טייערער פריינט!...

דערביי האָט זי געוואָרפן די אויגן פון דער וועראַנדע און זיך צוגעהערט צי נעמזאַר קומט שוין נישט צוריק, געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט באַוויזן, ווייל נעמזאַר איז טאַקע באַלד אָנגעקומען. ער האָט זיך שוין געשטעלט לעבן בעלאַן און מיט אַ גוט קול גערעדט:

— שוין צייט צו מאַכן נאַכט, וואָס זאָגסטו?...

— אַז, צו פרי אַ ביסעלע, קובאַ! כ'וועל אויפשטיין פרי און דער טאָג וועט זיין אַ לאַנגער.

— נו, ווי דו ווילסט, מען קאָן נאָך אַ ביסעלע זיצן...

ער איז אָבער נישט אַוועקגעגאַנגען פון איר, זי איז געזעסן אויף איר שטול און ער איז געשטאַנען הינטער דער שטול. ער האָט זי געגלעט, געצערטלט און געשפּילט זיך מיט אירע קורצע האָר. עס האָט נישט געפעלט קיין סך דערצו, ער זאָל זי דאָ נעמען קושן פאַר קנישינסקין אין די אויגן. צי קנישינסקי האָט געוואָלט, צי ער האָט נישט געוואָלט אַוועקגיין... נעמזאַרס צערטלעכקייטן צו בעלאַן האָבן אים אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, ער האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז האַסטיק אַראָפּ פון דער וועראַנדע... ער איז דורכ־

געגאַנגען די ברעטער-גאַסן, ער האָט פאַרלאָזט דעם טאַרטאַק-פּלאַץ, געשפּרייזט, געשפּרייזט ביזן וואַלד, גיין געווען אויף דער גאַנצער וועלט און די וועלט האָט זיך דערמאָלט באַ אים פאַרקערפּערט אין איין פּערזאָן, אין דער פּערזאָן פון זיין באַלעבאָס נעמזאַר... ער איז אויף אים ווילד-בייז געווען, ווייל נעמזאַר האָט געצערטלט זיין אייגן געזעצלעך ווייב. ער האָט נישט געפילט די נאַרישקייט פון זיין כעס, ווייל די ווינטעלעך פון דער נאַכט האָבן געבושעוועט, זיי האָבן געזוכט, געפּאַרשט אויף דעם ברייטן וואַלד-וועג, צוגעלאָפן צו יענעם געדיכטן ווינקל און צו אַ צווייטס. אָבער אַרום איז שטיל געווען. עס האָט אויסגעדאַכט, אַז אַלע ווינטעלעך דרייען זיך אַרום קנישינסקין און זיי חוזקן פון אים, ווי די לצים:

— אַליין גאָר...

— איינער אַליין אין אַזאַ נאַכט...

— שעם זיך, באַגראָב זיך!...

די לבנה איז געלעגן אויף די שפּיצן פון די ביימער און געזילבערט די סכך-נאָדלען. פון ווייטן האָט זיך געלאָזט הערן דער קוויטשיקער קלאַנג פון נעמזאַרס טאַרטאַק, אַזאַ געשריי, ווי אַ ריזיקע חיה וואָלט אין וואַלד אַ פאַרוווּנדעטע געלעגן. קנישינסקי האָט געשפּרייזט האַסטיק, אָן זינען, ווי איינער, וואָס לויפט זיך אַליין באַגראָבן. ווער ווייסט, ווי ווייט ער וואָלט אַוועק אין יענער נאַכט, נאָר פּלוצלינג האָט אים אַ וואָרצל פון דער ערד פאַרטשעפּעט אַ פוס, ער איז אומגעפאַלן, זיך צעקלאַפּט און אויפגעכאַפּט זיך...

האַ! וואָס לויפט ער? און אויף וועמען איז ער אין כעס? וואָס? ער האָט זיך ווידער פאַרגעסן... ווי אַ קמצן זאַמלט געלט, אַזוי זאַמלט ער רויקייט און ווי עס קומט עפּעס אַ שטיקעלע אומגליק, אַ ביסל צעטומלעניש, נעמט ער זיין אָנגעזאַמלטע רויקייט און וואַרפט עס אַרויס, ווי שאָלעכץ פון ניס...

געשפּרייזט צוריק, שוין אַ ביסל רויקער, ווי פריער. ער האָט זיך איצט דערמאָנט דעם גאַנצן אָוונט. צוליב איר איז ער דאָרט אַזוי לאַנג געזעסן, צוליב בעלאַן. ער האָט אויפגעוועקט אין זכרון

אַלע קליינינקייטן. ווען ער האָט צו איר געזאָגט, אַז היינט איז „עפּעס אַ משוגענע נאַכט", האָט זי געענטפערט:

— מיר אַליין מאַכן די נאַכט משוגע...

„מיר אַליין". הייסט עס, זי און ער, קנישינסקי, זענען שותפים. ער האָט געפּאָרשט די ווערטער, צי זיי האָבן טאַקע אַזאַ באַדייטונג?

דערנאָך, ווען נעמזאַר איז אַוועק באַגלייטן דעם באַן־באַאמטן, האָט זי אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר נעמזאַר איז פּלוצלינג צוריקגעקומען, האָט זי דאָן קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, הייסט עס, אַז זי מיט קנישינסקין האָבן סודות... סודות, וועלכע מען באַדאַרף פון אַנדערע באַהאַלטן... ווערט אים איצט פריילעך פון אַזעלכע השערות, נאָר דאָ דערמאָנט ער זיך די סצענע פאַר זיין אַוועקגיין, ווי נעמזאַר האָט געצערטלט זיין ווייב און זיין פרייד לעשט זיך אויס...

*

שוין גאָר שפּעט. שוין באַלד קיין נאַכט נישטאָ און קנישינסקי זיצט נאָך אויף זיין הילצערנעם באַלקאָן, ער נעמט אַרום מיט זיינע אויגן די שוואַרצע וועלט, די טונקעלע שאָטנס פון די וועלדער, דעם טאַרטאַק, וואָס איז באַלויכטן מיט קליינע עלעקטרישע אויגן. דער טאַרטאַק אַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, באַטאָג און באַנאַכט. די וועלדער זענען געוואַקסן באַטאָג און באַנאַכט, לאַנגזאַם געזאַמלט אויף זיך דאָס געזונטע האָלץ־פלייש און איצט אַרבעטן מענטשן באַטאָג און באַנאַכט, כדי די וועלדער אויף טימפּערישע פאַסן צו צעשניידן.

ער טראַכט איצט רויק וועגן זיך און וועגן אַנדערע. און ער קומט צום באַשלוס, אַז ער באַדאַרף וואָס גיכער אַוועקפאָרן פון דאַנען... דאָ אין וואַלד, אַרום די וועלדער, איז שווערער אַלץ איבערצוטראָגן, ווי אין שטאָט. דאָ אין וואַלד... אַרום די וועלדער, דאָ טראַכט זיך צופיל. דאָ זעט זיך צופיל און עס פילט זיך טיפער, ווייטיקלעכער. דאָרטן אין שטאָט ווערט אַן איבערלעבעניש צעקלאַפּט פון טאָג־גערויש, מען פאַרלירט זיך צווישן מיט אַלע

איבערלעבעניש אין געלויף פון גאסן־מאַרש, בײַ אַ קאַפע־טישל מיט גלײַכגילטיקע פרײַנד פרעסט מען אויך אין געמײַנע װיצן דאָס שענסטע געפיל... און עס איז גוט. מען װערט טעמפּ צו זיך און אַנדערע... און עס איז גוט. אַזוי האָט איצט געטראַכט קאַניעצפּאָלסקי און מיט אַזעלכע געדאַנקען זיך געטרייסט.

דערפאַר װײַל די נאַכט־װינטלעך זענען שוין כמעט װי פאַרשװוּנדן געװאָרן און איצט קומען שוין די קאַלטע, די ניכטערע װינטלעך פון פאַרטאָג, איבערן װאַלד איז לאַנגזאַם ליכטיק געװאָרן. די פּיראַמידעס מיט די ברעטער אויפן טאַרקאַק־פּלאַץ האָבן זיך גענומען דײַטלעכער אויסטײלן...

ניט געװען שוין קיין נאַכט און נאָך קיין טאָג אויך ניט געװען. קאַניעצפּאָלסקי איז געגאַנגען שלאָפן מיד און ליידיק. עפּעס װי אַ חלום האָט דער לעצטער פאַרגאַנגענער אָװנט באַרירט די נשמה זײַנע...

דאָס מענטשער איז געװען אָפן און עס קאָן זײַן, אַז עטלעכע פאַרשפּעטיקטע נאַכט־װינטעלעך, די פון די לעצטע, זענען אַרײַן צו אים און אָנגעזאָגט, דערמאָנט, געדרייצט אים: ס'איז פאַראַן ליבע, פאַראַן זינדיקע ליידנשאַפט און בעלאַ איז אַ שװאַכער מענטש, װי אַלע מענטשן. מען באַדאַרף זײַן דרייסטער און בעת מען גייט נגבענען גליק, באַדאַרף מען זײַן פלינק, װי אַ װילדער טיגער, און ניט קריכן, װי אַ קאַלב...

פאַרן שלאָף האָבן זיך די לעצטע נאַכט־װינטעלעך מיט אים געדרייצט, אַרויסגערופן בעלאַס געשטאַלט, איר צײַטיקן, קערנדיקן קערפּער... און דערמאָלט, װען די װינטעלעך צוריבערן, האָט ער, דער מענטש, ניט אין זײַן רשות קיין מיטל קעגן זיי...

פאַרן שלאָף האָט קאַניעצפּאָלסקי אויפגעגעבן זײַן פּלאַן װעגן פאַרקויפן פון דאַמבראָװקע.

# XV

## פרעמדע הענט

פאַלק איז ווידער געקומען...

אומגעריכטערהייט איז ער אַראָפּגעפאַלן קיין דאָמבראָװקע... אַן אויסגעפּוצטער. אַ שרייאיק־יומטובדקער. אַראָפּגעקומען מיט װאַליזקעס און װאַליזקעלעך, מיטן מאַנאַקל אין אויג און מיט אַ... פּראָבנצויזין. אַן אמתע פּראַנצויזין, אַ לעבעדיקע, אַ שמייכלענדיקע.

— מאַדאַם אַנזשען נעמזאַר! — אַזוי האָט זי פאַלק פאָרגעשטעלט פאַר זיין ברודער און שװעגערין.

קובאַ האָט געפרעגט:

— האָסט חתונה געהאַט? קומט דיר אַ מזל־טוב... שוין לאַנג חתונה געהאַט?

— נישט לאַנג... זי געפעלט דיר

קובאַ האָט באַטראַכט דעם נייעם מיטגליד פון זיין משפּחה. ער האָט בייגיריק אָנגעקוקט די נייע „מאַדאַם נעמזאַר”: אַ שמאָל פיגורל, פון די מאָדע־זשורנאַלן. שלאַנק, בויגיק און איידל... כאָר די באַװעגונגען אַ ביסל געמאַכטע, אויסגעדרעסירטע. אַ גוט, באַװוּ פּנים, מיט גאָר קורצע שװאַרצע האָר. אַ סך גוטמוטיקייט אין די גרויסע טונקעלע אויגן, אַ סך שמייכל און סך... פאַרב אויף די ליפּן. עקסצענטריש, כמעט שרייאיק. זי האָט צוגעצויגן צו זיך און אינגאַנצן אָפּגעשטויסן אַ ביסעלע פון זיך, זי האָט גערעדט אויף

אַ צו הויך קול און צו אַלעמען זיך געלאָפּן קושן. נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל זיך קושן... אַ קלייניקייט: קרובים.

פּאַלק איז אַראָפּגעקומען, אַזוי ווי אַ פּריץ קומט אַראָפּ צו זיך אין מאַיאָנטעק אַריין. ער האָט פּאַרגעסן די אַלע רייסענישן, וואָס צווישן אים מיט זיין ברודער איז פריער פּאָרגעקומען. ער איז אַראָפּגעקומען מיט דער פּראָנצויזין און זיך ברייט איינגעאָרדנט. אַ צימער פאַר אים און אַ צימער פאַר אַנושען. ער האָט פּסדר געיאָגט און געטריבן די דינסט. דאָ קאַלט וואַסער און דאָ וואַרעם וואַסער און נאָכאַמאָל וואַסער און רייניקן די קליידער און פּוצן די שיך. וואַסילן פלעגט ער כמעט יעדן טאָג טרייבן קיין ווִיסאָקע צוליב זייער וויכטיקע ענינים... אויספרעסן אַ פּאָר הויזן, ווייל אין דאָמבראָווקע איז קיין שניידער נישט געווען און ער פלעגט אַרומשפּאַצירן איבערן טאַרטאַק־פּלאַץ אין די שטייף־געפּרעסטע הויזן. דער פּאַלק האָט זיך געקאָנט פיין קליידן, די נשמה אַריינגעלייגט אין דעם. נאָר אַלץ פלעגט אַרויסקומען בּאַ אים צו שרייאיק. ער פלעגט שפּריין מיט אַנושען און געפּלוידערט אויף פראַנצויזיש, געלאַכט אויפן קול, געלאַכט און געווען גוט געשטימט... די טעג זענען געווען ליכטיקע, די זון האָט געגעבן יעדן מוט און שטימונג, נאָר דערביי האָבן אַלע איבעריקע געאַרבעט, איין פּאַלק פלעגט זיך פּוצן ביז אַ האַלבן טאָג און דעם צווייטן האַלבן טאָג פלעגט ער פראַנטעווען אין דאָמבראָווקע און אַרומשפּאַצירן מיט זיין אַנושען. זי, די שמאָלע פראַנצויזין, איז פון אַלץ געווען איבערראַשט, פּונקט ווי זי וואָלט דאָ אַריינגעפאַלן אין אַ ווילד עקזאָטיש לאַנד. זי פלעגט זיך אָפּשטעלן בּאַם טאַרטאַק, בּאַ די ברעטער, בּאַ יעדער מאַשין און אומעטום פלעגט זי איבערראַשט ווערן פון געוויינלעכע קלייניקייטן און שטענדיק פרעגן:

— קעס קע־סע?

ראַבינאָוויטש מיט די איבעריקע פון קאַנטאָר פלעגן זיך חיצלען:

— וואָס קעזקעזעוועט זי אַזוי פיל?

— וואָס באָנזשורעוועט זי אַזוי פיל?

זי פלעגט שפּריין געאָרעמט מיט פּאַלקן, געטוליעט זיך צו

אים פאַר אַלעמען אין די אויגן, צופיל האָט זיך דאָס פּאָרל גע־צערטלט... ראַבינאָוויטשן פלעגט עס שטאַרק פאַרדריסן און וואַסילן אויך. מען האָט זיי אויפן טאַ־טאַק־פּלאַץ נישט זייער שטאַרק ליב געהאַט. אָבער זיי איז דאָס ווייניק אָנגעגאַנגען. ווי די יחסנים האָבן זיי זיך געפילט, ווי די אמתע באַלעבאַטים. זיי זענען דאָך באַ זיך אין מאַיאָנטעק...

אָט קוקט זי זיך אַרום, אַנזשען, זי באַטראַכט דעם גאַנצן פּלאַץ מיט אַלע ברעטער, מיט אַלע בנינים, די שאָפעס פון טאַ־טאַק, די סמאָליאַרניע, זי באַטראַכט עס מיט שטאָלץ, מיט פרייד.

און באַ פאַלקן פרעגט זי:

— טו כלאַ כע נאָטר? דאָס איז אַלץ אונזערס? האַ? פאַלק...

— אוי, מאַ פּטיט...

ווייזט אויס, אַז ער האָט שוין פריער איר איינגערעדט, אַז ער האָט אין פוילן אַזאַ פאַרמעגן. יאָ, אַלץ איז זייערס, נאָר דעם פאַלקן איז אפילו נישט איינגעפאַלן צו פרעגן אַמאָל באַ זיין ברו־דער, ווי די געשעפטן גייען. דאָ האָבן מענטשן געאַרבעט, מיט ערנסט און מיט פלייס געאַרבעט. נאָך אַזאַ איינגעגעבענעם ווינטער האָט מען אויך געמוזט דעם זומער גוט אויסנוצן. עס האָט זיך גע־פירט אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ מיט די אויסלענדישע פירמעס, עס זענען שטענדיק געקומען נייע באַשטעלונגען און נייע סוחרים, די פּיראַמידן מיט די ברעטער זענען געוואַקסן, שוין באַלד קיין פּלאַץ נישט געווען, וווּ ברעטער צו לייגן.

ס'איז געווען אַ גוטער ווינטער און דער זומער האָט זיך אויך גוט אָנגעהויבן. נעמזאַרס גלייכגעוויכט האָט זיך איינגעשטעלט אינײַנעם מיט די הייס־וואַרעמע טעג. קיין זאַך האָט אים איצט נישט געערגערט. בעלאַ איז געווען רויק, די קינדער זענען געזונט און די געשעפטן גייען נישט שלעכט...

נאָר פאַלק איז געקומען. זיין ברודער פאַלק האָט צו־געבראַכט קיין דאָמבראָווקע אַ פּראָנצויזין.

ער איז אַ ליגנער, זיין ברודער.

ער האָט דערציילט, באַלד ווי ער איז געקומען קיין דאָמ־ברָווקע, אַז ער האָט מיט דער פראַנצויזין חתונה געהאַט... ס'איז אַ ליגנט.

די אַנושען, ווען זי האָט זיך אַ ביסל צערעדט מיט בעלאַן... די אַנושען האָט אַ צו לאַנגע צונג און זי האָט אויסגעזאָגט, אַז פּאַלק האָט איר בלויז צוגעזאָגט חתונה צו האָבן מיט איר. זי איז פריער געווען אַ מאָדעל אין אַ גרויסער פירמע פון דאַמען־קליי־דער, זי האָט דאָרט גוט פאַרדינט, ווייל איר פיגור איז זייער אַ פּאַסנדע. נאָר צופעליק האָט זי זיך באַקענט מיט פּאַלקן... זיי לעבן שוין אַ יאָר צוזאַמען, איצט, ווען דאָס געלט איז זיי אויסגעגאַנ־גען, האָט פּאַלק באַשלאָסן אַרײַנצופאָרן מיט איר קיין פּוילן, ער איל פאַרקויפן די טייל ירושה...

— וועלכע ירושה? — האָט בעלאַ געפרעגט:

אַנושען האָט אָנגעוויזן אויף דעם טאַרטאַק־פּלאַץ:

— אָט דאָס אַלץ איז דאָך אונזערס. פּאַלק האָט גע־זאָגט. . .

פון אַזאַ געשפרעך האָט זיך באַלד דערוווּסט קובאַ:

— דער שאַרלאַטאַן וועט מיך פון געדולד אַרויסברענגען.

אָבער כּל־זמן פּאַלק האָט געשוויגן, האָט זיך אויך קובאַ נישט אָנגערופן, נאָר אַ כעס, אַ בייזקייט האָט ער געטראָגן אויפן יינגערן ברודער. בײַ דער ערשטער געלעגנהייט וועט ער אויסשיסן.

דאָס פּאָרל: פּאַלק און אַנושען האָבן ענג געמאַכט דאָס לעבן בײַ די גענזאַרס... זיי זענען פּשוט געווען איבעריק, ווייל מענטשן, וואָס גיבן גאַרנישט, מענטשן, וואָס זאָגן ליגנס, זענען שטענדיק אי־בעריק. בעלאַ האָט זיך צום אָנהייב דערפרייט, ווען פּאַלק האָט אַראָפּגעבראַכט זיין אַנושען, זי וועט האָבן אַ חברטע, נאָר באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז נישט פּאַר בעלאַן. אַנושען איז געווען נאַיוו, אָבער אין דער זעלבער צייט אַ שיין ביסעלע פאַר־דאָרבן און אַ ביסעלע וווּלגאַר... זי האָט אָפּגעשטויסן בעלאַן, ווען זי פלעגט רעדן וועגן פרויען־זאַכן, וועגן די אינטימע מאָמענטן פון איר ליבע צו פּאַלקן. זי איז געווען ביליק אין איר אָפנהאַר־ציקייט. בעלאַ האָט צו אַנושען אַלץ הייניקער איצט אַרויסגעוויזן

פריינדשאַפט, כאָטש די מענטשן זענען געזעסן בא איין טיש און געשלאָפן אונטער איין דאַך. מען איז געוואָרן אָנגעצויגן איינער אויף דעם צווייטן. פאַלק האָט אָנגעהויבן צו זיין חוצפהדיקער. צו די מענטשן פון טאַרטאַק האָט ער גערעדט:

— כ׳וועל מיין ברודער איינגיכן פאַרקאָכן אַ קאַשע! אין געריכט וועל איך אים אָנקלאָגן, יאָ, אין געריכט... ער האָט דאָך מיך באַגנבעט...

— וואָס הייסט באַגנבעט?

— די ירושה, איך וויל מיין טייל...

— אָבער די באָלשעוויקעס האָבן דאָך אַלץ צוגענומען, אַלע ווייסן דאָס.

— ס׳איז נישט מיין זאַך. כ׳וועל נעמען אַדוואָקאַטן...

דידאָזיקע געשפּרעכן זענען אויך צו קובאַן דערגאַנגען. ער האָט פון דעם געליטן, ער האָט דערזעען, אַז דער ברודער זיינער וויל איצט פרעסן פון אים געלט מיט סקאַנדאַל, דאָס האָט אים מער באַליידיקט, ווי געשראָקן. באַליידיקט, ווייל ס׳איז זיין ברודער, ווער ווייסט צו וועלכע חרפּות ער וועט אים נאָך ברענגען. דערווייל האָט קובא געשוויגן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט קיין סקאַנדאַל.

אין די טעג, ווען די זון האָט געבאַקן די ברעטער און אַרויסגעצויגן פון זיי דאָס לעצטע ביסל וואַלד-זאַפט. ווען די פּע-כיקע סענקעס האָבן זיך געפּרעגלט פון די הייסע שטראַלן, אין די טעג, ווען אַלע האָבן געוויסנהאַפט געאַרבעט, איז זיך אַרומגעגאַנגען דער פּוסט-און-פּאַסטניק פאַלק און געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו דערהרגענען די צייט און ווי אַזוי אויפצורייצן זיין ברודער קובאַ, כדי יענער זאָל געבן געלט...

אָן קובאַס וויסן האָט פאַלק איינמאָל אַרויסגעפירט פון „סטאַי-נע" צוויי געזונטע לאַסט-פערד און זיי אויסגעביטן בא אַ שכן, אַ פּריץ, אויף אַ דינפּיטיק רייט-פערד. איצט זענען שוין געווען צוויי רייט-פערד...

איינס פאַר פאַלקן.

און איינס פאַר אַנושען...

מען פלעגט זיך אויספוצן און ארומרייטן אין דער גאנצער געגנט. מען פלעגט שטענדיק מאטערן דעם וואסיל:

— זאטל אן די פערד!

— זאטל אויס די פערד!

ער פלעגט פאלגן, אבער דערביי פלעגט ער שעלטן מיט שטומע קללות. פאר אזעלכע ליידיקגייערס האט ער געהאט טויט־לעכע קללות... ער פלעגט שעלטן מיט א האלב מויל, אבער דער־פאר מיטן גאנצן הארץ. ווען מען לאזט אים, דעם וואסיל, וואלט ער געכאפט דעם ערשטן דראנג און דאס פראנצויזישע פארל פאר־יאגט פינדאנען...

דאס ארומרייטן האט פאלקן מיט זיין אנזשען סוף־כל־סוף דערעסן.

אנזשען פלעגט זיך באקלאגן, אז עס איז איר שוין לאנגווייליק, זי וויל שוין צוריק קיין פאריז. און פאלקן איז פלוצלינג די באגייסטערונג באפאלן.

ער האט זיך גענומען צום מאלברעט.

ער פלעגט אוועקגיין מיט אנזשען אין וואלד אריין...

דער וואלד איז געווען די דעקאראציע...

אנזשען דער מאדעל.

אנזשען... נאקעטערהייט.

די אלע ארבעטער, אלע מענטשן פון טארטאק, האבן זיך דערוווסט, אז אין וואלד שפאצירט ארום א נאקעטע נקבה. איינער דעם צווייטן האט עס איבערגעגעבן און איינער פון צווייטן פלעגט זיך אפגנבענען און לויפן כאפן א קוק. דער נאענטער וואלד האט איצט אלעמען געדרייצט, כמעט אלעמען, ווייל ראבינאוויטש האט נאך וועגן דעם נישט געוווסט, קנישינסקי האט נישט געוווסט און די נעמוזארס — אויך נישט. א סך מענטשן פון טארטאק פלעגן אפווארטן די רגע, ווען אנזשען מיט פאלקן פלעגן אין וואלד אוועק־גיין... מען פלעגט זיך גנבענען הינטער דיביימער און דערנאך קומען צוריק און איבערגעבן:

— זי שטייט אינגאנצן נאקעט.

— איין האנט האלט זי אויפן קאפ...

— און דער קאָפּ איז אַרומגעזיימט מיט גרינע בלעטער...

— משוגעים זענען זיי.

— אָבער זי איז אינגאַנצן נאַקעט...

— כי, כי, כי...

ביז דאָס איז דערגאַנגען צו ראַבינאָוויטשן און פון ראַבינאָוויטשן צו נעמזאָרן. נעמזאָר האָט געשמייכלט, ווען ער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט:

— דאָס איז קונסט, איר פאַרשטייט! מיין ברודער איז אַ קינסטלער פון לייַדיקייט.

דערנאָך, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט פאַלקן, איז ער צו אים צוגעשטאַנען:

— הער זיך איין, פאַלק! אויב דו האָסט שוין יאָ געמאַכט פון וואַלד אַן אַטעליע, פאַררוקט מען זיך אַ ביסל טיפער, דיין אַנזשען זאָל פאַזירן פאַר דיר אַליין, נישט פאַר אַלעמען...

— מיש זיך נישט, ס'איז נישט דיין זאַך.

— און איך זאָג דיר, אַז אויב די קונסט דיינע פאָדערט עס, קאָנסטו דאָך דאָס מאַכן אַ ביסל מער דיסקרעט...

— איך פרעג נישט באַ דיר...

— איך לערן דיך נישט. ס'איז טאַקע נישט מיין זאַך, נאָר די מענטשן זענען דאָ פּשוטע, זיי זענען נאָך נישט אַזוי פריי, זיי זאָלן דאָס פאַרשטיין... פאַר זיי איז די נאַקעטקייט פון אַנזשען אַן אויפרעגונג, אַ דעמאָראַליזאַציע. מען אַנטלויפט פון דער אַרבעט און מען גנבעט זיך צום וועלדל, איך וויל דאָס נישט...

— דו ביסט אַ קליינבירגער. אַ פיליסטער...

נעמזאָר האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט אויפן קול:

— דו אויך מיט קליינבירגער? מילא, דיין ברודער איסאַק, ער באַצאָלט עפּעס דערפאַר, ער גיט אָפּ זיין לעבן פאַר אַ נייעם מענטש און אַ נייער וועלט, ווי ער רופט עס... אָבער דו, דו נאַרישער נאַכמאַכער, דו... פאָע פון קאָפּ ביז די פיס...

פאַלק האָט מער נישט אויסגעהאַלטן:

— ביסט אַ גראָבער מענטש, לעבסט דאָ מיט די כאַמעס און ביסט אַליין אַ כאַם געוואָרן.

די ברידער האָבן זיך געוואָרטן איינער אויפן צווייטן, מען האָט זיי קוים פונאַנדערגעריסן.

עטלעכע טעג האָט מען געשוויגן, נישט נאָר קובא און נישט נאָר פאַלק האָט געשוויגן, די גאַנצע קאַנטאָר, אַלע געמזירס מענטשן האָבן ווייניקער גערעדט. צוליב דעם סכסוך צווישן די צוויי ברידער איז אַ דאָמבראָוועקע שווער די לופט געוואָרן. קובא האָט זיך געשעמט [illegible], ברודער, פאַר זיך אַליין, ער האָט זיך געוואָרפן מיט די הענט אויף פאַלקן... ווי קומט עס צו אים? ווו איז זיין געדולד און זיין אַלטע אויסגעהאַלטנקייט?

*

פאַלק האָט געפאָדערט געלט. גערעדט וועגן אַ פּראָצעס, וואָס ער וויל פאַרפירן קעגן קובאַן. די אַלטע געשיכטע וועגן דער ירושה.

קובאַ האָט געוווסט וועגן דעם פון בעלאַן, וועלכע האָט זיך כסדר באַמיט, עס זאָל מער צו קיין סקאַנדאַל צווישן די צוויי ברידער נישט קומען. בעלאַ איז געווען די פאַרמיטלערין:

— זאָג, וואָס ווילסטו פון אים? — פלעגט צושטיין בעלאַ צו פאַלקן.

— אַ העלפט פון זיין פאַרמעגן, דאָס איז אַלץ דעם טאַטנס... הע! מיט מיר וועט אים אַזוי לייכט נישט אָנקומען, איך בין נישט איסאַק...

— ווי קומט דאָ איסאַק?

— איך ווייס, איך פאַרשטיי אים, דיין מאַן. ער וויל אונז ביידן אַרויסיאָגן פונדאַנען, מיך מיט איסאַקן. טאָמער וועלן מיר פאָדערן, וואָס אונז קומט. מיט איסאַקן וועט זיך אים דאָס איינגעבן, מיט מיר וועט דאָס אַזוי לייכט נישט גיין...

בעלאַ האָט געליטן פון אַזעלכע ווערטער. זי פלעגט נישט רעאַגירן מער. מיט אַ מענטש, וואָס לאָזט זיך אויף אַזעלכע דרכים, מיט אַזאַ איינעם האָט זי נישט וואָס צו רעדן, פלעגט זי פאַרשווייגן די בייזע רכילות און זיך ווענדן צו קובאַן:

— מאַך אַ סוף מיט אים, גיב אים געלט, זאָל ער גיין פּוּ־דאַנען, איך האָב אים שוין פּיינט.

קובאַ האָט זיך סוף־כּל־סוף דעצידירט.

— גוט ! זאָג אים, אַז איך וועל אים געבן געלט, ער וועט קריגן בּאַ מיר אַ גרעסערע סומע, נאָר ער וועט מיר מוזן אונטער־שרייבן אַן אָפיציעל פּאַפּיר בּאַ אַ וואַרשעווער רעיענט, אַז ער האָט מער צו מיר נישט קיין פּרעטענזיע. אין אַזאַ פּאַפּיר וועט מוזן זיין געשריבן, אַז דער דאָמבּראָווקער טאַרטאַק געהערט צו מיר, צו קובאַ נעמזאַר, אַז אונזער פאָטערס פאַרמעגן איז פאַרבּליבן בּאַ די באָלשעוויקעס, אין אַזאַ פּאַפּיר וועט אויך מוזן זיין געשריבן, אַז אַן מיין דערלויבּניש טאָר ער קיין דאָמבּראָווקע נישט קומען.

בעלאַ האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף קובאַן :

— אפשר צו שטרענג אַ ביסל, קובאַ, דער לעצטער פּונקט...

— האָב נישט קיין מורא, בעלאַ ! ער וועט נאָך קומען צו מיר, ער וועט נאָך געלט בּאַקומען פון מיר, אַזעלכע ווי פּאַלק בּאַליידיקן זיך נישט, אַזעלכע, וואָס שטעלן זיך פאַר זייער ציל צו לעבן פון יענעמס אַרבּעט, זיי בּאַליידיקן זיך נישט. ער וועט נאָך קומען, ער וועט קריכן און בעטלען, ער וועט דראָען, אַז ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען, אַזעלכע ווי פּאַלק... פאַר זיי מוז מען האָבן אַ בייטש און אַזאַ פּאַפּיר וועט אים דאָך אַ ביסל אָפּהאַלטן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער, ווען מען איז שוין מיט בעלאַס הילף דורכגעקומען וועגן דער סומע, האָט קובאַ זיך אָנגערופן צו בעלאַן :

— דו זאָגסט, אַז ער איז איינשטימיק, איז גוט. דאָס געלט וועט ער באַקומען אין וואַרשע, נאָכדעם ווי ער וועט דאָס פּאַפּיר אונטערשרייבן. זאָג אים, אַז מאָרגן פרי פאָרן מיר אַרויס, און זאָל ער מיטנעמען אַלע זיינע וואַליזעס און וואַליזקעלעך, זאָג אים, אַז ער זאָל צונויפקלויבן זיינע הונדערט קראַוואַטן און גוט זיי איינ־פּאַקן, און אויך די פּראָגנאָזן זאָל ער מיטנעמען... פון וואַרשע

וועט ער פאָרן קיין פּאַריז און מיך לאָזן צורו, איך בין שוין מיד פון אים...

בעלאַ האָט פאַרלאַנגט, אַז דאָס לעצטע מיטאָג זאָלן די ברי־דער עסן צוזאַמען. און זי האָט אויסגעפירט. זיי האָבן זיך איבער־געבעטן.

אינדערפרי האָט וואַסיל געטראָגן צום וואָקזאַל פּאַלקס לע־דערנע וואַליזקעס. דער אַלטער האָט געבורטשעט:

— וואָס פיסטער דער מענטש איז, אַלץ מער טשעמאָדאַנעס האָט ער. מיין געוועזענער קאַפּיטאַן, אַזאַ ענערגישער מענטש, פלעגט שטענדיק האָבן מיט זיך איין וואַליזע, די גרויסע דייטשע סוחרים, ווען זיי קומען דאָ אַראָפּ קיין דאָמבראָווקע, ברענגען זיי מיט אַזאַ קליינעם באַגאַזש און אַזאַ פּוסטע „טאַראַטאַיקע" שלעפּט מיט זיך אַזוי פיל קאַסטנס און קעסטעלעך...

די פּראָנצויזין אַנושען, פּאַלק און קובאַ, די אַלע דריי זענען צוזאַמען קיין וואַרשע אַוועקגעפאָרן. קובאַ האָט צוגעזאָגט צו קו־מען אין אַ צען טעג אַרום, פון וואַרשע וועט ער נאָך צופאָרן קיין דאַנציג...

ער איז אַוועקגעפאָרן און איבערגעלאָזט דאָמבראָווקע אַ פאַר־גאַסענע מיט זון. ער האָט דאָ איבערגעלאָזט הונדערטער מענטשן, וועלכע אַרבעטן אין זיין טאַרטאַק און אין זיינע וועלדער, אַ גע־טריי, שטאַלץ ווייב איבערגעלאָזט מיט צוויי יונגע קינדער, צוויי דרייסטע יונגעלעך, וועלכע זענען געוואַקסן און געבליט אין דעם ליכטיקן טאָל צווישן די וועלדער...

פאַרן אַוועקפאָרן אָנגעזאָגט ראַבינאָוויטשן, ער זאָל אויף אַלץ דיגן אַכטונג געבן.

און קנישינסקין אויך געבעטן, ער זאָל צוהעלפן ראַבינאָוויטשן און ביידע צוזאַמען זאָלן זעען, אַז דאָמבראָווקע זאָל בלייבן... דאָמבראָווקע.

אָבער ווען קנישינסקי איז צוריק פון וואָקזאַל געגאַנגען, געגאַנגען צוריק מיט בעלאַן, מיט די קינדער, ווען דער צוג איז שוין ווייט געווען, האָט קנישינסקי אַ טראַכט געטון מיט אַ שרע־קיקער פרייד:

„אויף צען טעג איז ער אוועקגעפאָרן", און צו בעלאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— דאָ וועט איצט בא אייך זיין לאַנגווייליק אַ ביסל, פאָלק מיט דער פּראָנצווידזין האָבן דאָך אַ ביסל געטומלט, איצט איז ליי־דיקער געוואָרן אין דאָמבראָווקע...

בעלאַ האָט געענטפערט:

— זאָלן זיי פאָרן, אַזוי פיל פיין, וויפיל דער פאָלק האָט דאָ געבראַכט... קובאַ האָט עס אויסגעקרעכצט, מיר ווילן דאָ האָבן געסט, ט'איז פריילעכער, אָבער אַזאַ גאַסט, ווי פאָלק, וועלכער שרייט כסדר:

— געלט! דאָס אַלץ איז מיינס, מיין ירושה, געלט, געלט! מען קאָן משוגע ווערן פון אַזאַ איינעם.

קנישינסקי איז אַוועק צו זיין אַרבעט און בעלאַ מיט די קינ־דער — אַהיים. פאָרן אַוועקגיין האָט זי אים פאַרבעטן אויף מיטאָג...

און...

אין דידאָזיקע צען טעג, וואָס קובאַ איז געווען אין דער פרעמד, האָט קנישינסקי מער פאַרבראַכט אין געמזאַרס הויז, ווי אויפן טאַרטאַק־פּלאַץ. מיט בעלאַן בא מיטאָג, מיט בעלאַן אין אָוונט אויף דער וועראַנדע. ער האָט פאַר דער צייט אויסגערעדט מיט איר מער, ווי פאַר דעם גאַנצן יאָר פון זייער באַקאַנטשאַפט, דער־ציילט, פאַרטרויט זיך און געפאָדערט מיט בליקן, מיט האַלבע און גאַנצע ווערטער, געפאָדערט באַרויקונג, טרייסט, ליבע:

— שוין אַ יאָר צייט, ווי איר האָט מיך דאָ צוגעשמידט צו דער דאָמבראָווקע, איך וואָלט שוין לאַנג אוועק פונדאַנען און טאַקע צוליב אייך האָב איך שוין אויך געוואָלט אוועקגיין, טויזנטער מאָל געוואָלט אַוועקגיין און קיין איין מאָל האָט זיך דאָס מיר נישט איינגעגעבן...

זיי זענען נישט איינמאָל געזעסן נאָענט אייגער פון צווייטן, נאָר זי איז געווען פאַרזיכטיק מיט ווערטער, פאַרזיכטיק מיט אַ באַוועגונג, מיט אַ בליק און קנישינסקי האָט עס באַמערקט. ער האָט נישט איינמאָל געכאַפּט איר בליק, וועלכן זי האָט אויף אים גע־

האָרפּן און באַלד צוריק זיך געצויגן... זומערדיקע טונקעלע אָוונטן. ביז שפּעט אין דער נאַכט פּלעגן זיי זיצן אויף דער וועראַנדע... דאָ הינטער די ווענט שלאָפן אירע קינדער, דאָ דרייט זיך אַרום די דינסט און פון צייט־צו־צייט גייט פאַרביי וואַסיל און וואַרפט בליקן אויף דער באַלויכטענער וועראַנדע, דער וואַסיל האָט זיי געהיטן, געפּאַרשט...

קנישינסקי וואָלט וועלן זי צונעמען פונדאַנען, אַוועקגיין פונדאַנען, אַוועקגיין מיט איר אַ ביסעלע ווייטער פון טאַרטאַק־פּלאַץ. אין וואַלד, אין פינצטערן וואַלד אַריין, דאָרטן וועט ער האָבן מוט אַ געשריי צו טון:

— זיי מיינע! איך בין שוין קראַנק פון דעמדאָזיקן יאָר... זיי מיינע!

ער פּלעגט עס פּאָרזיכטיק פאָרלייגן:

- אפשר וועלן מיר גיין אַ ביסל פונדאַנען?

— וווהין?

— דורכגיין זיך אַ ביסל... צום וואַלד...

— ניין! קנישינסקי... שוין שפּעט. איך בין רויקער, ווען איך בין לעבן די קינדער, זיי שלאָפן דאָרט אַליין.

און דאָך איז זי געגאַנגען...

ווי אַזוי איז דאָס געשען? קנישינסקי האָט ווידער פאָרגע־לייגט און זי האָט איינגעשטימט.

אפשר דערפאַר, ווייל מאָרגן האָט שוין געמזאַר באַדאַרפט אַראָפּקומען צוריק פון דאַנציג? אַזוי האָט ער באַטאָג טעלעפאָנירט. אפשר האָבן די ווינטעלעך פון אַ זומער־נאַכט צוגערעדט צו דעם? די ווינטעלעך, די פאַררעטערס, איידער זיי קומען צו אַ מענטש, קושן זיי זיך פריער מיט מיליאָנען בלומען, זיי טרינקען זיך אָן מיט בלומען־טוי און זיי פאַרשיכורן די, וועלכע טאָרן נישט שיכורן, די, וועלכע האָבן פליכטן.

בעלאַ איז געגאַנגען מיט קנישינסקין זיך דורכשפּאַצירן, זיי האָבן געשפּרייזט אויפן וועג צום וואַלד. אַ פינצטערע נאַכט, נאָר די שטערן האָבן דעם וועג קוים־קוים באַלויכטן... קנישינסקי האָט זי אונטערן אָרעם געהאַלטן... ער האָט מורא געהאַט אַ סך צו

רעדן, טאָמער װעט ער מיט אַ װאָרט דעם לאַנג געװוּנשענעם שפּאַציר קאַליע מאַכן... ער האָט באַטראַכט בעלאַס איינשטימיק״ע צוזעקצוגיין מיט אים באַנאַכט אין װאַלד, פאַר איר קאַפּיטולאַציע. דאָס איז איר ענטפער אויף זיינע װערטער צו איר, אויף זיין בענקשאַפט, אויף זיין ליבע... נאָר רעדן װעגן דעם טאָר מען נישט. אַז מען רעדט, קאָן מען זיך דעררעדן דערצו, אַז דאָס איז אַ גרויסער אומזין פון איר זייט, װאָס זי איז מיט אים אין װאַלד אַװעק...

— מיר שװייגן ביידע, — האָט זי די ערשטע אַרויסגערעדט און ער האָט געענטפערט:

— אַזוי פיל שװייגעניש טרייבט פון װאַלד... דאָס װירקט.

ער האָט טיפער זיין האַנט באַהאַלטן אונטער איר אָרעם, אַלץ פעסטער זי אַנגעהאַלטן, פּונקט װי ער װאָלט װעלן צו ביסלעכװייז איר קערפּער פאַרכאַפּן, אַריינכאַפּן אין זיינע הענט, זי זאָל נישט באַמערקן, זי זאָל נישט דערפילן, װי ער דערנענטערט זיך צו איר...

זיי האָבן גענומען רעדן װעגן לייטיקע זאַכן, דאַכט זיך, גאָר װעגן װאַלד, װעגן נעמזאַרס געשעפטן, דערביי האָט אָבער קנישינסקי צוגעטראָגן איר האַנט צו זיינע ליפּן:

— מען מעג אַ קוש טון?..

זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט, שטיל אָנגעשראָקן און עפּעס אַזוי מאָדנע צוריקגעהאַלטן:

— די דערװאַקסענע מעגער זענען אַזוי װי די יונגע ייִנגלעך „מען מעג אַ קוש טון?״ קושט!

ער האָט געקושט איר האַנט און דערביי נענטער צוגעצויגן איר קערפּער צו זיך, זי האָט אים נישט אָפּגעשטויסן, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט זי זיך באַפרייט, באַפרייט פון אים, אויף אַ טריט זיך אָפּגערוקט פון אים.

- איר זענט בייז אויף מיר? — האָט ער געפרעגט.

— ניין! איך װילט דאָך גיין שפּאַצירן... נו? טאָ לאָמיר שפּאַצירן!

זיי זענען שוין געווען גענוג ווייט פון טאָרטאַק און די שניידער־מעסערס האָבן געשריגן פון ווייטן, אַריינגעשריגן אין דער נאַכט אַריין, עפּעס דערמאָנט, געדראָט און געשראָקן...

זי האָט געזאָגט:

— מיין מאַן האָט דאָ אוועקגעשטעלט מאַשינען און זיי צע־שניידן די שטילקייט פון דער נאַכט. ער האָט אָבער נישט געוואָלט רעדן איצט פון „איר מאַן און פון זיינע מאַשינען". מען פאָר אים איצט נישט דערמאָנען, דעם קבֿא נעמזאַר, ער איז נישטאָ, ער איז נישט געווען, ער וועט נישט זיין. ס'איז בלויז דאָ דער וואַלד, דער שוואַרצער וואַלד, זיי שטייען בײַ זיין שוועל. דאָ איז נאָך פאַראַן עטוואָס ליכט פון די שטערן, נאָר אינעווייניק צווישן די ביימער איז פינצטער, מען קאָן ווייטער נישט שפּריין.

זיי זענען געשטאַנען לעבן אַ בוים, לעבן ערשטן בעסטן בוים... עפּעס גערעדט, אָנגעהויבן איינס און נישט דערענדיקט און דאָס צווייטע אויך נישט געענדיקט. ער האָט געהאַלטן איר האַנט, ביידע הענט, ער האָט אירע האָר געגלעט און דערביי אויך אָנגע־רירט איר שטערן... זי האָט עפּעס יאָ רעאַגירט, אַראָפּגענומען לאַנג־זאַם זיין האַנט פון איר קאָפּ, אָבער אין איר רעאַגירן איז געווען אונטערטעניקייט, פריינטשאַפט, גוטמוטיקייט און צאַרטע נאָכ־טיקייט. . .

ער האָט דערפילט איר אונטערטעניקייט... אַנדערש, וואָלט ער נישט צוגעפאַלן מיט זיין גאַנצן קערפּער צו איר. צוגעפאַלן, אַרומגענומען און אָנגעהויבן קושן, ווי אַ ווילדער, איינגעביסן זיך מיט די ציין אין אירע ליפּן און אַרויסגעמורמלט, פאַרשטיקט אויס־גערופן איר נאָמען:

— בעלאַ...

ער האָט דערפילט אירע ליפּן, בעת ער האָט איר האַלז גע־קושט, האָט זי מיט די ליפּן געקושט זיין קאָפּ, זיינע אויגן, אירע הענט האָבן אים אַרומגעכאַפּט, ער האָט עס געפילט, ער האָט עס שטאַרק געפילט...

איין מאָמענט...

ער האָט מיט זיינע צעפלאַמטע כּוחות געצוואונגען זי ציען צו

דער ערד, צו דער שווארצער פרעמדער ערד, אין דער טונקעלער נאכט, וואס די שטערן האבן זיך באמיט צו באלייכטן...

א גרויסער פון איר זייט. עפעס האט זיך אויפגעוועקט אין איר... פרעמדס, פרעמדס און דאס פרעמדע האט זיך באמיט מיט האסטיקייט, מיט שרעק און צארן ארויסצורייסן זיך פון זיינע הענט. ער איז ווילד געווען, שטארק פון ווילדקייט, נאר זי האט זיך געריסן פון זיינע הענט און ער האט דערהערט א געשריי פון איר, א באפעל:

— לאזט מיך אפ! די רגע...

אין זיין צעהיצטן קאפ, אין זיין נשמה איז דער געשריי אריין. ער האט זי אפגעלאזט און איידער ער איז צו זיך געקומען, האט ער שוין באמערקט, אז בעלא איז נישטא לעבן אים... זי לויפט, זי אנטלויפט פון אים, האט ער זי גענומען נאכיאגן, אין דער פינצטער, אין דער נאכט. אנגעיאגט און אויסגעשריגן צעטומלט, פארלוירן:

— בעלא! כ'בעט איך, בלייבט שטיין!

זי האט זיך אויף א רגע פארהאלטן.

— לויפט מיר נישט נאך, קיין טריט נישט! איך פאדער עס.

איז ער געבליבן אויף זיין פלאץ און זי איז מהעק פארוויס, פארויס... צום טארטאק, אהין פונוואנען דער רויש פון גאטאר איז געגאנגען, פונוואנען די עלעקטרישע לאמפן האבן געשיקט סנאפעס ליכט אין אזעלכע שווארצע וואלד-טאלן. זי איז שוין נישט געווען לעבן וואלד, עפעס איז די נאכט-וועלט לײדיק געווארן... אן הארץ און אן זין איז די וועלט געבליבן...

מיט לאנגזאמע, אונטערגעבראכענע טריט איז קנישינסקי צוריקגעגאנגען. אים האט זיך אויסגעדאכט, אז די וועלדער, די שווארצע פון ביידע זייטן, רוקן זיך צונויף און נעמען אים אריין אין א שטייפער צוואנג. די לופט, די נאכט, די שטילקייט פון ארום, אלץ האט אים געדריקט. ער האט נישט געוווסט, ווי אזוי זיך צו ראטעווען אין דער רגע פון דער טעמפער חרפה, וועלכע האט ארומגענומען זיין נשמה... ווי און צו ער זאל זוכן

אַ בּאַרויקונג ?.. ער האָט זי געפילט כּסדר, און כּסדר זיך דערמאָנט ווי אַזוי זי האָט זיך געריסן פון זיינע הענט, ווי צעשראָקן און בייז זי איז אַנטלאָפן, אַזוי אַנטלויפט מען פון אַ פאַרפעסטעטן און אפשר נאָך ערגער, ווי פון אַ פאַרפעסטעטן, אַזוי אַנטלויפט מען פון אַ פרעמדן...

ער האָט געוואָלט זיך בּאַרויקן, געכאַפּט פעדעם פון זיין געדאַנקען־כאַאָס. עפּעס איז דאָ איצטער געשען מיט אים, מיט זיין שטאָלץ, מיט זיין לעבן... עפּעס בּאַדאַרף מען טון, מען מוז רעאַגירן אויף זיך אַליין, אויף דער אייגענער שוואַכקייט, מען מוז פאַרקלענערן די מפּלה און שפּרייזן מיט פעסטערע טריט.

פאַרוואָס איז זי אַנטלאָפן ? ער האָט גענומען טראַכטן וועגן בעלאַן, גענומען קאָנטראָלירן דעם גאַנג פון היינטיקן אָוונט, איבּערגעטראַכט זיינע בּאַגעגענישן מיט איר... עטוואָס זיך בּאַרויקט און געשפּרייזט צום טראָטואַר. די עלעקטרישע לאָמפּן זענען אַלץ נענטער געוואָר'ן...

קנישינסקי האָט געשפּרייזט אויף דעם זאַמדיקן וועג, דער וואַלד איז איצט גאָר שיטער אויף דעם פּלאַץ, די פינצטערנישׂ נישט אַזוי געדיכט, מען זעט דייטלעך די סילועטן פון די ביימער.

אָבּער קנישינסקי האָט גאָרנישט געזעען... נישט געזען, ווי עס דערנענטערט זיך אַ שאָטן. פון הינטן איז ווער צוגעלאָפן צו אים און אַראָפּגעלאָזט אַ שווערן שטעקן אויף זיין קאָפּ. ער האָט אַ געשריי געטון, אומגעפאַלן און גענומען קרעכצן...

דער שאָטן מיטן שטעקן האָט לאַנגזאַם אַוועקגעשפּרייזט.
דאָס איז געווען וואַסיל...

*

נעמזער איז געפאָרן אַהיים. ער האָט בּאַגעגנט דעם פרימאָרגן אין וואַגאָן. דאָרט אין וואַרשע האָט ער דערליידיקט מיטן ברודער. ער האָט אים געלט געגעבן און אַוועקגעשיקט קיין פּאַריז. צוויי ברידער פאַרמאָגט ער, איינער האָט אים פיינט, וויל ער האָט

געלט און דער צווייטער האָט אים פיינט, ווייל ער, קובאַ, וויל אים דאָס גאַנצע געלט נישט אוועקגעבן...

איצט איז ער אין וואַגאָן, ער פאָרט קיין דאָמבראָווקע צו זיין ווייב, צו זיינע קינדער, צום טאַרטאַק, צו די וועלדער, וועלכע מען דאַרף נאָך אויסהאַקן. אויף די קליינע סטאַציעס האָט ער באַגעגנט אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס און פּלאַטפאָרמעס מיט ברעטער, ער האָט דערקענט זיין סחורה. דאָס טראַנספּאָרטירט מען זיין אַרבעט צו דער גרענעץ. דאָ אין וואַגאָן האָט ער געטראַכט, געפּלאַנעוועט, ווי צו פאַרגרעסערן זיינע געשעפטן. דער זומער רוקט זיך, מען באַדאַרף זיך שוין באַווייזן בא בראַניצקין, מען באַדאַרף זיך באַגעגענען מיט קאָסטעניצקין... וואַלד, מען מוז קויפן נייעם וואַלד.

און אָט איז שוין דאָמבראָווקע. נאָך איידער דער צוג האָט זיך צו דעם קליינעם סטאַציעלע דערנענטערט, האָט ער שוין פון ווייטן באַמערקט דעם קוימען פון זיין טאַרטאַק, ווי אַ ליכטיק זאַמדפעלד, האָט זיין טאַרטאַק-פּלאַץ אַ בליק געטון אויף דער זון, זיינע שטאָכן מיט די ברעטער.

האָ, האָ!

דאָמבראָווקע וואַקסט, דאָ און דאָרט זענען צוגעקומען נייע הייזלעך, ער האָט אין די געדאַנקען שטאָלצירט מיט זיין דאָמבראָווקע...

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, ער איז אַרויס פון וואַגאָן רויק, מונטער פון פרימאָרגן און פון געדאַנק, אַז באַלד וועט ער זיך זען מיט בעלאַן און זיך קושן מיט די קינדער, נאָר דאָ, אויפן קליינעם וואָקזאַל, האָט ער זיך דערוווסט אַ מאָדנע זאַך: קנישינסקין, זיין אָנגעשטעלטן, קנישינסקין האָט מען באַגינען געפונען נישט ווייט פון טאַרטאַק מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, מען האָט אים אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד געבראַכט אַהיים, מען האָט אוועקגעשיקט פערד קיין וויסאָקע, נאָך אַ דאָקטאָר האָט מען געשיקט...

און נעמזאַר האָט זיך האַסטיק געלאָזט גיין צום טאַרטאַק, דאָ האָבן אים זיינע מענטשן דערציילט דאָס זעלבע: מען האָט קנישינסקין געפונען אויף אַ העלפט וועג, צווישן וואַלד און טאַר-

טאַק. קיינער ווייסט נישט און קיינער פאַרשטייט נישט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען...

ער איז שוין אין שטוב צו זיך נישט אַריין. ער האָט גע־וואָלט דערגיין די סיבה פון דעם אָנפאַל. וועד האָט געקאָנט אויף אַזאַ קנישינסקין אָנפאַלן? ווען האָט דער מענטש געטשעפעט? ווי קומט עס? דאָ בײַ אים אין דאָמבראָווקע זאָל מען שוין מיטן לעבן נישט זיכער זיין? ער האָט אויסגעפרעגט די אַרבעטער, וועל־כע זענען בײַנאַכט די ברעטער. אפשר עמעצן געזען, אפשר עמעצן באַגעגנט? גאָרנישט, קיינער ווייסט גאָרנישט.

— און וואַסיל? ווו איז וואַסיל? ער איז דאָך דער נאַכט־שומר. ווו איז וואַסיל?

— ער שלאָפט באָך אוודאי...

איז נעמזאַר אַליין אַוועק צו וואַסילן. זיין כאַטקע איז גע־שטאַנען בײַם סאַמע ברעג פון טאַרטאַק־פּלאַץ. נעמזאַר האָט אים געפונען אין שטוב, ער איז געזעסן און געפלאָכטן אַ נעץ פאַר חיות, צי פאַר פיש...

— וואַסיל! דו האָסט היינטיקע נאַכט געהיטן דעם פּלאַץ?

וואַסיל האָט געשוויגן.

— וואָס שווייגסטו? מען האָט דאָ בײַגינען געפונען קנישינ־סקין מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, האָסטו קיינעם נישט געזען, האָסטו גאָרנישט געהערט?

ער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, ער האָט אַוועקגעוואָרפן די שטריקלעך, וואָס ער האָט אין די הענט געהאַלטן און איז צוגעגאַנגען צו נעמזאַרן:

— דאָס האָב איך אים דעם קאָפּ צעשפּאָלטן, טאַק, בּאַרין! איך, איך...

— דו? ביסט משוגע געוואָרן... פאַרוואָס? ווי קומסטו צו אים?

— זאָל ער נישט בּאַלעמוטשן קיין פרעמדע ווייבער.

נעמזאַר האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס וואַסיל רעדט, ער האָט געמיינט, אַז וואַסיל איז משוגע געוואָרן.

— וועלכע ווייבער? וואָס רעדסטו?

— אייער ווייב, בארין! אין וואלד האט ער זיך מיט אים געשלעפט, זיי האבן זיך געקושט, איך האב אליין געזעען, ס׳איז פינצטער געווען, אבער איך האב גוטע אויגן, כ׳האב אליין געזעען, אזא מערזאוויעץ! כ׳האב אים אנגעלערנט, גוט אנגעלערנט.

ער איז לאנגזאם אפגעטרעטן צוריק, דער וואסיל, און זיך ווידער געזעצט צו זיין ארבעט.

און נעמזאר...

ער איז שוין נישט געווען אין וואסילס האלב-הינטישער בודע. לופט האט אים פארפעלט. לופט, לופט... ער איז ארויסגעלאפן. אויף דעם פלאץ האט די זון געבלענדט די אויגן, די זון האט געפאטשט אין פנים מיט סנאפעס שטראלן, נאר אים האט זיך אויסגעדאכט, אז אלץ ברענט דא, זיין טארטאק ברענט, די ברעטער שטייען אין פלאמען. עס ברענט, זיין נשמה, זיין קערפער ברענט אויך...

ער האט שוין אמאל געהאט אזא געפיל: דאס איז געווען דעמאלט, ווען בעלא האט אים אין דער רוסישער תפיסה צוגעשיקט דעם סם, וואס ער האט געפאדערט. דעמאלט, ווען ער האט דעם סם איינגענומען, האט ער געפילט דאס זעלבע. עס האט אינעווייניק געשטיקט, געווארגן...

איצט האט זי אים א צווייט מאל סם איינגעגעבן, שוין אן זיין ווילן... זי מיט קנישינסקין? שרעקלעך געווען צו טראכטן. איר האט ער געגלייבט... ניין! מער ווי געגלייבט, ווייל די פראגע פון גלייבן צי נישט גלייבן איר איז גאר קיינמאל נישט ארויפגעשווומען אויף דער פלאך פון זייער צוזאמענלעבן. בעלא איז געווען א טייל, א העלפט, מער ווי א העלפט פון זיין „איך". קאפריזיש, שטאלץ און דאך אריסטאקראטיש-רויק, צוריקגעהאלטן, ווען א נויטווענדיקייט פון לעבן האט עס געפאדערט... זי האט אים פארראטן?

ווילד, ביז משוגע ווילד געווען צו טראכטן וועגן דעם — זיין אייגענע נשמה האט אים פארראטן. דאס לעבן איז אונטערגעגאנגען, די ערד האט זיך געטרייסלט. ער איז געלאפן איבערן טארטאק-פלאץ און די געדאנקען זייגע זענען אים משונהדיק נאכ־

געלאָפּן, צעריסענע און צעפּליקטע געדאַנקען, אויסגעלומפּערטע שמאַטעס, פאַרבלוטיקטע און פאַרשמוצטע...

...קנישינסקי, קנישינסקי. ער — אויך! אַלע גנבענען. אַזאַ שטרענגער צו זיך און צו אַנדערע, אַט דער לידל-שרייבער מיט די אומעטיקע אויגן, אַט דער מיט די פּרעטענזיעס צו גאָט און צו מענטשן...

נעמזאַר איז שוין געווען ווייט פון טאַרטאַק-פּלאַץ. ער האָט געטראָגן זיינע שווערע געדאַנקען און די געדאַנקען האָבן אים געטראָגן... ער איז שוין געווען באַם שמאָלן טייך, פון ווייטן האָט זיך דאָס וואַסער-געוויש אַרום מיל געלאָזט הערן, געוואָלט עמעצן פאַרשרייען, אַריינשרייען, פאַרטויבן האַרץ, געוויסן, ווייטיק... אַזוי, אַז גלך זאָל פאַרשטיינערט ווערן, פאַרגליווערט אין שטומעניש, אין גראַניט... דאָ, ווייטער פון מיל, איז דאָס וואַסער קלאָר געווען ווי ריין גלאָז, די לופט איז שטיל געווען, אַ בוים, וואָס איז נאָענט לעבן ברעג געשטאַנען, האָט זיך נישט קיין ריר געטון, און נעמזאַר האָט זיך אַליין אַ פרעג געטון: „וואָס טו איך דאָ?" פאַרוואָס בין איך אַנטלאָפן? דאָרט איז מיין היים, מיינע קינדער, מיין ווייב, מיין בע... ער האָט נישט געענדיקט זיין געדאַנק, אַ ווייטיק האָט דעם געדאַנק אַטראָפּירט, אָפּגעשטעלט און אויסגעקירעוועט אין אַן אַנדערער ריכטונג...

כדי זיך צו ראַטעווען פון משוגעת, פון זינלאָזיקייט, האָט ער גענומען טראַכטן אַנדערש: אפשר האָט וואַסיל שלעכט געהערט און שלעכט פאַרשטאַנען... פאַרוואָס איז ער נישט געגאַנגען גלייך צו בעלאַן? אויף דעם הייליקסטן פון זיין לעבן איז די ערגסטע זינד געוואָרפן געוואָרן.

צו בעלאַן גיין, צו איר אַליין. אויב זי איז פעיק געווען אים צו נאַרן, וויל ער זען, ווי זי וועט זיין פעיק אים אין די אויגן גלייך צו קוקן... צו בעלאַן, צו בעלאַן... די צוויי קורצע ווערטער האָבן אים איצט ווי אַ פויק באַגלייט, אין זיינע טריט האָט עס אָפּגעהילכט, אין דעם פולסירן פון זיין בלוט. צו איר, אָנקוקן זי, אויסהערן און איינס פון דיביידע: אָדער צוריק אַרויף אויף דיין הויך, פון וועלכער ער איז נאָר וואָס אַראָפּגעשליידערט גע-

וואַרן, אָדער אַריין אין תהום פון נישטיקייט, פון טויט, פון גאָרנישט.

ער איז צוריק געווען אויפן טאַרטאַק-פּלאַץ. זון, אַזוי פיל זון. זיינע מענטשן טראָגן ברעטער און די ברעטער זענען דורכ-געלויכטן פון די שטראַלן, אין די גרויסע שאָפּעס פון טאַרטאַק אַר-בעט מען ווי שטענדיק, די טויבן פליען אַרום. די הינט לויפן אים נאָך און ווילן זיך שפּילן מיטן באַלעבאָס. ראַבינאָוויטש קומט אים אַנטקעגן:

— דער דאָקטאָר פון וויסאָקע איז געקומען, ער איז נאָך דאָרטן בא קנישינסקין, ער האָט אים אַרומגעוואַשן די ווונד, באַנ-דאַזשירט און ער זאָגט, דער דאָקטאָר, אַז מען מוז קנישינסקין נאָך היינט אַוועקפירן קיין וואַרשע, עס איז גייטיק אַן אָפּעראַציע.

נעמזאַר ענטפערט:

— גוט, באַזאָרגט עס אַלץ!

ראַבינאָוויטש רעדט ווייטער:

— מען דאַרף צו וויסן געבן דער פּאָליציי... ווער האָט עס געקאָנט אויף אים אָנפאַלן?

— טוט, ווי איר פאַרשטייט, איך בין נישט אויסגעשלאָפן, א גאַנצע נאַכט געפאָרן, טוט, ווי איר פאַרשטייט... און ער שפּרייזט צו זיין הויז. ס'איז נאָך פרי. אין דעם קינדער-צימער פון זיין שטוב זענען שוין די לאָדנס געעפנט. בא „איר" זענען נאָך די לאָדנס פאַרמאַכט. זי שלאָפט נאָך, זי שלאָפט נאָך, זי איז רויק, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען...

ער איז אַריין אין שטוב, אַריין צו די קינדער, געקושט די קינדער. באַרקען, וועלכער האָט א געקרויזט קעפּל האָר, האָט ער איבער די געקרויזטע האָר א גלעט געטון... נאָר אים האָט געצויגן וואָס גיכער אַריינצוגיין אין „איר" צימער, אין שלאָפצימער... דאָרט וואַרט זיין אורטייל...

זי איז נאָך געלעגן אין בעט. די לאָדנס פון אויסנווייניק זענען געווען פאַרמאַכט, האָט ער אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע

ליכט, געבליבן שטיין אינמיטן צימער און געקוקט אויף בעלאַן, וועלכע האָט זיך נאַר-וואָס אויפגעכאַפּט:

— קובאַ! ביסט שוין דאָ? גוט מאָרגן! — אויסגעצויגן צו אים די נאַקעטע הענט. ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט...

— קובאַ! וואָס איז...

עפּעס האָט ער געמורמלט זאָגן, אויסשרייען, אַריינוואַרפן אַ פּונק, אַזוי, אַז אַ פּלאַם זאָל אַרומכאַפּן דאָסדאָזיקע רויקע שלאָף-צימער.

— אַן אומגליק איז דאָ היינט געשען. קאַנישינסקין האָט מען געפונען מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, נישט ווייט פון טאַרטאַק האָט מען אים געפונען.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט, אויפגעעפנט אַ פּאָר גרויסע אויגן, זי האָט איבערגעפרעגט:

— קאַנישינסקין? צעשפּאָלטן דעם קאָפּ... ווער? פאַרוואָס? ווער האָט עס געטון?

— איך ווייס ווער...

— ווער האָט עס געטון?

— וואַסיל, דאָס איז זיין אַרבעט.

— וואַסיל? ווי קומט וואַסיל צו קאַנישינסקין? וואָס האָט ער געהאַט צו אים?..

— ער האָט זיך אָנגענומען פאַר מיין כבוד... בעלאַ! דו און קאַנישינסקי! — ער האָט מער נישט געקאָנט רעדן, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון איר בעט און שטום אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיט זיין שווייגן אויסן געווען איין זאַך: זי זאָל רעדן, זי זאָל אַלץ אויפקלערן. ער... ער קאָן וועגן אַזעלכע זאַכן נישט רעדן... ער האָט בלויז געגלייבט...

זי האָט פאַרשטאַנען, וואָס אין אים קומט פאָר און זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט ראַטעווען זיין רו, זיין ליבע צו איר, זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט ראַטעווען די גאַנצקייט פון זייער צוזאַמענלעבן...

מיט ווערטער, מיט אמת און אויפריכטיקייט. זי האָט דער-

ציילט איר באַציונג צו יענעם יונגנמאַן, וואָס ליגט דאָרט איצט אין זיין איבער־שטיבל מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, זי האָט נישט דורכ־געלאָזט קיין איין קלייניקייט. זי האָט דערציילט, ווי עס האָט איר געפעלט גאַנץ אָפט מיט ווער מען אַ וואָרט צו רעדן און ער פלעגט קומען און דערציילן פון וועלט און מענטש, ער פלעגט זי אויס־הערן, זי איז אים זייער דאַנקבאַר געווען פאַר זיין פריינטשאַפט. דערנאָך האָט ער גענומען קוקן אויף איר מיט אויגן פון אַ פאַר־ליבטן, זי האָט אים פאַרשטאַנען און נישט מער, ווי מיטגעפילט. איינמאָל האָט ער איר אַ קוש געטון, האָט זי אים באַפוילן, אַז מער זאָל דאָס נישט פאָרקומען. ער האָט געפאָלגט און זייער פריינט־שאַפט האָט זיך ווייטער געצויגן. זי האָט אָבער באַמערקט אין זיך, אַז פאַר דער צייט פון זייער באַקאַנטשאַפט האָט זיך אָנגעזאַמלט בא איר אַ געפיל צו אים... נישט קיין ליבע, נישט קיין בענק־שאַפט, נאָר אַ שטאַרקע פריינטשאַפט. אַ סך מאָל האָט זי גע־וואָלט, ער זאָל קומען, ער זאָל זיצן לעבן איר... אפשר דערפאַר, ווייל דו, קובאַ, ביסט אַזוי ווייניק געווען לעבן מיר, מיט מיר... און נעכטן באַנאַכט... ס'איז געווען אַ זינד און אַ נאַרישקייט, וואָס איך בין מיט אים אין וואַלד געגאַנגען... נאָר גראָד נעכטן, דאָרטן מיט אים אין וואַלד, האָב איך נאָכאַמאָל דערפילט דיין שטאַרקע קראַפט איבער מיר און איבער מיין שוואַכקייט, ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען קנישינסקי איז צו מיר צוגעפאַלן, האָט מיך געקושט און מיט די הענט אַרומגעכאַפט... פרעמדע הענט... פרעמדע, פרעמ־דע. איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון אים, דיין בליק האָט מיר אין יענער רגע פאַר די אויגן געשוועבט, דיין קול האָט מיך גערופן. און איך בין אַנטלאָפן, אַרויסגעריסן זיך פון די פרעמדע הענט און אַנטלאָפן, נישט געלאָזט אים נאָכלויפן... אָט אַזוי איז ער גע־בליבן אַליין באַם ברעג פון וואַלד. איך בין געקומען אַהיים, איך האָב געליטן צוליב זיך אַליין, איך האָב זיך געוווּנדערט אויף זיך אַליין, ווי אַזוי האָב איך אויף אַזאַ נאָענטקייט דערלאָזט צו זיך אַ פרעמדן מענטש? אָט דאָס איז אַלץ, באַגרייף מיך, שטראָף מיך, רעאַגיר, ווי דו פאַרשטייסט...

מער האָט זי נישט גערעדט און קובאַ האָט גאָרנישט גע־

ענטפערט. ער איז געזעסן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. ער האָט געטראכט פון דעם, וואָס ער האָט איצט אויסגעהערט. ער האָט בעלאָן געגלייבט... און געליטן פון איר אמת...

אין יענעם טאָג האָט ער נאָך געהאַט אַ סך אויסצושטיין: מען האָט באַדאַרפט קנישינסקין אָװעקשיקן קיין וואַרשע. דערנאָך איז געקומען פּאָליציי, מען האָט אויסגעפאָרשט דעם גאַנצן פּערסאָנאַל פון טאַרטאַק, מען האָט אויך בײַ קובאַ נעמזאַר געפרעגט, צי ער האָט נישט אויף וועמען אַ חשד?

ניין! ער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין פאַרוואָס און פאַר וועמען מען איז דעם קנישינסקין באַפאַלן.

דערנאָך איז אים געווען שווער צו זיין מיט מענטשן און שווער צו בלייבן מיט זיך אַליין... מיט איין האַלבן טאָג צוריק, דאָרט אין וואַגאָן, בעת ער איז געפאָרן צו זיין דאָמבראָוקע, איז זיין לעבן געווען גאַנצער... איצט? נאָך אַ שטיק באָדן איז אַרויסגעריסן פון אונטער זיינע פיס.

*

די מעשה מיט קנישינסקין איז פאַר קיינעם נישט אויפגעקלערט געוואָרן און די מענטשן פון טאַרטאַק, וואָס אַרבעטן שווער אַ גאַנצן טאָג, האָבן עס גיך פאַרגעסן. דער קנישינסקי איז דאָרט אין וואַרשע געזונט געוואָרן און איז אַוועק צו אַנדערע מענטשן. דאָ האָט דער טאַרטאַק געאַרבעט, ווי שטענדיק. ראַבינאָוויטש האָט פאַרשריבן און געחשבונט נעמזאַרס פאַרמעגן. אין די פרייע שעהן פלעגט ער זיך לאָזן צום ראַדיאָ-אַפּאַראַט. בײַ דעם ייד, האָט מען נישט געקאָנט וויסן, וואָס האָט ער מער ליב: דרייען די שרייפלעך פון ראַדיאָ-אַפּאַראַט, צי הערן די מוזיק? דערפאַר האָבן אַלע געוווּסט, אַז ער האָט זייער ליב צו טרינקען טיי, אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל, ער פלעגט עס זופּן לאַנגזאַם מיט דער אמתער הנאה פון אַ גרויסן נאַשער, און איינמאָל בײַ אַזאַ געשמאַק גלעזל טיי, האָט ער זיך אָנגערופן צו די איבעריקע מענטשן:

— מירן בלייבן אָן וואַלד, דער זומער רוקט זיך אַוועק, מען באַדאַרף באַנייען דעם קאָנטראַקט מיט קאָסטעניצקין און אונזער

באַלעבאָס טוט גאָרנישט, איך דערקען אים גאָרנישט, דעם נעמזאָרן, ער איז אַזוי ווי גלייכגילטיק געוואָרן צו אַלע זיינע געשעפטן...

אין דער זעלבער צייט איז קובאַ נעמזאָר געזעסן אויף זיין ווערא̇נדע און געלייענט בריוו און עפּעס געחשבונט. ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט זיין אַרבעט. אויף דער ווערא̇נדע איז אַרויפגעקומען בעלאַ, זי האָט שוין געוואָלט גיין צוריק, נישט שטערן אים, האָט קובאַ אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זי צוגערופן:

— בעלאַ! גוט וואָס דו ביסט דאָ, איך וויל מיט דיר רעדן, זעץ זיך!

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט.

— געדענקסט? בעלאַ! אין יענעם פרימאָרגן, ווען דו האָסט מיר דערציילט וועגן קנישינסקין, דו האָסט דעמאָלט געוואָרפן אַ פראַזע: „פרעמדע הענט". פרעמדע הענט האָבן דיך אַרומגעכאַפּט, דו האָסט זיך פון זיי אַרויסגעריסן און אַנטלאָפן...

— וועגן דעם האָט מען דאָך שוין אָפּגערעדט.

— ביסט גערעכט, צווי מאָל רעדט מען נישט וועגן אַזעלכע זאַכן. נאָר די פרעמדע הענט, די פרעמדע הענט כאַפּן אויך מיך אַרום. אומעטום, פון רוסלאַנד אָן, פיל איך אויף זיך די פרעמדע הענט, איך פיל, ווי זיי דריקן מיך אַלץ מער, מיינע ברידערס הענט זענען מיר פרעמד. די בריטישע האַנט פון קאָסטאַניצקין דריקט מיך פּיינלעך, מען באַגנבעט מיר מיין אַמביציע, מיין שטאָלץ... נישטאָ דאָ קיין באָדן פאַר מיר און איך וויל פונדאַנען אַנטלויפן... יאָ, בעלאַ! פרעמדע הענט ציען זיך צו מיר, צו מיין פאַרמעגן, צו מיין איניציאַטיוו, צו מיין... ווייב. און איך פיל, אַז איך באַדאַרף עפּעס טון, איך פיל עס שוין לאַנג און לעצטנס האָב איך פעסט באַשלאָסן: איך פאַרקויף דעם טאַרטאַק, איך ענדיק מיט דאָמבראָווקע און איך פאָר, איך וויל פאָרן מיט דיר, מיט די קינדער קיין קאַנאַדע...

בעלאַ האָט אויפגעהויבן אויף אים די אויגן...

— יאָ! וווּנדער זיך נישט, יצחק סטאַמיאַטיטשערס בריוו זענען מיר אין קאָפּ אַריין. איך האָב איצט אויסגעפאָרשט, נאָכגעפרעגט, איך טראַכט, אַז דאָרט איז פאַראַן פאַר מיר אַ פעלד צו

ארבעטן. יאָ, בעלאַ! יאָ, אַריבערפאָרן דעם ים, ווייט-ווייט אוועק-פאָרן, דאָס וועט אונז העלפן אַ סך זאַכן צו פאַרגעסן...

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז קאַנאַדע איז די שטראָף פאַר איר טישם דערגאַנגענע זינד, פאַר דער מעשה „קנישינסקי". זי איז געווען צופרידן, וואָס קובאַ רעדט צו איר מיט דעם אַלטן גוטן טאָן און אין איר קאָפּ זענען דורכגעפלויגן רעפלעקסן: אַ ווייטע רייזע, אַ נייַ לאַנד, נייַע איבערלעבונגען.

זי האָט געשמייכלט פון איבערראַשונג און אפשר אויך פון פרייד.

אין דעם זענען די קינדער אַרויסגעלאָפן אויף דער וועראַנדע. קובאַ בעמזאַר האָט צוגערופן באַרקען:

— דו ווילסט פאָרן אויפן ים?

— יאָ, פּאַפּאַ!

— קיין קאַנאַדע, קיין אַמעריקע?

— יאָ, פּאַפּאַ... ווען וועלן מיר דאָרט פאָרן? [?]

בעמזאַר האָט זיך שטאַרק דערפרייט פון אַזאַ פראַגע. ער האָט באַרקען אויף די קני אַרויפגעכאַפּט און געקושט דאָס גע-לאָקטע קעפּל. בעמזאַרס געדיכטע, קורצע באָרד האָט זיך גע-טונקלט אין באַרינאַס לאָקן און דער קלענערער יאַשעק, ווען ער האָט דערזען, אַז דער טאַטע קושט באַריען, איז ער צוגעלאָפן צו דער מאַמען און מיט די דינע הענטלעך אַרומגענומען איר קאָפּ און זיך געלאָזט קושן...

סוף זומער איז דאָס געווען און אין יעשן-צייט האָט שוין ראַבינאָוויטש געזופּט טיי בײַ דעם נייַעם אייגנטימער פון דאָמבּ-ראָוועער מאַרטאַק...